# סאָוועטיש היימלאַנד

צווײ־חדשימדיקער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון סססר

דריטער יאָרגאַנג

יולי 4 אויגוסט

1963

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

# אינהאַלט

זײַט



## ווערק פון די פּראָגרעסיווע שרײַבער פון יִשׂראָעל



## ליטעראַטור און קונסט



---

# דיין פאָן די רומפּולע

צום 60־טן יאָרטאָג פון II צוזאמענפאָר
פון דער רסדאפ

דיין פאָן די רומפּולע, זי פלאטערט זעכציק יאָר,
זי ווערט ניט אלט — אלץ יינגער ווערט זי ווידער!
פון שיינעם טרוים געוואָרן לעבעדיקע וואָר,
און אלע פעלקער פון מיין היימלאנד האָסט פארברידערט.

זאָל זיין געבענטשט דיין פאָטערלעכע האנט,
וואָס העלפט א דאָמנע בויען, לאָזן נייע פאזאָטראָנען,
דאָס שענסטע, וואָס מיר שאפן דאָ אין לאנד,
פארבינדן מיר געווייגלעך מיט דיין נאָמען.

אין שווערע טעג, אין שלאכטן אָן א שיר,
ווען ס'איז געהאנגען אף א האָר דאָס לעבן,
דאָס ערשטע וואָרט, דאָס ערשטע וואָרט — פאר דיר,
און אויך דאָס לעצטע וואָרט — דאָס לעצטע דיר געגעבן.

איצט פירסטו אונדז צו נייע הייכן מיט דערפאָלג,
ווי שטראָמען פרילינגדיקע, דיינע לידער רוישן,
דיך גריסט, פארטיי מיינע, דאָס האָרעפּאשנע פאָלק,
א דאנק דיר פאר דיין טרייהייט, פאר דיין יוישער!

דאָוויד בראָמבערג

נאָטע לוריע




## קאַפּיטל איינס

רום נײַן אַזייגער אין אָוונט, ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט די באַראַטונג פון די פּאַר־געשריטענע בריגאַדירן פונעם הולײַפּאָליער ראַיאָן, איז שעפּטל קאָבילעץ אינײַנעם מיטן טומלדיקן אוילעם אַרויס עטוואָס אַן אופגערודערטער פונעם נײַ־אויסגעבויטן קולטור־הויז.

אינעם בלוילעכן דרויסן האָט געאָטעמט מיט פרישקײַט. די בריגאַדירן זײַנען זיך צעגאַנגען איבער דער אויסגעברוקירטער גאַס: ווער צום גרעאַמען קאָלווירטישן אײַנפאָר־הויף, וואָס האָט זיך געפונען אפן סאַמע ראָג לעבן קינאָ־טעאַטער, ווער צו באַקאַנטע אף די דערבײַיִקע גאַסן, ווו אין די גרויסע קילע הויפן זײַנען געשטאַנען זייערע וועגענער, לײַכטע בעדאַרקעס אף רעסאָרן און אויסגעזאָטלטע פערד, אף וועלכע זיי זײַנען זיך צונויפגעפאָרן אהער, קיין הולײַפּאָליע, פון די נאָענטע און ווײַט־פאַנאַנדערגעוואָרפענע קאָלווירטן פונעם ראַיאָן.

די באַראַטונג האָט זיך פאַרצויגן א סאַך מער, ווי זיי האָבן געהאַט אויסגערעכנט, און אף וויפל ס'איז געווען סאַמע ערעוו שניט־צײַט, האָט יעדער פון זיי געײַלט נאָך הײַנט זיך אומקערן אהיים. נאָר שעפּטל קאָבילעץ האָט פעסט געהאַט באַשטימט צו פאַרהאַלטן זיך, אויסנוצן די געלעגנהײַט, וואָס ער איז דאָ, אין הולײַפּאָליע, קעדיי זיך זען מיט עלקען.

נאָך מיט עטלעכע כאָדאָשים צוריק, אָנהייב אַפּרעל, ווען דער סעקרעטאַר פונעם ראַיאָנעם פאַרטיי־קאָמיטעט מיקאָלע סטעפּאַנאָוויטש איוואַשטשענקאָ איז געווען בא שעפּטלען אין בריגאַדע, האָט ער דערציילט קאָבילעצן, אַז עלקע האָט זיך אומגעקערט מיט איר טעכטערל קיין הולײַ־פּאָליע, אַז פאַר די יאָרן, וואָס זי איז ניט געווען דאָ, איז איר אויסגעקומען א סאַך איבערצולעבן. אין א צוזאַמענשטויס אף דער גרענעץ מיט מאַנטשזשוריע איז אומגעקומען איר ברודער, און ביכלאַל איז אף איר גוירל זייער א סאַך אויסגעפאַלן. דאָך איז זי פאַרבליבן ענערגיש, ווי פריִער, און אַרבעט אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר אין ראַיאָנעם פונקט פון „זאַגאָטזערנאָ“.

פון זינט שעפּטל האָט זיך דערוווּסט, אַז עלקע האָט זיך אומגעקערט קיין הולײַפּאָליע, האָט אים ניט געלאָזט צורו דער נאָגנדיקער פאַרלאַנג צו זען זיך מיט איר.

לעבנדיק העכער אַכט יאָר מיט זעלדען, וועלכע האָט אים געבוירן פיר קינדערלעך, איינס גרעאָטענער פונעם אַנדערן, האָט ער איצט שוין זיכער ניט געהאַט צו עלקען יענע ערשט געפיל, וואָס אַמאָל, ווען ער איז ניט געשלאָפן קיין נעכט צוליב איר און געטרוימט, אַז זי וועט זײַן די באַלעבאָסטע בא אים אין שטוב. נאָר דאָך איז אים עלקע פאַרבליבן נאָענט און טײַער, ווי אין איר זאָל זײַן פאַרבאָרגן א וועזנטלעכער טייל פון זײַן אייגן לעבן. און כאָטש ס'איז שוין אַכט יאָר, ווי זיי האָבן זיך ניט געזען, זײַנען ביז הײַנט מיט עלקען פאַרבונדן זײַנע בעסטע געפילן.

ער האָט דעריבער לאַנג געזוכט א געלעגנהײַט אַראָפּצוכאַפּן זיך קיין הולײַפּאָליע. נאָר עס איז גראָד געווען די הייסע צײַט פון פעלד־אַרבעטן און ער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען איבער־לאָזן די בריגאַדע אַפילע אף איין טאָג.

איצט אָבער, זײַענדיק אף דער באַראַטונג, האָט ער באַשטימט זיך זען מיט איר. בא אים האָט ערגעץ אַפילע געטליִעט א האָפענונג, אַז, דערוויסנדיק זיך וועגן דער באַראַטונג, וועט זי אַליין קומען אהער. יעדעס מאָל, ווען ס'האָט זיך געעפנט די טיר, האָט ער א באַאומרויִקטער זיך אומגעקוקט. נאָר אומזיסט, די באַראַטונג איז שוין געגאַנגען צום סאָף און עלקע איז ניט געקומען.

גיין צו איר אף דער ארבעט, ווו ס'איז שטענדיק פול מיט מענטשן, האָט זיך אים ניט געוואָלט, בעסער גיין צו איר אהיים.

באַטאָג, אין צײַט פון איבעררײַס, איז שעפּטל ניט געגאנגען מיט די בריגאַדירן עסן מיטיק אין דער ראַיאָנער „אידאַלניע", נאָר ער האָט אוועקגעײַלט אין ראַי־אויספּירקאָם און דאָרט זיך דערוווּסט עלקעס אדרעס. זי האָט געוווינט גאַנץ ווײַט פון צענטער, נאָך דער הילצערנער בריק, אינעם ניט לאַנג צוריק אויסגעבויטן צווייִשטאָקיקן הויז.

אפן וועג צום ראַי־אויספּירקאָם האָט שעפּטל זיך ארײַנגעכאַפּט אין ראַיאָנעם אוניווערמאַג און, איבערקלײַבנדיק די קינדער־שפּילעכלעך, באַטראַכטנדיק די פּרײַזן, זיך לאַנג פאַרהאַלטן, ביז ער האָט, סאָפּקאָלסאָף, געקויפט א רויט־בלויע פּילקע, א פּײַפעלע, א מויל־האַרמאָניק און נאָך עטלעכע קלייניקײַטן פאַר זײַנע קינדער און א פאַרביק פּושקעלע מיט מאָנפּאַסיע פאַר עלקעס טעכטערל. די מאַטאָנעס, אײַנגעוויקלטע אין א גרויס געל פּאַפּיר, האָט ער אָפּגעטראָגן אין קאָל־ווירטישן אײַנפאָר־הויז, באַהאַלטן אין בעדאַרקע אונטער דער זיצלקע. דאָס פּושקעלע מיט מאָנ־פּאַסיע האָט ער געגומען מיט זיך אין קעשענע.

און אָט איצט, ווי נאָר די באַראַטונג האָט זיך פאַרענדיקט, איז ער עטוואָס אַן אופגערודער־טער ארויס פון קולטור־הויז און, ניט וואַרטנדיק אף קיינעם, זיך געלאָזט גיין ארוף גאַס. ער האָט ניט באַוויזן אָפּגיין ביזן ראָג, ווי ס'האָט אים דעריאָגט דער בריגאַדיר פונעם שכיינעסדיקן וועסיאָלאָקוטער קאָלווירט.

— קאָבילעץ, — האָט ער אים א רוף געטאָן, — מיר פאָרן אהיים?

— איך וועל נאָך... איך דאַרף זיך נאָך פאַרהאַלטן א ביסל. — האָט שעפּטל פאַרלוירן געענטפערט.

— נו, איז גיב פאַרייכערן.

שעפּטל האָט שווײַגנדיק ארויסגעשלעפּט פון דעם גלאַט־אויסגעפּרעסטן ווײַסן לײַנענעם פּידזשאַק אַן ערשט אָנגעהויבן פּעקל ניט טײַערע פּאַפּיראָסן און דערלאַנגט אים.

— איז פאָרסטו איצט ניט? — האָט דער וועסיאָלאָקוטער בריגאַדיר ערנסט א פרעג געטאָן, צורייכערנדיק דעם פּאַפּיראָס. — נ־נו, נו, זע נאָר, — האָט ער, פאַרזשמורענדיק עטוואָס אַן אויג, א זאָג געטאָן, — זע נאָר, אז נאָך דעם, ווי מע האָט דיך געלויבט אף דער באַראַטונג, זאָלסטו מיר...

ער איז נאָך א ווײַלע געשטאַנען און נאָכגעקוקט שעפּטלען. ער האָט אים גוט געקענט, שעפּטלען, נאָך ניט געוועזן אזא פאַל, אז עמעצער פון די בריגאַדירן פון די אַרומיקע שכיינעס־דיקע קאָלווירטן זאָל אײַנפירן עפּעס א נײַס בא זיך אין בריגאַדע און שעפּטל זאָל זיך גלײַך ניט דערוויסן וועגן דעם און ניט אַראָפּקומען צו זיי אף די קוקורוזע־לאַנקעס, צי אף די ווייץ־פעלדער, אָדער אף די בוריקעס־פּלאַנטאַציעס און נאָכגיין פּוסטריט, צו אלץ זיך צוקוקן, דערגרונטעווען זיך ביז יעדער קלייניקײַט, קעדיי איבערנעמען דאָס נײַע גלײַך צו זיך אין בריגאַדע ארײַן. ער האָט גוט געוווּסט, אז שעפּטל געהערט ניט צו יענע, וועלכע וועלן זיך גלאַט אַזוי, אָן א וויכטיקער סיבע, פאַרהאַלטן אפילע אף אַן איבעריקער מינוט. מיסטאָמע האָט ער זיך דערוווּסט, אז מע קאָן דאָ עפּעס קריגן פאַרן קאָלווירט פון די נײַע מאַשינעס און וויל פאַרלויפן דעם וועג, קאָלזמאַן קיינער ווייסט נאָך ניט וועגן דעם.

די הויפּט־גאַס איז שוין געווען העל באַלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפּעלעך און שטאַרק באַלעבט. פון פּאַרק האָט זיך דערטראָגן מוזיק, און ווי שטענדיק אין דער צײַט, ערעוו דעם אָפּרו־טאָג, איז די יוגנט א פאַרפּוצטע ארויס אף שפּאַציר.

שעפּטל איז מיט ברייטע טריט געגאַנגען אונטער די פאַנאַנדערגעוואַקסענע אַקאַציעס באַם סאַמע זײַט טראָטואַר, ניט אומקוקנדיק זיך אף די פאַרבײַגייענדיקע, ווי ער וואָלט מוירע האָבן, אז עמעצער פון די באַקאַנטע אין ראַיצענטער זאָל אים ניט באַגעגענען און ניט פאַרהאַלטן איצט.

אנטקעגן דעם ראַי־אויספּירקאָם האָט ער איבערגעשניטן דעם צענטראַלן פּלאַץ, ווו אין די זונטיק־טעג פלעגן זיך אויסשטעלן גרויסע זייער טומלדיקע קאָלווירטישע מערק, זיך פאַרנומען אף דער גרינער לאַנגער גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער הילצערנער בריק, און, אויסמײַדנדיק זי, ענדלעך פאַרקערעוועט מיט דעם נײַעם נאָך ווייניק באַגרינטן געסל.

שעפּטל האָט נאָך פונדערווײַטן דערזען דאָס צווייִשטאָקיקע הויז און דערפילט, אז דאָס האַרץ האָט בא אים מיטאַמאָל אָנגעהויבן אומרויִק קלאַפּן.

„אין אָט דעם הויז לעבט זי... ווי וועט זי אים באַגעגענען"...

פון די געדאַנקען זײַנען די טריט בא אים געוואָרן ניט זיכער און ער האָט א טראַכט געטאָן: „עפּשער אומקערן זיך, אײַנשפּאַנען די בעדאַרקע און הײַדא אהיים... אין דער היים וועט מען דאָך שוין באַנאַכט וואַרטן אף אים"... נאָר ער האָט געפילט, אז ער קאָן זיך שוין ניט אומקערן, און וואָס עס זאָל ניט זײַן, וועט ער סײַווי ארײַנגיין צו איר.

לעבן דער קאַליטקע איז אין אַ געקווייטלטן כאַלאַט, אין שטעקשיך געשטאַנען אַ פּולבלעכע פרוי און געקנאַקט קערלעך. שעפטל האָט בא איר אַ פרעג געטאָן, ווו וווינט דאָ דער שטעלפאַר־טרעטער פונעם דירעקטאָר פון „זאַגאָטזערנאָ". די פרוי האָט באַטראַכט שעפטלען און אָנגעוויזן אים אַפן מיטלסטן פליגל פונעם ערשטן שטאָק.

פאַרבײַגייענדיק דאָס באַלויכטענע פענצטער, האָט שעפטל צעטראָגן זיך אומגעקוקט. דורך דעם דינעם ווײַסן פאַרהענגל האָט ער באַמערקט עלקען.

דאָס האַרץ האָט בא אים אופגעצאַפּלט, ווי אַמאָל.

כאָטש שעפטל האָט שוין עטלעכע כאָדאָשים אָף זיכער געוווּסט, אַז עלקע איז ווידער דאָ, אין הוליײַפּאָליע, האָט זיך אים ביז איצט דאָך אַלץ עפּעס ניט געגלייבט, אַז זי איז אַזוי נאָענט פון אים.

און אָט — אָט שטייט ער לעבן איר טיר...

שעפטל האָט עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד אויסגעווישט מיטן טיכעלע דעם שווייס, וואָס איז אַרויסגעטראָטן בא אים אַפן שטערן, אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דעם קאָלנער פון פּידזשאַק און ניט דרייסט אָנגעקלאַפּט.

קיינער האָט ניט געענטפערט. פון צימער האָט זיך דערטראָגן אַ טומל. שעפטל האָט גלײַך דערקענט עלקעס שטים. זי האָט הויך גערעדט, קימאַט געשריִען, קאָנטיק אַפן קינד: „וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, זאָלסט ניט טשעפּען דעם טינטער, נו, וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט דיר"...

דאָס מיידעלע האָט וויינענדיק עפּעס געענטפערט. שעפטל האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אָנגעקלאַפּט שטאַרקער.

— ווער איז?

— מע קאָן... מע קאָן אַרײַן?.. — האָט שעפטל, אַ וויג טוענדיק זיך פון איין פוס אָף דעם אַנדערן, ניט מיט זײַן שטים אַ פרעג געטאָן.

אין צימער איז באַלד שטיל געוואָרן. דאָס מיידעלע האָט אופגעהערט וויינען. און שעפטל האָט, ווי עפּעס זייער אייגנס, דערקענט עלקעס ענערגישע און לײַכטע טריט. עלקע האָט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין עטוואָס פאַרלוירן אינעם העלן ציצענעם כאַלאַט. אין קאָרידאָר, ווו שעפטל איז געשטאַנען, איז געווען פינצטער, און זי האָט אים ניט דערקענט.

— צו וועמען דאַרפט איר? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

פון איר פראַגע האָט שעפטל זיך לאַכלוטן פאַרלוירן.

— מע קאָן... כ'מיין... ס'איז ניט שפּעט... — האָט ער, שווער איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, מיט דער הייזעריק־געוואָרענער שטים געפרעגט.

— צו מיר?.. וואָס האָט פּאַסירט?..

„זאָל זײַן, אַז זי דערקענט מיך ניט?" נאָר איצט זיך אויסדרייען און אַוועקגיין איז שוין געווען צו שפּעט. זײַענדיק שוין ניט גערן מיט זיך, איז שעפטל מיט צעטומלטע שווערע טריט ניט זיכער אַדורך דעם פּירהויז און, פאַרטשעפּענדיק זיך אין דער שוועל, אַ צעשטרייטער אַרײַן אין גוט־באַלויכטענעם קליינעם צימערל. דאָ האָט עלקע זיך אויסגעדרייט צו אים, געבליבן אַיין רעגע שטיין, ווי זי וואָלט ניט געגלייבט די אייגענע אויגן, און מיטאַמאָל אויסגערופן:

— שעפטל!?..

זי האָט זיך געלאָזט צו אים מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און ער, פון אומגעריכטקײַט, פון פאַרלוירנקײַט, פון צעטומלטקײַט, האָט איר בלויז דערלאַנגט די האַנט.

אָף איין רעגע איז עלקע געבליבן אין פאַרלעגנהײַט, זי האָט אָבער זיך גלײַך באַהערשט, גענומען זײַן ברייטע באַקאַנטע האַנט און שטאַרק געדריקט.

— שעפטל... זע... דאָס ביסטו... ביסט געוואָרן אַזאַ, אַז איך וואָלט דיך גאָרניט דערקענט...

— טאַקע? — האָט שעפטל אַ פּיר געטאָן מיטן אַקסל.

ניין, זי האָט זיך אים אַזוי בעשום־אויפן ניט פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך איר פאַרגעדענקט אַזאַ, ווי זי האָט אים געזען דעמלט, ווען ער איז פאַרבליבן אַליין, דער לעצטער אינדיווידואַל אַפן כוטאָר. שטענדיק, ווען זי האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן וועגן אים, איז ער אופגעקומען פאַר אירע אויגן אין דעם אויסזען, ווי זי האָט אים געטראָפן דעמלט לעבן דעם פאַרשנייטן גאָרטן מיטן צעפאָרענעם שליטן געשפּאַנט אין איין פערד, אין אַן אַלטן צעריסענעם פּעלץ, אין אַן אָפּגע־קראָכענער האָזנער הוט, אין צעפאָרענע, מיט שטרוי פאַרשטעקטע וואָליקעס, און ס'האָט איר ווײ געטאָן דאָס האַרץ פאַר אים.

איצט האָט עלקע געזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער שעפטל. ער האָט אַפילע אויסגעזען העכער, שטאַלטנער, און ס'האָט זיך געפילט אַ וועזנטלעכע ענדערונג אין זײַן האַלטן זיך, אין אַלץ. דאָס האָט זי דערפרייט און זי האָט זיך אַפילע אין דער שטיל איבערגענומען, וואָס ער איז געוואָרן אַזאַ.

— גוט, זייער גוט, וואָס דו ביסט אַרײַן... און איך האָב געמיינט... גיי ווייס... איז וואָס זשע שטייסטו?

עלקע האָט פֿון לאַנג זיך געהאַט אויסגעבענקט נאָך א נאָענטן מענטשן, און איצט, דער־זעענדיק אַזוי אומגעריכט אָט דאָ בא זיך אין צימער שפּעטלען, האָט זי זיך אַזוי דערפרייט, אַז זי האָט אין דער מינוט פאַרגעסן אין אַלע אירע דײַגעס און זאָרג.

— זייער גוט, וואָס דו ביסט אַרײַן, — האָט זי איבערגעכאַזערט, — כ'האָב שוין לאַנג... — און מיטאַמאָל זיך אַליין איבערגעשלאָגן, — פונקט אַזאַ אומאָרדענונג אין צימער... דאָס האָט סוועטקע, די טאָכטער מײַנע, דעם טינטער איבערגעקערט, — עלקע האָט זיך אומגעקוקט אָף דעם פאַרשולדיקטן מיידעלע, וואָס איז א בלייכינקע געשטאַנען אין ווינקל אין אויסגעטראָטענע סאַנדאַלן און מיט פאַרוויינטע אויגן פאַרכידעשט געקוקט אָף שפּעטלען.

— דאָס איז דײַן טעכטערל? — האָט שפּעטל געפרעגט און זיך פאַרקוקט אָפן קינד.

— דאָס איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג... נו, זעץ זיך, וואָס שטייסטו... אַזאַ גאַסט... ווען איך ווייס פריִער... אַנטשולדיק מיר... איין מינוט. איך וועל כאַטש עטוואָס צוקלײַבן, — זי האָט מיט גיכע באַוועגונגען גענומען אופראַמען אָפן טיש, — אַזאַ גאַסט, — האָט זי נאָך אַלץ, ניט קומענדיק צו־זיך, איבערגעכאַזערט, — ווען ביסטו געקומען?.. און אין כוטאָר?.. וואָס טוט זיך בא דיר אין דער היים?.. וואַרט צו... איין מינוט... וועסט מיר באַלד אַלץ, אַלץ דערציילן. — עלקע האָט פלינק פאַרשפּרייט א ריינעם גלאַט־אויסגעפּרעסטן טישטעך און, דערמאָנענדיק זיך, אַז זי איז אין כאַ־לאַטל, פאַרלוירן זיך, גיך פאַרכאַפּט עפּעס מיט זיך פון טשעמאָדאַן און א פאַרטראַגענע, מיט לײַכטע טריט אַרויס אין פירהויז.

שפּעטל האָט געמאַכט א פּאָר טריט און באַטראַכט דאָס געמיין־אויסגעשטאַטע צימערל: — „קאַנטיק, אַז ניט גרינג לעבט זיך איר דאָ".

אין דעם ווײַס אויסגעקאַלכטן צימערל איז בא דער וואַנט געשטאַנען א שמאָלער דיוואַן, אַרומגעצויגן מיט העל־בלוילעכן ציץ, אַנטקעגן א זויבער־ריין פאַרבעט בעט און א הילצערן קינדעריש בעטעלע. אינמיטן — א קליין פּירקאַנטיק פאַנער־טישל מיט צוויי בענקלעך. אין ווינקל, לעבן פענצטער, האָט פאַרנומען אַן עטאַזשערקע מיט ביכער. דער צווייטער ווינקל איז געווען ליידיק. אָף דער וואַנט איבער דער עטאַזשערקע איז געהאַנגען סטאַלינס באַרעליעף און דערבײַ אײַנגעפּאַסט אין אַן אויסגעשניצט רעמל א פאָטאָגראַפיע פון א מיליטער־מאַן.

שפּעטל האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אָט דער פאָלקאָווניק מיטן אָפענעם, פריילעכן און גוט־מוטיקן פּאָנעם איז עלקעס מאַן.

— קום אַהער... קום צו מיר, — האָט ער א רוף געטאָן צו זיך דאָס פאַרוויינטע מיידעלע, צוזעצנדיק זיך אָפן בענקל.

דאָס מיידעלע איז א ווײַלע נאָך געשטאַנען אומבאַוועגלעך און מיטאַמאָל, אַנטשליסנדיק זיך, צוגעלאָפן צו אים.

— און דאָס איז מײַן טאַטע... — האָט זי אים מיט קינדערשן שטאָלץ געזאָגט, אָנווײַזנדיק אָף דער פאָטאָגראַפיע.

שפּעטל האָט איצט באַמערקט, אַז זי איז זייער ענלעך אָפן טאַטן, — בא איר זײַנען אויך שיינע בלויע אויגן, — און ער האָט לײַכט א גלעט געטאָן מיט זײַן ברייטער שווערער האַנט איר קעפּל מיט די ווייכע לײַנענע האָר.

— ווי רופט מען דיך? — האָט שפּעטל געפרעגט, נעמענדיק זי צו זיך אָף די קני.

— סוועטע.

— און די פאַמיליע דײַנע?

— אָרעשינאַ, — האָט זי מיט א ווײַנענדיקער שטים געענטפערט, — און איך בין ניט שולדיק, וואָס דער טישטעך האָט זיך פאַרליאַפּעט.

— נו, פאַרשטייט זיך, — האָט שפּעטל זי אונטערגעהוידעט אָף די קני, — וויבאַלד דער טישטעך האָט זיך פאַרליאַפּעט, איז דער טישטעך מיסטאָמע אַליין שולדיק...

— ניין, ניט דער טישטעך. שולדיק איז דער טינטער. ער האָט זיך אַליין איבערגעקערט.

— אַליין? טאַקע? אָט האָסטו דיר!.. וויאַזוי האָט ער עס אַלייך גענומען און זיך איבער־געקערט?

— דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט שטיין אָף איין פיסל, — האָט זי זיך פּלוצלינג צעלאַכט.

— אָט ווי!.. — האָט שפּעטל הילכיק א קנאַק געטאָן מיט דער צונג, — און דו קאָנסט שפּרינגען אָף איין פיסל?

— אַפילו ביזן סאַמע פענצטער.

— נו, אויב אזוי, קומט דיר טאקע א מאטאָנע, — שעפטל האָט ארויסגענומען פון קעשענע די פארביקע פושקע מיט מאַנפּאסיע און געגעבן סוועטען.

— אוי, ס'ארא שיין פושקעלע, — האָט סוועטע אויסגעשריַען. זי איז אראָפּגעשפרונגען פון שעפּטלס קני און אוועקגעלאָפן אנטקעגן עלקען, וועלכע איז, פאריכטנדיק די האָר, אַריַיק אריַין.

— מאמע, זע!.. — האָט זי פריילעך געקלונגען מיט דעם בלעכענעם פושקעלע.

עלקע איז געווען איבערגעטאָן אין א ציכטיק ווייס קאָפּטעלע און אין א בלאָוו שעוויאָטן קליידל, וואָס האָבן שיין ארומגענומען איר שלאנקן קערפּער.

— איך זע, איר האָט זיך שוין באפריַינדעט, — האָט זי אומעטיקלעך א שמייכל געטאָן, — איין מינוט נאָר, שעפּטל... סוועטע, צײַט שלאָפן, — האָט זי שטרענג געזאָגט, און גענומען באלייגן דאָס קינד אין דעם אויסגעבעטן בעטעלע.

„ווי זי איז וווּיל", האָט שעפּטל פון דער זײַט געקוקט אף איר. וויפל יאָר אדורך און זי איז פארבליבן די זעלבע שיינע און שלאנקע עלקע... דער גאנג, ווי דעמלט... די האָר באגיל־דעטע, ווי דעמלט... זיי זײַנען איצט נאָר א ביסל לענגער, פון אונטן געקרײַזלט און דערגרייכן קימאַט ביז אירע אקסל. ס'האָט פון איר געעטעמט מיט פרישקײַט, מיט זויבערקײַט.

עלקע האָט אוועקגעלייגט דאָס קינד שלאָפן, צוגעגאנגען צום טיש און באמערקט, אז שעפּטל נעמט ניט אראָפּ די אויגן פון איר.

— וואָס, איך האָב זיך שטארק געענדערט? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— פארקערט... איך... איך האָב דיך פארגעדענקט אָט אזא... אזא, ווי איך האָב דיך דערזען דאָס ערשטע מאָל...

— און איצט זעסטו פאר זיך גאָר אן אנדער עלקע, א, שעפּטל?

— פארוואָס?.. — האָט ער, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, ארויסגערעדט און דערפילט אין דער זעלבער רגע, אז ער איז רויט געוואָרן.

עלקע האָט לויט איר אלטער געוווינהײַט לײַכט פארוואָרפן די האָר אהינטער. — אוי, שעפּטל, וויפל איך האָב פאר אָט דער צײַט איבערגעלעבט, — האָט זי טרויעריק געזאָגט, — פרעג בעסער ניט...

שעפּטל האָט פאַרזיכטיק א קוק געגעבן אף דער פאָטאָגראפיע, וואָס איז געהאנגען איבער דער עטאַזשערקע. ער האָט ניט געוווּסט, וועגן וואָס עלקע רעדט, נאָר פארשטאנען, אז עפּעס איז מיט איר מאן געשען.

— ווען דו ווייסט, ס'ארא מענטש ס'איז אלעקסיי. — זי האָט גיך, ווי זי וואָלט ניט וועלן, אז שעפּטל זאָל באמערקן, א וויש געטאָן מיט דעם טיכעלע די פײַכט־געוואָרענע אויגן. — און פאר וואָס?.. און מײַן ברודער שמערלען געדענקסטו? אומגעקומען בא דער גרענעץ... אנטשול־דיק, — האָט זי מיטאמאָל זיך א כאַפּ געטאָן, — זיך פארעדט... ניט פאר יעדן איינעם ווערסטו אויסריידן דאָס הארץ.

— דערצייל פריִער דו, — האָט זי זיך אומגעקוקט אפן קינד, וואָס איז נאָך ניט געשלאָפן, — וואָס מאכסטו?.. א ביסל ווייס איך. איוואשטשענקאָ האָט מיר דערציילט. וואָס מאכט זעלדע? נאָך אזוי שיין, ווי געווען?

שעפּטלען איז אָנגענעם געווען, וואָס עלקע רעדט אזוי וועגן זעלדען.

— איך וואָלט זי זייער וועלן זען, און די קינדערלעך... איך שטעל זיך פאָר, ווי פריילעך ס'איז בא דיר אין שטוב. ווי אלט זײַנען זיי?

— דעם עלטערן, שמועלקען, איז שוין געוואָרן זיבן יאָר, א פאָלנער פארעבאָק... און די איבעריקע קאָמאנדע — אף צוויי יאָר יינגער איינס פונעם אנדערן. עסטערקען איז פינף, טײַבע־לען — דרײַ און דעם סאמע קלענסטן, שאָלעמקען, איז אָקארשט, פונקט פאראכטאָגן שאבעס, געוואָרן א יאָר... ס'איז יענע כאַפּטע, סאקאָנעס־נעפאָשעס, דער סאמע קלענסטער איז גאָר א באַרדאס...

— געראָטן מיסטאמע אין דיר, — בא עלקען האָט זיך באוויזן א קוים באמערקבארער שמייכל אף די ליפּן.

— ניין, דאפקע ניט. די מיידלעך זײַנען נאָך א ביסל ענלעך אף מיר, נאָר די יינגלעך אינ־גאנצן אף דער מאמען, אף זעלדען.

— יאָ, און די מאמע דײַנע... וואָס?

— די מאמע, דאנקען גאָט, שוין בא די זיבעציק. נאָר נישקאָשע, זי העלפט נאָך א ביסל אין שטוב.

— מיך, מיסטאמע, געדענקט זי שוין ניט...

— פארוואָס? אָט דאָ ניט לאנג, ווען איוואשטשענקאָ האָט דערציילט וועגן דיר, האָט זי זיך אפילע דערמאָנט, ווי דו ביסט אריַין צו אונדז אין הויף און געהאָלפן צודעקן דעם וואָרעך...

— טאקע? — האָט עלקע זיך דערפרייט. — ריכטיק. כ'האָב טאקע צוגעדעקט. ס'האָט זיך געקליבן אף א רעגן. און דו ביסט ניט געווען. באנאכט נאָכדעם האָט מען מיך פארווונדעט. דוכט זיך, ערשט ניט לאנג איז עס געווען און שוין אזויפיל יאָר אדורך...

— און דו האָסט זיך אפילע ניט פארבענקט... וויפל ביסטו שוין דאָ אין הוליַפּאָליע? דריַ כאָדאָשים... וויאַזוי כאַפּסטו זיך ניט אראָפּ צו אונדז א קוק טאָן כאָטשבי ווי עס זעט אויס דער כוטאָר, דער קאָלווירט?.. דו האָסט דאָך אים אָרגאַניזירט... ווּעסט איצט ניט דערקענען בוריאַנאָווקע...

— זיך שוין לאנג געקליבן, נאָר פרעג, צי האָב איך געהאַט א פריַע מינוט. איצט, עמעס, איז שוין גרינגער. איך וועל אומבאדינגט צופאָרן. א שפּאַן האָבן מיר אן אייגענעם. א ברישקע מיט צוויי ריסאַקעס...

— מאמע, איך וויל אויך פאָרן, — האָט סוועטע זיך אופגעזעצט אין בעטל, האלטנדיק דאָס פּושקעלע מאַנפּאַסיע אין האַנט.

— פארוואָס שלאָפסטו ניט? — עלקע האָט זיך אופגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו איר.

— איך וויל ניט שלאָפן, — האָט סוועטע זיך צעוויינט, — איך וויל אויך פאָרן.

— נאָר ניט געוויינט!..

— מע דאַרף ניט וויינען, — האָט שעפטל זיך אויך אופגעהויבן, — ווילסטו פאָרן, איז וואָסי דאָ צו וויינען? קום פאָרן מיט מיר. ווילסט?

— איך וויל, — האָט זי געזאָגט, צעשמירנדיק מיטן פויסטל די טרערן אפן פּאָנעם, — און... און מיט וועמען וועל איך זיך דאָרט שפּילן?

— אָ, בא מיר פאראַן א מיידעלע, ווי דו, און א יינגעלע א ביסל עלטער, און א מיידעלע א ביסל יינגער, און נאָך א יינגעלע — שאַלעמקע, א קליינינקער... אַהאָ, מיט וועמען זיך צו שפּילן ווּעסטו האָבן, און א קאַץ איז בא אונדז פאראַן, און א הונט, און טויבן א פולער בוידעם...

— און וואָס נאָך?

— און אף דער פערמע זיַנען פאראַן אינדיקעס — האָלדער־האָלדער, און קאַטשקעלעך, און גענדז...

— און וואָס נאָך?

— און כאַזיירימלעך, און קעלבעלעך, און לאָשיקעס... ריַטנדיק קענסטו פאָרן?

— ריַטנדיק?

— יאָ, ריַטן אף אן עמעסן פערד. ניין? וועל איך דיך אויסלערנען.

— אן עמעס, מאמע? — האָט זי זיך אומגעקוקט מיט די בלויע אויגן אף עלקען.

— דריי זיך אויס מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און שלאָף. אז איך וועל פאָרן, וועל איך דיך מיטנעמען, גוט?

— גוט, — האָט סוועטע א שאָקל געטאָן מיטן וויַסן לייַנענעם קעפּל, — נאָר זאָל דער דיאַדיע ניט אוועקגיין, א, מאמע... זאָל דער דיאַדיע בליַבן בא אונדז...

— דעק זיך שוין צו און שלאָף, — האָט עלקע אינדערעמעסן זיך א בייזער געטאָן, — שוין שפּעט... דיר איז שוין לאנג צייַט שלאָפן.

— א טיַער טעכטערל בא דיר, — האָט שעפטל אין א וויַלע ארום שטיל געזאָגט.

עלקע האָט אָנגעצונדן דאָס קליינע טישלעמפּל, וואָס איז באדעקט געווען מיט א גרינעם אבאַזשור, און אויסגעלאָשן דעם גרויסן לאָמפּ. אין צימער איז געוואָרן טונקעלער און אפילע אָנגענעמער.

— צו דער שיַין איז זי געווינט, — האָט עלקע ניט הויך געזאָגט.

עלקע האָט געעפנט דאָס פענצטער, דאָס לייַכטע פאַרהענגל האָט זיך א וויג געטאָן און ס'האָט פון דרויסן א צי געטאָן מיט פרישער לופט. ערגעץ וויַט, קאַנטיק אין פּאַרק, האָט נאָך געשפּילט מוזיק און ס'האָבן זיך דערטראָגן אהער עטוואָס פאַרטויבטע קלאַנגען פון א באַ־קאַנטן וואַלס.

זיי זיַנען געזעסן, געקוקט איינער אפן אנדערן און געשוויגן.

— דו ווייסט, שעפּטל... — עלקע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זיך פאַרכאַפּט. — וועל איך בוריאַנאָווקע טאקע ניט דערקענען? און וואָס מאַכט כאָנציע? יאָ... און קאַלמען זאַהאָט?..

— וואָוּוען זיַנעם געדענקסטו? געווען בא דיר אין פּיאַנערן־אָטריאַד.

— כ'געדענק, פאַרשטייט זיך.

— שוין א כאָסנבאָכער. דער בעסטער טראַקטאָריסט בא אונדז. שפּאַצירט מיט כאָנציעס טעכטערל, מיט נעכאַמקען. געוואָרן א שיין מיידל, ווי גאָלד. ארבעט בא מיר אין בריגאַדע. אין האַרבסט, וויַזט אויס, וועלן מיר הוליען אף זייער כאַסענע...

— וואַרט צו... און ווער האָט עס געווינט אנטקעגן יודל פּיסקונען, אפן סאַמע עק גאָס?

— אנטאָן סלאָבאָדיאַן מיינסטו? דער מעכאַניקער אױף דער עלעקטראָסטאַנציע... געדענקסט, וווּ ס'איז געווען די ווינטמיל? דאָרט שטייט איצט די עלעקטראָסטאַנציע...

— און די הרעבליע איז געבליבן? — האָט זי שטיל געפרעגט.

שעפּטל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי זײַנען לאַנג געזעסן אַזוי איינער אַנטקעגן אַנדערן און געשוויגן.

מיטאַמאָל האָט עלקע פאַרוואָרפן די האָר און ווידער גענומען אים אויספרעגן וועגן יעדן איינעם, וועגן יעטווידער קלייניקייט. נאָר וועגן דעם, וואָס האָט געהאַט אַ שײַכות צו זיי ביידן, — וועגן דעם האָבן זיי מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט.

— זאָג מיר, און וואָס מאַכט דאַדיע בורלאַק, — האָט זי פאַרטראַכט אַ פרעג געטאָן, — ער ווױנט, דוכט זיך, פּונקט אַנטקעגן דיר, איבער דער גאַס...

— פּונקט אַנטקעגן... מאָרגן פּראַוועט מען בײַ זיי די גאָלדענע כאַסענע... — שעפּטל איז אַנשוויגן געוואָרן און נאָכדעם שטיל זיך אָנגערופן:

— נו, און וואָסי בײַ דיר?..

— וואָס זאָל איך דיר דערציילן? — דאָס פּאָנעם בײַ עלקען האָט זיך געענדערט. — מיך האָט געטראָפן איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן. פריִער דער ברודער... נאָכדעם אַלעקסיי... און אָט בין איך פאַרבליבן אַליין מיטן קינד... שוין באַלד פיר יאָר... פיר יאָר... ווי אַלעקסיי איז ניטאָ מיט אונדז... איך ווייס אַפילע ניט, ווו ער איז... צי ער לעבט... ער איז ניט שולדיק, אַלעקסיי... ניט שולדיק...

— אין וואָס? — האָט שעפּטל דערשראָקן געפרעגט.

— אין גאָרנישט... איך האָב געשריבן בעריאָן. פיר בריוו אים אַוועקגעשיקט. ענטפערט מען ניט.

שעפּטל איז געזעסן אַנטקעגן איר מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם און זיך אַפילע קיין ריר ניט געטאָן.

— אין אַכצעטן יאָר איז ער אױך שוין געווען אין פּאַרטיי... זיך געשלאָגן קעגן די ווײַסע, דרײַ מאָל פאַרווונדעט געוואָרן... און איצט... פאַר וואָס?.. אַ באַוווּסטער קאָנסטרוקטאָר... אינזשעניער־פּאָלקאָווניק פון אַוויִאַציע... נו, אָט... איך האָב דאָ ניט לאַנג געשריבן מאָלאָטאָוון... און דערווײַל איז קיין ענטפער ניטאָ. נאָר איך גלייב, די פּאַרטיי וועט זיך פאַנאַנדערקלײַבן... אַנדערש קאָן עס ניט זײַן.

— און וואָסי מיט דיר נאָכדעם געווען? — האָט שעפּטל מיט אַ געדריקטער שטים געפרעגט.

— נאָכדעם, — האָט עלקע זיך אָנגערופן, — כ'האָב זיך גענוג אָנגעמאַטערט... אױפן ווײַטן מיזרעך. ס'איז אַ סאַך צו דערציילן, שעפּטל... איך ווייס אַפילע ניט, וויאַזוי מיקאָלע סטעפּאַנאָוויטש האָט מיך אױפגעזוכט, אַרויסגערופן אַהער... און אָט... — זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבן, נאָר מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן און זיך גיך אױפגעהויבן. — זע נאָר. ווילסט דאָך מיסטאָמע עסן... איין מינוט נאָר...

— מע דאַרף ניט, עלקע, — האָט שעפּטל געזאָגט, כאָטש ער האָט פון אינדערפרי אָן גאָרנישט ניט געהאַט אין מויל, — איך בין ניט הונגעריק.

— קיין גרויסע מײַכאָלים האָב איך ניט, נאָר עפּעס־וואָס וועט זיך געפינען. — זי איז אַרויס אין פירהויז און אָנגעצונדן דאָרט דעם פּרימוס, באַלד האָט זי זיך אומגעקערט און אָנגעהויבן פלינק גרייטן צום טיש.

— אַז איך וויל ניט עסן...

— ווילסט מיך באַליידיקן? — עלקע האָט אַוועקגעשטעלט אױפן טיש אַ טעלער סאַלאַט, זויערמילך, אַ גלעזערנע בלאָווע סאַליאַרקע מיט זאַלץ און איז אַרויס אין פירהויז. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ פײַנקאָכן, וואָס האָט נאָך געזאָדן אױף דער אָנגעגליטער סקאָווראָדקע. זי האָט אַוועקגעשטעלט די סקאָווראָדקע אױף אַ טעלערל, זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך וועלן דערמאָנען, וואָס האָט זי נאָך צו דערלאַנגען צום טיש, און עטוואָס אַ מידע זיך געזעצט אַנטקעגן אים.

— ווען איך ווייס פריִער, וואָלט איך אַוודע צוגעגרייט עפּעס בעסערס.

— און ווי איז בײַ דיר מיט ברויט? — האָט שעפּטל אַ פרעג געטאָן.

— זע נאָר, אינגאַנצן פאַרגעסן, — איז עלקע אױפגעשטאַנען. — זי האָט אַרײַנגעטראָגן פון פירהויז אַ לעבל ווייצנברויט, אָנגעשניטן עטלעכע שטיקלעך און אַוועקגעלייגט אַנטקעגן שעפּטלען.

— אָן ברויט איז בײַ מיר דער שענסטער מײַכל קיין מײַכל ניט.

ער האָט באַמערקט, ווי, שנײַדנדיק דאָס לעבל, איז באַ עלקען פון אונטער די הענט אַראָפּ־געפאַלן אַפן דיל אַ קליין שטיקל ברויט. שעפטל האָט זיך אופגערודערט, אַ רוק געטאָן דאָס בענקל אין אַ זײַט און גענומען זוכן מיט די אויגן.

— זאָל זײַן... עס... איכ'ל נאָכדעם צוקלײַבן.

נאָר שעפטל האָט שוין ניט געקאָנט רויִק זיצן. ער האָט זיך אָנגעבויגן און, שאַרנדיק מיט דער האַנט, אָפּגעזוכט דאָס שטיקל ברויט, אופגעהויבן און אוועקגעלייגט באַזונדער, אין אַ זײַט, אַפן ברעג טיש.

עלקע האָט קוים באַמערקבאַר אַ שמייכל געטאָן.

— נו, עס, שעפטל... — האָט זי אים געבעטן, — פאַרזוך די רעטעכלעך... האָסט ליב?

— איך האָב ליב אַלץ, וואָס מע דערלאַנגט צום טיש... אין עסן בין איך ניט קיין איבערקלײַבער.

— און, פאַרשטייט זיך, נאָר מיט ברויט, — האָט עלקע זיך צעשמייכלט.

— נו, וואָס קאָן איך טאָן. אַפילע קאַשע עס איך אויך מיט ברויט.

— זע, שיר ניט פאַרגעסן, — האָט עלקע זיך אַ כאַפּ געטאָן, — איך האָב דאָך וואַרעניע פון פרישע אַגרעסן.

— אײַ, מע דאַרף ניט.

נאָר עלקע איז שוין געווען לעבן פענצטער און פון צווישן דער צווייענדיקער ראַם אַרויסגעקראָגן אַ באַנקעלע מיט אַגרעסן, נאָכדעם האָט זי אַרײַנגעטראָגן דעם טשײַניק און אָנגעגאָסן טיי אין די גלעזער.

— טרינק מיט די אַגרעסן, צוקער שיט אויך אַרײַן.

— אַ דאַנק, איך האָב געשאָטן, — שעפטל האָט אָפּגערוקט די צוקער־פּושקע.

— שאַ, באַ מיר איז דאָך פאַראַן האָניק.

— אַז מע דאַרף ניט.

נאָר זי האָט שוין ניט געקאָנט זיצן אַף אַן אָרט. זי האָט אויסגעשטעלט אַפן טיש אַלע מײַכאָלים, וועלכע זי האָט נאָר געהאַט, און זיך ניט באַרויִקט, ביז שעפטל האָט ניט פאַרזוכט פון יעדן מײַכל.

— פאַרייכערן קאָן מען באַ דיר? — האָט שעפטל אין אַ ווײַלע אַרום אַ פרעג געטאָן, אומקוקנדיק זיך אַף דעם פאַנאַנדערגעעפנטן פענצטער.

— רייכער, — האָט זי עטוואָס פאַרזאָרגט געענטפערט, אַלעקסיי פלעגט אַ סאַך רייכערן...

שעפטל האָט זיך דערפילט שולדיק, וואָס ער האָט מיט זײַן פראַגע פאַרשאַפט איר אַגמעס־נעפעש. אים האָט זיך געוואָלט זאָגן איר עפּעס גוטס, נאָר וואָס קאָן ער איר זאָגן, אַז זי איז שטענדיק אין זײַנע אויגן געשטאַנען העכער פון אים.

— וואָס זשע רייכערסטו ניט? — האָט עלקע שפּעטער אַ ווײַלע אַ פרעג געטאָן.

שעפטל האָט געקוועטשט לאַנג דעם פּאַפּיראָס צווישן די פינגער און נאָכדעם אַ צעדריבלטן אַרויסגעוואָרפן אים אינעם אָפענעם פענצטער.

— דעמלט האָסטו גערייכערט מאַכאָרקע...

— איצט האָב איך אויך ליב... געדענקסט, האָסט מיר איינמאָל געבראַכט פון קאָוואַלעווסקער סעלפּאָ אַ פּעקעלע...

— דו האָסט דאָ נאָך וואָס צו טאָן אין הולײַפּאָליע? — האָט עלקע, טראַכטנדיק וועגן אירס, אַ פרעג געטאָן.

— ניין, גאָרניט... נו, איכל גיין, — האָט ער שטיל געזאָגט און זיך אופגעהויבן.

— וואָס אײַלסטו זיך?

— ס'איז שוין שפּעט... די צוועלפטע שאָ...

עלקע האָט זיך אויך אופגעהויבן.

— ווו האָסטו זיך אָפּגעשטעלט?.. האָסט ווו צו נעכטיקן? — האָט זי פאַרזאָרגט אײַנגעהאַלטן געפרעגט.

— פאַרשטייט זיך!.. אין הויז פאַר קאָלווירטניקעס. ס'וואַרט אַף מיר אַ בעטל, — האָט שעפטל צעטומלט געענטפערט, כאָטש ער האָט מיט אַן אָרט צום שלאָפן זיך ניט געהאַט באַזאָרגט. דאָס קאָלווירטניקעס־הויז איז איבערפולט געווען מיט קורסאַנטן און קיין פרײַ בעטל איז דאָרט ביכלאַל ניט געווען. — אין קאָלווירטניקעס־הויז איז איצט אַ פאָלנע אָרדענונג. ריין. ציכטיק... זייער גוט, — האָט ער, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, צוגעגעבן.

— נו, איז וואַרט צו אַיין ווײַלינקע. איך וועל דיך באַגלייטן אַ ביסל.

באַ דעם קליינעם שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען אַף דער עטאַזשערקע, האָט זי פאַרקעמט די האָר, אַרופגעוואָרפן אַף די אַקסל אַ לײַכט שאַלעכל, און שטיל, אַף די שפּיצפינגער צוגעגאַנגען



צום קינדער־בעטל. סוועטע, עטוואָס א פארויטלטע, איז געשלאָפן, ניט ארויסלאָזנדיק פון האנט דאָס פושקעלע מאָנפּאסיע.

שעפטל איז אויך צוגעגאנגען אף די שפּיצפינגער צום בעטעלע, ווי ער וואָלט זיך שוויַיגנדיק געזעגנט מיט איר. עלקע האָט אף אים זייער ווארעם א קוק געטאָן און, אויסלעשנדיק די שיַין, ארויס מיט אים אין הויף.

לעבן דער גרין־אָפּגעפארבטער קאליטקע האָט עלקע פאריכט דאָס שאלעכל, וואָס איז געווען איבערגעוואָרפן בא איר איבער די אקסל, און געבליבן שטיין. שעפטל, וואָס האָט שוין געהאט אָנגענומען מיט דער האנט דאָס הילצערנע טירל, איז אויך שטיין געבליבן.

— נו, הייס מיר גיין, — האָט ער אין א וויַילע ארום שטיל זיך אָנגערופן.

— ס'ארא נאכט!.. — האָט עלקע פארטראכט געזאָגט. — קום, איך וועל דיך נאָך באגלייטן א ביסל...

מיט פאמעלעכע טריט זיַינען זיי אוועק לענגויס דעם ערשט ניט לאנג אספאלטירטן טראָטואר. זיי זיַינען געגאנגען זייער נאָענט איינס לעבן אנדערן, שיר ניט אָנרירנדיק זיך מיט די הענט, און געשוויגן.

די בלוילעכע באנאכטיקע לופט איז געווען פריש און אָנגעזאפּט מיט קאָלערליי מעכיַיעדיקע רייכעס. ערגעץ דאָ דערבײַ אינעם סעדל האָט געאָטעמט די פאנאנדערגעבליטע זייער צארטע בלוייַנקע מאטיאָלע, און דער דינער דופט, וואָס זי האָט איצט, באזונדערס באנאכט, פון זיך ארויסגעגעבן, האָט זיך צונויפגעמישט מיטן גערוך פון ניט לאנג אָפּגעשניטענעם היי, מיטן ביטערן פאָלין און מיט די שיקערנדיקע רייכעס פון פעלד־קוויטן, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן אהער פונעם סטעפּ.

אף דער הילצערנער בריק זיַינען זיי געבליבן שטיין. אונטן האָט מיט א שטיל געמורמל זיך געשלענגלט דאָס טיַיכל. דאָס פאמעלעך־פליסנדיקע וואסער האָט זיך ערטערוויַיז געפאלדעוועט און איז באזילבערט געווען פון דער לעוואָנע־שיַין.

שעפטל האָט ניט געיַילט פארייכערט, זיך אָנגעשפּארט אָן דער פּאָרענטשע פון בריק, גע־

קוקט אראָפּ אויפן פליסנדיקן וואַסער און געשוויגן. „אַט וועט זי באַלד אוועקגיין, עלקע, צו זיך, און ער... ער וועט אוועקפאָרן אין כוטאָר... און ס'האָט דאָך געקאָנט זײַן אַנדערש... ווען זי גייט ניט דעמלט נאָך דער פאַרזאַמלונג איינע אַליין באַנאַכט מיט דער פינצטערער באַלקע קיין קאָוואַלעווסק, וואָלט מען זי דעמלט ניט פאַרווונדעט, זי וואָלט פאַרבליבן אין כוטאָר, און ס'וואָלט דעמלט עפּשער אַלץ געווען אַנדערש"...

און עלקע איז געווען אײַנגאַנצן באַצויבערט פון דער נאַכט.

— ס'אַרא הימל... — האָט זי זייער שטיל געזאָגט און פאַרהייבן דעם קאָפּ צו די שטערן, טיף אײַנאָטעמענדיק אין זיך די קילבלעכע לופט, — אַזעלכע נעכט דערמאָנען מיר שטענדיק אָן בוריאַנאָווקע... מיר דוכט, ווען איך בין געווען דאָרט, זײַנען אַלע נעכט געווען אַזעלכע... עמעס, שעפּטל? — זי האָט לײַכט זיך אָנגערירט מיט איר פינגער אָן זײַן האַנט.

— אַ? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. — האָסט עפּעס געזאָגט?..

— וועגן וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, שעפּטל?

שעפּטל האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם ניט דערייכערטן פּאַפּיראָס מיטן נאָך גלײַענדיקן פײַערל אַראָפּ בריק אינעם קילבלעכן פליסנדיקן וואַסער אַרײַן און גאָרנישט ניט געענטפערט.

— וועגן וואָס האָסטו אַקאָרשט געטראַכט? — האָט זי ווידעראַמאָל שטיל געפרעגט.

— אָן אַנדערשמאָל, עלקע...

פון ערגעץ ווײַט, קאַנטיק פון סאַמע עק דאָרף, האָט זיך דערטראָגן אַהער אַ צעצויגן מיידלש געזאַנג און באַלד איז זיך אויך פאַרגאַנגען אַ האַרמאָניק.

— שעפּטל, — עלקע האָט זיך אָנגעבויגן צו אים, ווי זי וואָלט אים ווען עפּעס פרעגן, נאָר גלײַך אויפן אָרט איבערגעטראַכט.

— נו, גיי, גיי, שעפּטל, — און דערלאַנגט איר ווייכע וואַרעמע האַנט.

— עפּשער ווען מיר נאָך שטיין א ביסל? — האָט ער ניט דרייסט געפרעגט.

— שוין שפּעט, שעפּטל... א דאַנק, וואָס דו ביסט אַרײַן... וואָס דו האָסט ניט פאַרגעסן... גריס זעלדקען... די קינדערלעך... נו, גיי...

— זונטיק... איבעראַכטאָג זונטיק. וועל איך... וועלן מיר וואַרטן... וועסט קומען?

— יאָ. כ'וועל קומען, — האָט עלקע, דערוווײַטערנדיק זיך, געענטפערט.

— ס'ט ניט פאַרגעסן?

— ניט פאַרגעסן.

— איך וועל אַרויס צו דער הרעבליע דיך באַגעגענען!.. — האָט שעפּטל פונדערווײַטן איר נאָכגעשריִען.

## קאַפּיטל צוויי

פון פאַראַיאָרן ווינטער, זינט בא כאַנציען, דעם קאָלווירט-פאַרזיצער, איז געשטאָרבן דאָס ווײַב, מיט וועמען ער האָט אָפּגעלעבט עטלעכע און צוואַנציק יאָר אָט דאָ אויפן כוטאָר, איז באַלע־באָסטע אין שטוב פאַרבליבן די יינגערע טאָכטער נעכאַמקע.

די עלטערע — קרוינע, וואָס איז געווען ניט אַזוי שיין און כיינעוודיק, ווי נעכאַמקע, האָט שוין דאָס צווייטע יאָר געלערנט אין דער ווײַטער שטאָט באַם ברעג יאַם. אין שטוב האָט מען זיך איבערגענומען מיט איר, ניט דאָס וואָס מיט דער יינגערער.

די יינגערע, נעכאַמקע, איז געווען דאַפקע שיין פון קינדווײַז אָן און וואָס א יאָר איז זי געוואָרן אַלץ שטאַלטנער און שענער. לערנען אָבער האָט זי ניט איבעריקס געוואָלט. זי איז אַרומגעלאָפן גאַנצע טעג איבער פרעמדע הויפן, געשלאָגן זיך מיט די יינגלעך, געקראָכן אויף די ביימער און שטענדיק אַרומגעגאַנגען א צעדראַפּעטע.

נאָכן זיבעטן קלאַס האָט זי פאַרלאָזט די שול און איז אַוועק אַרבעטן צו שעפּטלען אין בריגאַדע. זי האָט ליב געהאַט דעם היימישן סטעפּ פאַר זײַן ברייטקײַט, פאַר זײַן שיינקײַט, פאַר זײַנע גערוכן, ווו מע קאָן זינגען אויפן גאַנצן קאָל און קיינער וועט דיר קיין וואָרט ניט זאָגן, ווו מע קאָן אין מיטיק-צײַט, ווען די זון שטייט איבערן סאַמע קאָפּ, זיך אויסציִען אין דער גאַנצער לענג, פאַרוקן דאָס קליידל צווישן די נאַקעטע פיס און קײַקלען זיך אַראָפּ בערגל איבער דעם אויסגעוואַרעמטן, ווייכן, שמעקנדיקן גראָז, וואָס גלעט דאָס פּאָנעם, קיצלט הינטערן אויער, און לאַכן, וויפל דאָס האַרץ גלוסט.

און כאָטש זי האָט אין שטוב ווייניק געפּאַלגט, איז אויף דער אַרבעט נעכאַמקע דאַפקע געווען צווישן די ערשטע, געטאָן אַלץ גיך און גוט, מיט אימפּעט, און ניט ווײַל עמעצער האָט איר געהייסן אָדער אונטערגעיאָגט, נאָר ווײַל איר אַליין האָט זיך אַזוי געוואָלט. שטענדיק איז זי געווען פריילעך, שטענדיק די ערשטע. ס'איז איר געפעלן געווען, וואָס אפילו שעפּטל, דער

שטרענגסטער בריגאַדיר, האָט זי געשעצט און זיך גוט באַצויגן צו איר. באַ אַלע אומשטענדן האָט זי געקאָנט זיך פרייען מיט עפּעס, און אַז זי האָט געלאַכט, האָט זי געלאַכט פון פולן האַרצן, מיט אַ מאָדנעם פאַרגעניגן, פאַרוואַרפנדיק דערבײַ אַהינטער דעם קאָפּ.

קאָלזמאַן די מאַמע האָט געלעבט, האָט נעכאַמקע אין שטוב קימאַט ווי גאָרנישט ניט געטאָן. געקומען מיטן זון־פאַרגאַנג פונעם סטעפּ, זיך אַרומגעוואַשן, אינדערגיך, שטייענדיק אַף איין פוס, אָפּגעגעסן, זיך איבערגעטאָן, פאַרפלאָכטן דעם לאַנגן צאָפּ, וואָס האָט איר דערגרייכט ביזן גאַרטל, און הײַדאַ... באַ די קאַליטקעס, לעבן די פּאַליסאַדניקעס האָבן שוין געוואַרט אַף איר די כאַוועריטעס און וואָווע זאַהאָט. יאָסקע פּיסקון, אַרומגערינגלט מיט כעוורע, האָט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן געצויגן די האַרמאָניק...

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען שפּאַצירט, געצונדן דעם שוואַרצן טרוקענעם קורײַ הינטערן סטאַוואָק און געשפּרונגען הויך איבער די פלאַקערנדיקע שײַטערס, געשפּילט אין כאַפּערלעך, מיט אַ קוויטשערײַ און געלעכטער זיך געיאָגט איבער דעם אויסגעטראָטענעם גליטשיקן גראָז איינער נאָכן אַנדערן, געזונגען די באַליבטע אוקראַיִנישע ליד „גאַליע“ און די ייִדישע פאָלקסליד „פּיטשײַעווער מיידעלעך“, געטאַנצט, און אַז קיינער האָט ניט געזען, האָט זי זיך געקושט מיט וואָווען...

קומען אַהיים פלעגט זי זייער שפּעט, אַ מידע, אַ פאַרפלאַמטע, אַ גליקלעכע, יעדעס מאָל אַ זיכערע, אַז קיין שענערער אָוונט, ווי הײַנטיקער, איז אַף איר לעבן נאָך ניט געווען, און, אויסטוענדיק לעבן שוועל די אויסגעטראָטענע טופליעס, פלעגט זי אַף די שפּיצפינגער, שטילערהייט אַרײַן אין שטוב, אַז דער טאַטע, פאַר וועמען זי האָט פון קינדווײַז אָן מוירע געהאַט, זאָל ניט הערן. אַ שמייכלענדיקע פלעגט זי זיך צולייגן אַף אַ פּאָר שאָ שלאָפן, צוטוליענדיק זיך מיטן קאָפּ צום קאַלטן קישן, און פאַרטאָג — שוין ווידער זײַן אַף די פיס; אַ פרישע, אָן איבערפולטע מיט פאַרגעניגנדיקע דערוואַרטונגען, אײַלן אַפן אופוואַכנדיקן מיט טוי־באַדעקטן סטעפּ.

אין טיפן האַרבסט, ווען עס האָט אָן אופהער גערעגנט, און אויך אין די ווינטערדיקע כאַדאָשים, ווען אַרבעט אין קאָלווירט איז געווען ווייניקער, איז זי אין דער פרײַער צײַט מער געווען באַ די כאַווערטעס און אין קלוב, ווי אין דער היים. זי פלעגט אַנטלויפן פון שטוב, ווײַל ס׳האָט זי געצויגן זײַן צווישן די כעוורע, און עפּשער אויך דערפאַר, וואָס עס האָט אַף איר געדריקט דעם טאַטנס באַשטענדיקע אָנגעכמורעטקײַט, זײַן שווערער שווײַגן. צווישן מענטשן — אין קאָלווירט־הויף, אַפן סטעפּ, אין קאָנטאָר — איז ער דאַפקע געווען באַריידעוודיק, פלעגט זיך אַפילע כאָכמענען, אונטערשמייכלען מיט דעם איינציקן אויג. נאָר אין דער היים, זינט זי געדענקט אים, האָט ער ווייניק גערעדט, זעלטן ווען אַ שמייכל געטאָן, געווען פאַרזאָרגט, און איר האָט זיך געדוכט, אַז ער איז שטענדיק מיט עפּעס ניט צופרידן.

דעריבער האָט זי זיך געסטאַרעט זײַן אין שטוב וואָס ווייניקער און אַף אַזאַ אופן זיך צוגעוווינט צו דעם, אַז זי האָט קימאַט אינגאַנצן ניט געהאָלפן דער מאַמען אין דער באַלעבאַטישקײַט.

נאָר אַלץ האָט זיך אומגעריכט געענדערט נאָכן פלוצלינגדיקן טויט פון דער מאַמען. נעכאַמקע איז פאַרבליבן אַליין מיטן טאַטן. פון דעמלט אָן האָט זיך אַרופגעוואַלגערט אַף איר די גאַנצע זאָרג וועגן דער מיטאָמאָל פוסט געוואָרענער שטוב און וועגן טאַטן, וואָס האָט אַף קיין האָר ניט געזאָרגט וועגן זיך. ער האָט געקאָנט אוועקפאָרן אַף אַ גאַנצן טאָג אין סטעפּ, ניט איבערבײַסנדיק, קומען אַ מידער, אַ פאַרשטויבטער שפּעט באַנאַכט און אַזוי ווי ער שטייט און גייט זיך צולייגן אַף דער הילצערנער האַרטער קאַנאַפּע אין אָנטאָן און אָפּשלאָפן ביז אינדערפרי.

קומענדיק פאַרנאַכט פון סטעפּ, האָט נעכאַמקע גענדאַרפט איצט ערשט נעמען קאָכן, וואַשן, ראַמען און וואַרטן ביז דער טאַטע וועט קומען אָפּעסן.

שוין שפּעט אין אָוונט פלעגט זי מיט אַ פאַרבענקט האַרץ צולויפן אין איבערגעפולטן קלוב, ווו וואָווע פלעגט געוויינלעך וואַרטן אַף איר.

מיט וואָווען האָט זי שפּאַצירט פון פאַראַיאָרן פרילינג. ער איז געווען עלטער פון איר מער ווי אַף פינף יאָר און פאַרן פריזיוו האָט ער זיך אַפילע ניט אומגעקוקט אַף איר. נאָר שוין אינעם ערשטן טאָג, ווען ער — דער ייִנגערער סערזשאַנט פון טאַנקען־מיליטער — האָט נאָכן אָפּדינען אומגעקערט זיך אַהיים, אין כוטאָר, האָט ער אין אָוונט, אַף דער באַגעגעניש אין קלוב, וואָס דער היגער קאָמסאָמאָל האָט צונויפגערופן, זי גלײַך באַמערקט. צווישן אַלע מיידלעך, וואָס זײַנען געווען אין קלוב, האָט זי זיך אויסגעטיילט מיט איר באַזונדערער שיינקײַט. אַלץ אין איר איז געווען עפּעס מעכײַעדיק ליב: אי דער באַהאַלטענער כויזעק־בליק פון די ברענענדיקע שטיפערישע אויגן, אי דער שמייכל, וואָס האָט געשפּילט אַף די ליפּן, אי דער שוואַרצער גלאַנציקער צאָפּ, וואָס איז באַ איר געפאַלן איבערן אַקסל, אי דער שטעל. יעדעס פעלדל אַפן קאָפּטעלע און אַפן קליידל האָט געשפּילט און געבעטן זיך: „גיב מיך אַ גלעט, ריר זיך צו מיר צו“... — און ס׳איז אים זייער וואַרעם געוואָרן אַפן האַרצן.

נעכאמקע האָט דעמלט גלײַך באמערקט, אז ער קוקט אַף איר. און ס'איז איר אָנגענעם און פריילעך געוואָרן פון דעם.

פון יענעם וווּנדערלעך־פרילינגדיקן אָוונט זײַנען אלע כעוורע פון כוטאָר מעקאנע געווען וואָווען, און די מיידלעך — נעכאמקען. זיי האָבן עס ביידע געפילט און ס'איז זיי געפעלן געווען.

יעדן פרײַען אָוונט פלעגן זיי, ניט צונויפגערעדט, זיך טרעפן אין קלוב אַף די טענץ, אָדער אינמיטן גאס אנטקעגן זאהאָן, ווו מע האָט זיך געקליבן רעדלעכווײַז און געזונגען, אָדער אינעם יונגן, ניט לאנג צוריק פארפלאנצטן גערטנדל לעבן דער נײַ־אויסגעבויטער געמויערטער שול, ווו יאַסקע האָט געשפילט אַף דער הארמאָניק, אָדער באם שײַטער הינטערן סטאַוואָק...

און כאָטש ארום איז געווען פול מיט יאַטן און מיידלעך, האָט זיי געדוכט, אז זיי זײַנען נאָר אינצווייען, ווי זיי וואָלטן זײַן אין א וואלד צווישן רוישנדיקע ביימער און קיינער זעט זיי ניט, און קיינער ווייסט ניט, ווי גוט זיי איז, — שוין נאָר פון דעם, וואָס זיי זעען זיך, וואָס זיי שטייען איינס לעבן אנדערן, וואָס פון צײַט צו צײַט רירן זיי זיך אָן אומבאמערקט מיט די הענט...

ער איז איר געווען זייער צום הארצן, וואָווע, אָט אזא ווי ער איז — מיט די קלײַען אפן הויכן שטערן, מיט דער עטוואָס פאריסענער נאָז, וואָס איז ארומגעברוינט געווען פון דער זון, מיטן לענגלעכן האלדז, מיט די קורץ אונטערגעשוירענע האָר, מיט זײַן הויכן וווּקס, מיטן שטענדיקן וויצלען זיך, מיט זײַן גוטסקײַט און מיט זײַן פלוצלינגדיקן בייזערן זיך...

יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי אָנגערירט און גענומען בא דער האנט, איז בא איר אדורך א הייסער מעכײַעדיקער שטראָם איבערן גאנצן לײַב, זי האָט אופגעפלאטערט און פון אונטן ארוף געקוקט אַף אים מיט עטוואָס דערשראָקענע און לויכטנדע אויגן, ווי זיי וואָלטן זאָגן: איך האָב דיך ליב... שטארק ליב...

זייער געבענקט האָט נעכאמקע, ווען וואָווע איז אוועקגעפאָרן אַף די דרײַכאָדאָשימדיקע קורסן קיין הולײַפּאָליע. נאָר דעמלט האָט נאָך געלעבט די מאמע, צו וועמען זי האָט זיך געקאָנט צוטוליען. אָבער איצט? איצט איז אפילע איין טאָג איר שווער געווען אָן אים.

עס זײַנען שוין אדורך העכער דרײַ וואָכן, ווי וואָווע איז אין עמטעעס. ער רעמאָנטירט דאָרט די טראקטאָרן צום שניט. פון יענעם טאָג, זינט וואָווע איז אוועקגעפאָרן, איז נעכאמקע, קומענדיק פון סטעפּ, שוין אינערגעץ ניט געגאנגען — ניט אין קלוב אַף די טענץ, ניט אין גערטנדל אפן שפאציר און ניט צום סטאַוואָק. זי האָט געווארט אַף וואָווען און פארגעניגן געהאט שוין פון דעם אליין, וואָס זי ווארט אַף אים. זי האָט געציילט די טעג. יעדן טאָג האָט זי אָפּגעמערקט מיט א רינגעלע אַף א פארבאהאלטענעם שטיקל פּאפּיר. נעכאמקע האָט אויסגעזוכט פארשיידענע ארבעטן, קעדיי עס זאָל וואָס גיכער דורכגיין די צײַט: זי האָט ארומגעשמירט די שטוב פון דרויסן, אויסגעקאלכט זי צוויי מאָל נאָכאנאנד, ארומגעפירט די שטוב־ווינקלען און די נידעריקע פענצטער מיט סינקע און די פריזבע מיט רויטער ליים (ערעוו מײַ, ווען אלע קאָלווירטניצעס האָבן געקאלכט זייערע שטיבער, האָט זי, די איינציקע, ניט געקאלכט, ווײַל ס'איז דעמלט נאָך ניט אדורך קיין האלב יאָר נאָך דער מאמעס טויט), ארומגעגראָבן די עטלעכע ווײַנשל־ און עפלביימער אין פאליסאדניק, דורכגעיעט די הויך־פאנאנדערגעוואקסענע געדיכט־בליִענדע מאלוועס און ארום די געאָרגינעס אנטקעגן פענצטער...

גאנצפרי האָט נעכאמקע זיך דערוווּסט: דער קאָלווירטישער בריווטרעגער, דער אלטער ראכמיִעל, האָט עמעצן פון זייער פעלד־בריגאדע געזאָגט, אז הײַנט, שאבעס, דארפן די טראקטאָריסטן זיך אומקערן פון דער עמטעעס. דעם גאנצן טאָג האָט נעכאמקע אין סטעפּ אפילע זיך ניט צוגעזעצט, ניט אָפּגערוט. די זון האָט הייס געבאקן און זי האָט אַף א מינוט ניט ארויסגעלאָזט פון די הענט די סאָפּקע, געיאָגט, געײַלט וואָס גיכער אויסיעטן די קוקורוזע, קעדיי הײַנט פריִער קומען אהיים. דאָך איז זי אהיים געקומען א סאך שפּעטער, ווי שטענדיק. דער בריגאדיר, שעפטל, האָט נאָך ניט געהאט זיך אומגעקערט פון הולײַפּאָליע, פון דער ראיאָנער בארעטונג, און איר איז אויסגעקומען פארצייכענען, וויפל רייען האָט יעדעס פון די מיידלעך אויסגעיעט. זי האָט זייער געײַלט און דעריבער עטלעכע מאָל זיך פארפּלאָנטערט און ס'איז איר אויסגעקומען אָנהייבן ציילן פונדאָסנײַ. דאָס האָט אָפּגענומען א סאך צײַט און זי איז שוין געווען אין קאס אפן בריגאדיר, וואָס ער האָט זיך פארהאלטן. פונקט הײַנט האָט דאָס געדארפט טרעפן בא אים.

אלע מיידלעך זײַנען שוין פון לאנג געווען אין כוטאָר און נעכאמקע האָט זיך נאָך אלץ פארטראָגן ארומגעדרייט בא דער קוקורוזע.

ס'איז שוין געווען גוט טונקל, ווען זי איז א פארפלאמטע געקומען אהיים. זי האָט גיך זיך ארומגעוואשן, צעקעמט די האָר. אײַליק פארפלעכטנדיק דעם צאָפּ, האָט זי אלע ווײַלע ארויסגעקוקט דורכן גאס־פענצטער. איר האָט זיך אלץ געדוכט, אז זי הערט טריט. נאָר קיינער איז ניט געגאנגען אהער. „וואָווע האָט שוין געקאָנט זײַן דאָ, ניט געטראָפן מיך און אוועק".

בעכאמקע האָט א באומרויִקטע גיך אָנגעטאָן דאָס בלאָווע קאָפּטעלע, וואָס האָט זייער געפּאסט צו איר פארברוינטן פּאָנעם, פארוואָרפן דעם צאָפּ איבערן אקסל, א קוק געטאָן אף זיך אין שפּיגעלע און א צופרידענע אליין זיך געוויזן א צונג.

פארגעסנדיק אויסלעשן די שײַן, איז זי ארויס אין בלוילעכן דרויסן. זי איז ארײַן אין פּאָליסאדניק, זיך פארקליבן אפן נידעריקן פריסאָרטיקן עפּלבוים, וואָס איז געוואקסן סאמע אנטקעגן דעם באלויכטענעם פענצטער, אָפּגעריסן אן ערשט רײַף־געוואָרענעם ווײַס־אָנגעגאָסענעם עפּל און באהאלטן אין קעשענע פאר וואָווען.

לעבן דער קאליטקע איז זי אין פארלעגנהײַט געבליבן שטיין, ניט וויסנדיק, צי זאָל זי גיין צו וואָווען אהיים אָדער גיין גלײַך אין קלוב, פונוואנען עס האָט זיך שוין פון לאנג דערטראָגן מוזיק. דורך דער אָוונטיקער בלויקײַט האָט זי באמערקט עמעצן גיין ווײַט ארוף גאס. דאָס הארץ האָט בא איר אופגעצאפּלט. בעכאמקע האָט זיך געלאָזט לויפן מיט דער סטעזשקע. נאָר ס'איז געווען ניט וואָווע. זי האָט זיך אומגעקערט און איז מיט גיכע טריט אוועק אין קלוב. „וואָווע איז מיסטאמע שוין דאָרט. ער קער שוין פון לאנג ווארטן אף איר".

א פארויטלטע, א שמייכלענדיקע איז זי ארײַן אין דעם פולגעפּאקטן קלוב, ווי אף אירן א יאָמטעוו, און צווישן דעם טומלדיקן אוילעם גלײַך דערזען וואָווען. זי איז געבליבן שטיין לעבן טיר מיטן שפּילנדיקן שמייכל אף די ליפּן, גרייט אָט־אָט זיך באגעגענען מיט זײַן בליק. נאָר וואָווע האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט.

„איצט איז זי געקומען... און ווו איז זי ביז איצט געווען, הא?.. א גאנצן פארנאכט געווארט אף איר. און זי? זי האָט דאָך געוווסט, אז איך דארף הײַנט קומען, איז צוליב וועמען האָט זי זיך עס פארהאלטן ביז איצט?.."

אָנגעטאָן אין א ווײַס העמדל, איז ער געשטאַנען ארומגערינגלט מיט יאטן און מיידלעך, זיך געסטארעט ניט ארויסווײַזן זײַן אופגערעגטקײַט, און זיך געוויצלט.

נעכאמקע האָט מיט אומגעדולד געווארט. זי האָט זיך אי געוווּנדערט, אי באליידיקט, וואָס ער קוקט זיך ניט אום צו איר. „כאָכמעט זיך... צוליב וועמען כאָכמעט ער זיך?" בעכאמקע האָט מיטאמאָל באמערקט לעבן אים די נײַ־צוגעשיקטע לערערן. דאָס הארץ האָט אָנגעהויבן קלאפּן גיך־גיך. זי האָט זיך פארלוירן און שוין ניט געוווסט וואָס צו טאָן: צוגיין צו זיי אָדער אינגאנצן אוועקגיין. „און וואָס וועט זײַן, אז זי וועט אוועק? פארוואָס זאָל זי אוועק? וווהין?.."

אין דער זעלבער רעגע האָט זי באמערקט לעבן סטענד מיט די עקספּאָנאטן פון דער פאראיאָריקער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג זיאמען פונעם שכײנעסדיקן קאָלווירט, וועמעס פאָטאָגראפיע עס איז געווען אָפּגעדרוקט באנאנד מיט אירער אין דער ראיאָנער צײַטונג.

מיט אן איבערגעטריבענער פרייד האָט זי א צעשטרייטע זיך געלאָזט צו אים.

— זיאמע! — האָט זי זייער הויך אויסגערופן, — וויִאזוי?.. ווען?..

זיאמע האָט רויט ווערנדיק עפּעס געענטפערט און נעכאמקע האָט זיך הויך צעלאכט. זי האָט אים געדריקט די האנט, צופרידן געווען, וואָס זי האָט אים דאָ געטראָפן. די אויגן האָבן בא איר געפינקלט, ווי שווארצע ווײַנשל נאָך א רעגן.

נעכאמקע האָט אים נאָך עפּעס־וואָס א זאָג געטאָן און זיך ווידער הויך צעלאכט. נאָר ארום וואָווען איז נאָך אלץ געשטאנען א פריילעכער טומל און ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אהער.

„צי דען הערט ער ניט?" — איר האָט זיך פארוואָלט א קלאַפּ טאָן מיטן פוס אין פויק, וואָס איז געשטאנען בא דער וואנט, אָדער... זי האָט אליין ניט געוווסט וואָס. זי האָט א כאַפּ געטאָן זיאמען אונטערן אָרעם און, ניט אופהערנדיק אים עפּעס צו דערציילן און לאכן דערבײַ, געבליבן שטיין מיט אים אינמיטן זאל. „פארוואָס קוקט ער זיך ניט אום, פארוואָס גייט ער ניט צו?" — האָט נעכאמקע ניט פארשטאנען. אן אופגערודערטע האָט זי זיך אָנגעבויגן, געזאָגט עפּעס זיאמען אפן אויער, און, פארוואָרפנדיק דעם קאָפּ אהינטער, זיך צעלאכט אפן גאנצן זאל. וואָווע האָט האסטיק זיך אומגעקוקט און פון אומגעריכטקײַט דערפּילט, ווי מע וואָלט אים אָפּגעפּליוכעט מיט א קאלטן עמער וואסער. „ווי קומט אהער זיאמע?" ער האָט געוווסט, אז זיאמען געפעלט זייער נעכאמקע. און אויב ער איז געקומען אהער, איז עס צוליב איר... געמיינט, קאָנטיק, אז ער, וואָווע, איז נאָך אין דער עמטעעס. וואָס זשע לאכט זי אזוי?.. ער האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אזוי שיין... וואָווע האָט גיך פארייכערט א פאפּיראָס און שוין געוואָלט צוגיין צו איר. „רויִק, דעריקער רויִק"... נאָר ער האָט מיטאמאָל דערזען, ווי זי האָט אָנגעכאפּט זיאמען פאר דער האנט. עס האָט אים א ברי געטאָן, ווי זי וואָלט אים א שטאָך געטאָן מיט א ווילע אין סאמע הארצן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז אלע האָבן באמערקט, ווי נעכאמקע האָט א דריק געטאָן זיאמען די האנט, און זיי קוקן איצט-אלע אף אים. ניין, ער וועט צו איר ניט צוגיין... וויבאלד אזוי... ניין. בעשום־אויפן ניט.

ס'האָט אָנגעהויבן שפּילן די מוזיק. וואָווע האָט אוועקגעוואָרפן דעם פּאפּיראָס, צעטומלט זיך ארומגעקוקט און מיטאמאָל אונטערגעכאַפּט די לערערן, וועלכע איז א פאַרטרוימטע גע־שטאַנען דערבײַ, און מיט אימפּעט, פילנדיק ווי עס קאָכט אין אים דאָס בלוט, זיך פאַרדרייט, פאַרוויכרעוועט מיט איר אין האסטיקן וואַלס.

נעכאַמקע האָט זיך אָנגעצונדן. זי האָט עפּעס א זאָג געטאָן זיאמען און זיך האסטיק אויס־געדרייט צום פענצטער. זי האָט ניט געקאָנט זען, ווי ער, וואָווע, טאַנצט מיט דער לערערן. זיאמע האָט זיך אויך אויסגעדרייט. ער איז געווען צעטומלט פון גליק, וואָס זי שטייט לעבן אים. ער האָט איר עפּעס געענטפערט, נאָר זי האָט ניט געהערט וואָס. זי האָט גאָרנישט ניט געהערט. זי האָט איצט נאָר געהערט, ווי מע שאַרט מיט די פיס איבערן דיל און, ניט אומקוקנדיק זיך, האָט זי געפילט מיט דער פּלייצע, מיט דעם אָפּענעם האַלדז, מיט איר גאַנצן וועזן, אַז, דרייענדיק זיך אין וואַלס, דערנעענטערט זיך וואָווע מיט דער לערערן אהער, אַלץ מער צו איר, און איר האָט אין דער מינוט זיך געדאַכט, אַז זי שטייט מיט באָרוועסע פיס אויף שאַרפע שטיקלעך גלאָז.

„זאָלן זיי טאַנצן אפילע ביז אינדערפרי!" — ס'האָט זי געקימערט איצט נאָר איינס: אַז ניט וואָווע און ניט די לערערן זאָלן גאָרנישט ניט באַמערקן אין איר. זי האָט דעריבער די גאַנצע צײַט אָן אויפהער גערעדט צו זיאמען. זי ווייסט אַליין ניט, וואָס זי האָט גערעדט. גערעדט און געלאַכט. און טיף אין הארצן האָט זי דאָך געהאָפט, אַז, דערנעענטערנדיק זיך, וועט וואָווע איבערלאָזן די לערערן און צוגיין צו איר. אָט־אָט וועט ער צוגיין. נאָר זיי האָבן אין גיכן וואַלס זיך דורכגעדרייט סאַמע לעבן אירע אַקסל און אוועק ווײַטער, ווײַטער...

נעכאַמקע האָט ביז ווייטעק פאַרביסן די ליפּן. זי האָט פּלוצלינג, גאָרנישט ניט זאָגנדיק, איבערגעלאָזט זיאמען און, אופּפּראַלנדיק די טיר, ארויסגעלאָפן פון קלוב. אין הויף האָט זי אין דער טונקל אָנגעטראָפן אויף דעם מילבער־בוים און זיך צוגעטוליעט צו אים. איר יונגע, ניט גרויסע ברוסט האָט זיך האסטיק באַוועגט אונטער דעם שטײַף־אָנגעצויגענעם קאַפטל. נעכאַמקע האָט צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט מיט א פאַרטײַעטן אָטעם זיך צוגעהערט... עפּשער גייט ער? נאָר אין קלוב האָט אַלץ געשפּילט די מוזיק, מע האָט געטאַנצט און קיינער איז ניט ארויס צו איר.

— איך האָב אים פײַנט... איך דאַרף אים ניט!.. — זי האָט מיט פאַרדרוס זיך געלאָזט גיין מיט דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט לענגאויס די פּאַליסאַדניקעס. זי איז געגאַנגען, אַליין ניט וויסנדיק וווּהין. און דאָס הארץ איז צעריסן געוואָרן פון ווייטעק. „ניט צוגעגאַנגען אפילע... די לערערן איז אים געפעלן געוואָרן... אין עמטעעס האָט ער מיסטאָמע אויך געהאַט עמעצן... און אין דער אַרמיי אויך... און אַז ער איז געווען אויף די קורסן אין הולי־פּאָליע... אומעטום... אומעטום האָט ער געהאַט..." נעכאַמקע איז איצט גרייט געווען זאָגן וועגן אים דאָס ערגסטע.

ס'האָט זי שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן, וואָס זי איז אוועק פון קלוב. די מיידלעך האָבן געוויס באַמערקט. מע קאָן שוין לאַכן פון איר: „אַנטלאָפן"... זי איז שוין גרייט געווען זיך אומקערן. מאַלע וואָס זי איז ארויס אויף א ווײַלע. אין קלוב איז הייס, זי האָט געוואָלט א ביסל עטעמען מיט פרישער לופט. וואָסי, מע טאָר שוין ניט ארויס אויף א ווײַלע?..

נאָר מיטאמאָל האָט זי דערהערט הינטער זיך גיכע, זייער פעסטע טריט. זי האָט אופּגע־ציטערט. זײַנע טריט. יאָ, ס'איז ער... — און ס'האָט אין איר נאָך מער, ווי פריִער, אויפגעפלאַמט דער פאַרדרוס אויף אים. זי האָט זיך געלאָזט גיכער גיין. זאָל ער זי רופן, זאָל ער בעטן, זי וועט סײַווי זיך ניט אומקוקן, זי וועט סײַווי זיך ניט אָפּשטעלן. זי איז געגאַנגען אַלץ גיכער און גיכער, שיִער ניט געלאָפן, און דאָס הארץ איז אויסגעגאַנגען, ער זאָל זי דעריאָגן, ארומכאַפּן מיט די שטאַרקע הענט, צודריקן זי צו זיך און בעטן זי, בעטן... ער האָט דאָך געוואָרט אויף איר... ער האָט זי ליב... ער האָט זי זייער ליב... און זי — ניין!.. איינמאָל ניין און גאָר. זי וויל אפילע ניט הערן. און ער ציט זי צו זיך, ער גלעט איר די האָר. נאָר זי שטופּט אים אָפּ מיט אַלע קויכעס: „גיי... לאָז... גיי פון מיר!.." זי רײַסט זיך ארויס פון זײַנע אָרעמס... „ניין, ניין!.. ריר זיך ניט צו צו מיר!.." — און ס'איז איר גוט. ס'איז איר גוט פון דעם, וואָס ער בעט זיך בא איר און וויל זי ארומנעמען, און נאָך מער, וואָס זי גיט זיך ניט אונטער...

נאָר מיטאמאָל דערפילט נעכאַמקע א מאָדנע שוואַכקײַט אין די פיס. די טריט הינטער איר האָבן אומגעריכט פאַרקערעוועט גאָר ערגעץ אין א זײַט. זי האָט דערשראָקן זיך אומגעקוקט. ס'איז גאָר ניט וואָווע. ס'איז גאָר איינער פון די אָנגעפאָרענע געסט ארײַן צו דאָדיע בורלאַקן אין הויף.

זי איז געבליבן שטיין, ווי אָן אָפּגענאַרטע, ביז ווייטעק געדרייט ארום האַנט דעם צאָפּ און געביסן זיך די ליפּן. וואָס טאָן? וווּהין גיין איצט? צוריק אין קלוב? ניין, ניין. אהיים? אויך ניט. צו וועמען? זי וויל איצט קיינעם ניט זען, זי וויל זײַן אַליין.

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ האָט זי זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס, אופהייבנדיק אַ נידעריקן שטויב מיט די טופליעס. זי האָט זיך דערפילט מיד און איז פּאַמעלעך געטראָטן. און די לעוואָנע איז איר שטיל נאָכגעגאַנגען. זי גייט מיטן ווײַס־אויסגעפּאָרענעם וועג און די לעוואָנע שפּרינגט איבער די דעכער. פון איין דאַך אפן צווייטן. די שטרויענע און טשערעפּענע דעכער זײַנען ערטערווײַז באַהעלט פון דער לעוואָנע־שײַן. און פון די טונקעלע קוימענס, וואָס סטאַרטשען אַרויס צום הימל, גייט אַ רויך... נייך, זי טראַכט מער ניט וועגן וואָווען. ס'איז אַ געדיכטער רויך עס קנוילט פון די קוימענס...

## קאַפּיטל דרײַ

און דער כּותאָר האָט זיך געגרייט צו דער מאָרגנדיקער שׂימחה, צו דאָדיעס און כאַנע־איטקעס גאָלדענער חתונה. די ווײַבער האָבן זיך געייסעקט אין די קיכן, געהייצט די אויוונס, געבאַקט, געבראָטן, געקאָכט, געפּרעגלט. יעדע באַלעבאָסטע האָט געקאָכט אירס אַ באַזונדער מײַכל, איר באַזונדער געריכט צו דער שׂימחה. און יעדע איינע האָט געוואָלט און זיך געסטאַרעט, אַז איר געריכט זאָל באַזונדערס אויסנעמען. העניע־ריווע קאַלמען זאַהאַטס האָט געמאַכט אַ געבלעטערטן קוגל אף געלכלעך, איבערגעשאָטן מיט שאַרפן צימערינג און פאַרגאָסן מיט גענדזן־שמאַלץ; זעלדע האָט געקאָכט אַ גאָלדענע יויך מיט מאַנדלען; גיטע ליפּע זאַיִקעס האָט פאַרוקט אין אויוון אַ טשאָלנט פון פרישע קאַרטאָפּל מיט געפילטע העלדזעלעך; סלאָבאָדיאַ־ניכע — אַ געבראָטענעם אינדיק, דאָבע יודל פּיסקונס — אַ מערן־צימעס מיט ראָזשינקעס... אייניקע האָבן געגרייט פאַרן גאַנצן אוילעם געבראָקטע אייער, איבערגעמישט מיט יונגע ציבעלעס און הינער־שמאַלץ, אַנדערע געהאַקטן לעבער, אָנגעריבענעם רעטעך מיט גריבענעס... מע האָט צוגעשטעלט אין די אויוונס אי אַ לאָקשן־קוגל, אי עסיקפלייש, אי פּאַסאָליעס־צימעס, אי געפילטע פיש, פאַרשיידענע געבעקסן — טייגלעך מיט ניס, האָמענטאַשן, ווערטוטלעך, שטרודלעך, כרעמזלעך... מע האָט געפּרעגלט גענדז, קאַטשקעס און הינער... קאַטערינע כאָמע טראַסקונס האָט פאַרזשאַרעט אין אויוון אַ יונג כאַזערל... אין יעדער שטוב, אין יעדן הויף האָט געשמעקט מיט אַן אַנדער מײַכל.

צו פּאַרנאַכט צו האָט צו בורלאַקן זיך שוין געהאַט צונויפגעפאָרן קימאַט די גאַנצע מישפּאָכע — פיר זין, אַלע הויכע, ברייטפּלייציקע, שוואַרץ־אויגיקע, ווי דער טאַטע, מיט פאַר־פאַליעטע פון דער זון ווײַבער און קינדערלעך, דרײַ טעכטער און איידעמס; אייניקלעך און אוריייניקלעך, פּלעמעניקעס, שוועסטערקינדער, פעטערס און מומעס... דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געלעבט אין די דערבײַיִקע דערפער און כּותאָרס. דאָס זײַנען געווען באַרימטע מעל־קערנס, שמידן, פּיציכטלער, קאָמבײַנערס, גאָרטנציכטלער, קאָניוכעס, ברינגדזאַרעס, בינענציכט־לער און געווינלעכע קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס — געזונטע האָרעפּאַשנע ייִדן און ווײַבער מיט גרויסע עטוואָס פאַרגרעבטע הענט און מיט פאַרווינטיקטע, שטאַרק פאַרברוינטע, גוטמוטיקע פּנעמער... מען איז געקומען פון די נאָענטסטע קליינע סטאַנציעס, ווו אייניקע פון דער מישפּאָכע האָבן געאַרבעט אף די עלעוואַטאָרס און אף דער אײַזנבאַן־ליניע, און אויך פון ווײַטערע שטעטלעך און שטעט. פון זאַפּאָראָזשיע איז אַראָפּגעקומען די גרויסאַרטיק פּאַרפּוצטע טאָכטער מאַריאַשע מיט דעם זייער געראָטענעם איידעם, דעם קאָנסטרוקטאָר פון קאָמבײַנען־זאַוואָד, פון הינטער מאַקייעווקע — דער ייִנגסטער זון אויזער, אַן אָרדענטרעגער, אַ טעכניקער אף אַ שאַכטע; פון הולײַפּאָליע איז געקומען די מומע פּערל — די דעפּוטאַטקע פון ראַיסאָוועט, מיט צוויי אייניקלעך — סטודענטקעס פון פּיצוכט־טעכניקום, און אַזש פון הינטער דווינסק, פון דער סאַמע גרענעץ, איז געקומען צו פליִען אף צוויי וואָכן אין אורלויב דאָס עלטסטע אייניקל, דער שטאַלטנער לייטענאַנט זאָרעך מיט דעם בלאָנדן זייער שיינעם ווײַבל קסעניע און דרײַ־יאָריקן מיידעלע.

באַלד ווי מען איז געקומען, האָבן די זין און טעכטער, די איידעמס און שניר, זיך גענומען פאַר דער אַרבעט. די מענער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פּידזשאַקעס און אין איינע העמדער געזעגט ברעטער, געטעסעט סלופּעס, געגראָבן גריבלעך. אינמיטן הויף, צווישן דער קלוניע און ברונעם, אפן זעלבן אָרט, ווו מע האָט מיט פופציק יאָר צוריק געפּראַוועט דאָדיעס און כאַנע־איטקעס חתונה, האָט מען געבויט אַ גרויסן, זייער געראַימען באַלאַגאַן מיט לאַנגע טישן און בענק, אַז עס זאָל ניט זײַן דושנע און ס'זאָל קלעקן אָרט פאַר יעדן איינעם, וואָס וועט אָנטאָן דעם קאָוועד און קומען אַהער ווי אַ ליבער גאַסט אף דער מישפּאָכע־שׂימחה.

די ווײַבער — עלטערע, ייִנגערע און גאָר יונגע — האָבן מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל זיך געייסעקט אין קיך און אין די העל־באַלויכטענע צימערן. ווער עס האָט געשניטן דעם שמעקנדיקן

האַניק־לעקעך, ווער ס׳האָט פאַנאַנדערגעגאָסן די גוט־אָנגעקנאָבלטע פּעטשאַ, ווער ס׳האָט גע־רעדלט די אייער־מאַצעלעך.

אָף דעם גאָר ברייטן און לאַנגן טיש, ווו ס׳פלעגט אַמאָל אַרום טאַטע־מאַמע זיך אויסזעצן די גאַנצע מישפּאָכע, די פיר זין און דרײַ טעכטער, דער זיידע, די באָבע און עלטערבאָבע, — אָף אָט דעם שווערן געזעצטן טיש, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן צימער אָף די קײַלעכדיקע אויס־געשניצטע פיס, האָט מען אין גרויסע בלוי־עמאַלירטע שיסלען איבערגעוואַשן דאָס געפעס: אַ וועלט מיט פאַרשיידענע פאַרצעלײַענע און איינפאַכע טעלער, טיפע און פלאַטשיקע, באַזוימטע מיט בלויע און גרינבלעכע קאַנטן, באַמאָלטע מיט פעלד־בלימעלעך, און גלאַט ווײַסע, גרינגע און שווערע, און שאָלן, און שעלעכלעך, און פאַלומעסקעס, קאָלערליי גאָפל און לעפל, פּאַשטעטע, אַליומינעוווע און אַלטמאָדישע פּראַזשירטע, באַזילבערטע, וואָס כאַנע־איטקע האָט אַנטלײַען בא אַלע היגע באַלעבאָסטעס, פון איין ברעג כוטאָר ביזן צווייטן.

בא אַ צווייטן טיש, לעבן דעם גאַס־פענצטער, האָבן די טעכטער און שניר געשײַערט מיט קרײַד די זילבערנע בעכערלעך, אויסגעווישט מיט האַנטעכער די געשליפענע, לענגלעכע קע־לישעקלעך, די בלויינקע, ראָזלעכע און מאַטאָווע פּייסעך־קויסעס, די קידעש־ און האַוודאָלע־ריוויעסלעך, וואָס האָבן זיך נאָך פאַרהיט בעירעשע פון די זיידעס און עלטערזיידעס, פון די ערשטע קאָלאָניסטן...

אין דערבײַיקן לענגלעכן צימער, ווו הינטער דעם געקווייטלטן פאָרהענגל איז שוין געשלאָפן די אַכט־און־נײַנציקיאָריקע עלטערבאָבע, די טויבע ציפּוירע, האָבן קסעניע מיט מאַריאַשען געפּרעסט די אָנגעקראָכמאַליעטע טישטעכער צו פאַרשפּרייטן די טישן אין דעם אַפּגיך אויסגעבויטן לופטיקן און געראַומען באַלאַגאַן.

אַלע זײַנען געווען פאַרפּלאָמט, פאַרהאַוועט, פאַרטראָגן. מע האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, פאַרשאָטן מיט פּראַגעס און אויסדערציילט איינער דעם אַנדערן אַלע נײַס, וואָס יעדער פון זיי האָט געבראַכט מיט זיך.

און די באַלסימכעס אַליין — ער, דער גראָוער ברייטפּלייציקער דאָדיע בורלאַק, אָנגעטאָן אין אַ זויבער ווײַס העמד און אין יאָמטעוודיקן סורדוט, און זי — כאַנע־איטקע „דער טראַקטאָר“, ווי מע האָט זי גערופן אָפן כוטאָר, נאָך אַ קרעפּטיקע, הויך־ריידנדיקע ייִדענע, — האָבן געהאַט צו טאָן מיט די אייניקלעך און אוראייניקלעך.

זיי אַלע, די געפּערלעכע שטיפער, וואָס זײַנען מיט טאַטע־מאַמע זיך צונויפגעפאָרן פון פאַרשיידענע דערפער, שטעט און כוטאָרס, און פאַר דעם איינעם טאָג זיך אַזויפיל אָנגעזען, אַז עס האָט געשפּאַרט פון זיי, — זיי אַלע האָבן גלײַך באַוויזן צו באַקאַנען זיך איינער מיטן אַנדערן און פאַרפילט די העל־באַלויכטענע שטוב, די הייס־אָנגעהייצטע קיך, דעם טונקעלן פירהויז, דעם אויסגעשטערנטן הויף און דעם שאָטנדיקן פּאַליסאַדניק מיט אַ פריילעך געפילדער, ווי אַלץ דאָ און די גאַנצע וועלט אַרום, די ערד און דער הימל, וואָלט געהערט נאָר צו זיי...

ס׳איז שוין ניט פרי געווען, ווען דאָדיע און כאַנע־איטקע האָבן קוים מיט צאָרעס זיי באַ־לייגט שלאָפן — די מיידלעך אויסגעבעט אָף ווייכע פּוכיקע געגנדזן־פּערענעס אָף דער ערד אין איין כיידער, די ייִנגלעך — אינעם צווייטן.

נאָכדעם, ווי מע האָט באַלייגט די קינדער, האָט כאַנע־איטקע מיט די טעכטער גענומען אויסבעטן פאַר אַלע איבעריקע — ווען אין שטוב, ווען אין פירהויז, ווען אין באַלאַגאַן און ווען גאָר אָפן גראָז אין הויף אונטער דעם וואַרעמען הימל, אָדער אָף די פרישע נאָך ניט צוגעלעגערטע היי לעבן דער קלוניע.

## קאַפּיטל פיר

נעכאַמקע האָט ניט באַמערקט, ווי זי איז אַדורך פאַרבײַ דעם פּוסטן זאַהאָן, פאַרבײַ די אָנגעשטעלטע וועגענער און שנײַד־מאַשינעס לעבן דער נידעריקער קוזניע און אַרויס אויסער דעם כוטאָר. אָף דער באַלויכטענער הויך־אָנגעשאָטענער הערבליע איז זי געבליבן שטיין. פון דעם באַנאַכטיקן סוידעספּולן סטעפּ האָט זיך אַהער דערטראָגן אַן אומופהערלעכע גרילצערײַ פון צירקונען און זייער אַ ווײַט הארציק־צעצויגן מיידלש געזאַנג. ערגעץ הינטער די מאָהילקעס האָט אומעטיק און איינזאַם געקוקעט אַ קוקאַווקע; פון מאָל צו מאָל האָט זיך דערטראָגן אַהער אַ בענקענדיק הירזשען פון אַ יונגער לאָשיצע אָף דער פּאַשע און אַ פאַרטויבט בילן פון אַ הונט אָפן ברעג כוטאָר. צווישן דעם הויכן און געדיכטן אָטשערעט האָבן געקוואַקעט די פּראָשן, ווי זיי וואָלטן זיך איבערגערופן מיט דער קוקאַווקע: קוואַ־קוואַ... קו־קו...

די נאַכט איז געווען פול מיט קלאַנגען, וווּנדערלעכע מעכײַעדיקע קלאַנגען. גוט, וואָס עס הירזשעט ערגעץ אָף דער היי־לאָנקע די לאָשיצע, ווען זי וואָלט ניט געהירזשעט, וואָלט עפּעס

געפּעלט אין דער נאַכט; גוט, וואָס עס בילט דער הונט, וואָס עס סקריפּעט דער קאַלאָוואַראָט בא א ברונעם, וואָס עס הודעט די עלעקטראָסטאַנציע, וואָס עס שפּילן, ווי אַף הונדערטער דינע פֿײַפֿעלעך, די נאַכט־צירקונען...

אלץ ארום איז פארפולט געווען מיט רירנדיקער שיינקייט — דער זייער בלויער הימל, און די ווײַטע פינקלדיקע שטערן, וואָס האָבן זיך פריילעך אָפּגעשפּיגלט אין גלאַטן רויקן סטאַוואָק, און דער גרין באַזילבערטער אָטשערעט, און דער ברייט אויסגעפּאַרענער וועג, וואָס האָט זיך שטיל געשלענגלט ארוף־בארג, און די פיצינקע עלעקטרישע פֿײַערלעך, וואָס שעמערירן און ווינקען אהער אזש פון קאָוואלעווסק, און די הויך־אַנגעשאָטענע הרעבליע אליין, א באַגאַסענע מיט לעוואָנע־שײַן... פון סטאַוואָק טראָגט מיט קילקייט, מיט פרישקייט. פון סטעפּ — מיט געדיכטן גערוך פון צײַטיק־ווערנדיקע טוועס. „ס'אַרא נאַכט... און אָט גייט זי אַוועק... און זי וועט זיך דאָך שוין מער ניט אומקערן... קיינמאָל... אזא נאַכט... און אלץ צוליב אים...” — נעכאַמקע האָט זיך מיטאמאָל דערמאָנט אָן דעם ווײַסן נאַליוו, וואָס זי האָט אָפּגעריסן פון בוים פאר וואָוען. זי האָט ארויסגענומען דעם קילבלעכן עפּל פון קעשענקע, צוגעדריקט אים צו דער הייסער באַק. עס האָט שארף געשמעקט פון אים מיט ווײַניקייט, ווי געווײנלעך פון אַן ערשט רײַפֿווערנדיקער פרוכט. „צוליב וואָס האָט זי אים אָפּגעריסן... וואָס טראָגט זי אים?...”

זי האָט פארהייבן די האַנט און א שלײַדער געטאָן דעם זאַפּטיק־ווײַסן עפּל אין סטאַוואָק אַרײַן. ערגעץ ווײַט האָט זיך דערטראָגן א פליעסק איבערן פולן וואַסער און עס האָבן זיך באַלד באַוויזן באַזילבערטע פון דער לעוואָנע־שײַן דינע רינגען. צוביסלעך זײַנען די רינגען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אלץ ברייטער און ברייטער, ביז זיי האָבן שטיל־שטיל זיך אָנגערירט אָן דער הרעבליע...

נעכאַמקע האָט געקוקט אַף די קרײַזן און אירע אויגן זײַנען פארלאָפן געוואָרן מיט טרערן. „איצט איז אויס... אויס...” די אַקסל האָבן בא איר אונטערגעציטערט. מיטן שווארצן גלאַנציקן צאָפּ האָט זי זיך געווישט די פײַכטע באַקן און געכליפּעט. עפּשער וואָלט איר ניט אזוי ווי געטאָן, ווען די נאַכט וואָלט כאָטש ניט געווען אזוי שיין. ווי אַפּצולאָכעס, אזא נאַכט. און דאָרט, אין קלוב... דאָרט שפּילט נאָך אלץ די מוזיק... און ער... ער איז דאָרט מיט אַן אנדערער...

---

נאָר וואָווע איז שוין אין קלוב ניט געווען. ווי נאָר ער האָט פארענדיקט טאַנצן דעם וואַלס מיט דער לערערן, האָט ער צעטראָגן זיך ארומגעקוקט און גלײַך באַמערקט, אז נעכאַמקע איז אין זאַל ניטאָ. דאָס ערשטע — ער האָט א זוך געטאָן מיט די אויגן זיאַמען. זיאַמע איז אויך ניט געווען. וואָווען איז מיטאמאָל שטארק הייס געוואָרן. דאָס ווײַסע זעפּירענע העמדל האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער פּלייצע. נאָר ער האָט געלאָסן ארויסגענומען א פּאַפּיראָס, זיך אַנטשולדיקט פאר דער לערערן — „מע דאַרף פארייכערן”, און מיט אײַנגעהאַלטענע, געמאָסטענע טריט זיך געלאָזט גיין צווישן דעם זאַרגלאַז־טומלדיקן אוילעם. דערנעענטערנדיק זיך צו דער טיר, זײַנען די טריט בא אים געוואָרן אומרויִקער: „אַוועק מיט אים... נו, גוט... ער וועט, אויב אזוי, זיי באַלד דאַפּקע פּאַקן”...

א צעהיצטער איז ער ארויס אין דרויסן, אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן, אומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן און מיטאמאָל פארלוירן א פינטל געטאָן מיט די אומרויִקע אויגן. עטוואָס אין א זײַט, אונטער אַן אקאַציע־בוים, איז אַף דער לאַנגער הילצערנער באַנק געזעסן זיאַמע... זיאַמע און יאַסקע פּיסקון. זיי האָבן גערייכערט און, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אנדערן, פארכאַפּט גערעדט וועגן דער ראַיאָנער ספּאַרטאַקיאַדע.

וואָווע האָט זיך דערפּילט מיטאמאָל ווי שולדיק פאר זיאַמען, און אומבאַמערקט ארויס אין גאַס. אַף דער ברייטער און שטילער גאַס איז ער א פארזאָרגטער געבליבן שטיין און זיך אומגעקוקט. „וווהין האָט זי געקאָנט אַוועקגיין... זיך באַליידיקט, וואָס ער האָט געטאַנצט מיט דער לערערן”. — ס'האָט אים שוין אויך באַנק געטאָן. — „צוליב וואָס האָט ער עס באַדאַרפט. מאַלע וואָס זי האָט זיך פארהאַלטן. די מיידלעך האָבן דאָך געזאָגט, אז זי איז נאָך אין סטעפּ. נו, איז וואָס, אז זיי האָבן זיך געוויצלט דערבײַ... און ער האָט זיך שוין אָנגעצונדן, ניט צוגעגאַנגען צו איר. נו, איז וואָס, אז זי איז געשטאַנען מיט זיאַמען... נו, האָט זי געלאַכט. דעריבער... אָט זיצט זיאַמע גאָר מיט יאַסקען. און זי איז אַוועק אליין”...

וואָווע האָט אויסגעריבן עטלעכע שוועבעלעך ביז ער האָט צוגערייכערט דעם פּאַפּיראָס. ער האָט זיך עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד שטארק פארצויגן און זיך געלאָזט גיין אַראָפּ גאַס. אים האָט זיך געוואָלט איצט איין זאַך — טרעפן זי אין דער היים. פונדערווײַטן נאָך האָט ער באַמערקט, אז די פענצטער זײַנען דאָרט ליכטיק. ער האָט זיך דערפרייט: „זי איז אין דער היים”.

ער האָט געוווסט, אז כאַנציע איז פארנאכט נאָך אוועקגעפאָרן אפן פלענום פון דאָרפראט און דארף זיך אומקערן ערשט מאָרגן. „הייסט עס, אז זי איז אין דער היים".

וואָווע איז אַרײַן אין הויף. דאָס אײנציקע פענצטער פון נעכאמקעס צימערל איז געווען פאַנאַנדערגעעפנט. ער האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן — א רוף טאָן זי אָדער שטילערהייט צוגיין. אויב ער וועט צוגיין אומגעריכט, קאָן זי נאָך דערשרעקן זיך. ער האָט געמאכט א פּאָר טריט צום אָפענעם פענצטער און שטיל א רוף געטאָן. פון אונטער דער סטריכע איז צעפּודזשעט ארויסגעפלויגן א שוועלבעלע.

אײַנהאַלטנדיק דעם אָטעם, האָט וואָווע ווידער שטיל א רוף געטאָן:

— נעכאמע...

ער האָט געוואַרט, אָט וועט זי ענטפערן. זי וועט ארויסקוקן דורכן פענצטער. נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט. „זאָל זײַן, אז זי שלאָפט שוין?.." ער איז מיט גיכע טריט צוגעגאַנגען צום סאמע פענצטער און פארהייבן דאָס ווײַסע פאָרהענגל.

— נעכאמע!..

קיינער איז אין שטוב ניט געווען. דאָס איז פאר אים געווען אינגאנצן אומדערוואַרט. ער האָט א מידער זיך אוועקגעזעצט אף דער נידעריקער פריזבע און ארויסגענומען פון קעשענע די פּאַפּיראָסן. „אָט א געשיכטע... גיי ווייס... אזא פארדרייעניש... און צוליב וואָס? ער ווייסט אליין ניט, צוליב וואָס... ער דארף דאָך מאָרגן פאָרן צוריק אין דער עמטעס. און זי ווייסט אפילו ניט. וויאַזוי וועט ער אוועקפאָרן, אויב ער וועט זי הײַנט ניט זען?" אפן הארצן איז אים געווען זייער שווער, ווי מע וואָלט ארופגעקײַקלט אף אים דעם דרעששטיין, וואָס וואָלגערט זיך בא זיי הינטער דער שטוב. ער וויל אים אראָפּקײַקלען, נאָר ער קאָן ניט. דאָס אײנציקע, וואָס אים איז געבליבן, איז — פארייכערן. ער האָט געררייכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אנדערן. עס ענדיקן זיך שוין באלד די פּאַפּיראָסן און זי איז נאָך אלץ ניטאָ...

אין קלוב האָט אופגעהערט שפּילן די מוזיק און דער אוילעם האָט זיך ארויסגעשאָטן אין דרויסן. וואָווע האָט געהערט, ווי מע האָט כאָפּטעסווײַז געשפּאנט איבער דער באנאכטיקער גאס, הויך גערעדט, געלאכט און, איבערופנדיק זיך איינער מיטן אנדערן, זיך צעגאַנגען איבער די הויפן.

אפן כוטאָר איז פון מאָל צו מאָל געוואָרן טונקעלער. עס האָט זיך אָנגעהויבן לעשן די שײַן אין די פענצטער — פריִער אין איין שטוב, באלד אין א צווייטער, אין דער אנטקעגנדיקער, אין מיט כוטאָר, אראָפּ צו דער הרעבליע, אפן סאמע עק גאס... אין א קורצער ווײַלע האָט זיך אויס־געלאָשן די שײַן קימאט אין אלע שטיבער. עס האָט זיך נאָך קוים באמערקבאר געלויכטן פון שעפּטלס שטוב, וואָס איז באהאלטן געווען אינעם געדיכטן געבלעטער פון דיביימער אין פאַלי־סאַדניק. זעלדע איז נאָך קאָנטיק ניט געשלאָפן, געוואַרט אף שעפּטלען, וואָס האָט געדאַרפט זיך שוין אָט־אָט אומקערן פון דער ראַיאָנער באראטונג, פון הולײַפּאָליע.

און וואָווע איז אלץ געזעסן אף דער פריזבע, געררייכערט און צוגעהערט זיך צו יעדן שאָרך. עפּשער גייט זי. ער איז געווען אין קאַס סײַ אף איר, סײַ אף זיך, וואָס זיי דערגייען זיך אומזיסט און אומנישט די יאָרן.

„פארוואָס איז עס אזוי? — האָט ער מיט פארביטערונג געטראכט. — פארוואָס זאָלן די סאמע נאָענטסטע מענטשן פארשאפן איינער דעם אנדערן אזויפיל פארדרוס?.. פארוואָס טאָן איינער דעם אנדערן אפּצולאָכעס?.. ער האָט זיך קוים ארויסגעריסן פון עמטעס אף איין מעס־לעס, אף איין אָוונט, קעדיי זען זי, זײַן מיט איר... און אָט... ס'גייט שוין דורך די נאכט און זי איז ניטאָ... בערויגעז געוואָרן. און צוליב וואָס... צוליב גאָרנישט. צוליב א נארישקײַט..."

אנטקעגן אפן גראָז איז געפאלן א בלאסע שײַן פון פענצטער. מיטאמאָל איז געוואָרן פינצ־טער. די שײַן אין נעכאמעס פענצטער האָט זיך אויסגעלאָשן.

וואָווע איז אופגעשפּרונגען. נאָר איידער ער האָט באוויזן זיך דערנעענטערן צום פענצטער, האָט עמעץ עס האסטיק פון אינווייניק פארמאכט.

„געקומען", — ער האָט צעטומלט פאַנאַנדערגעשפּילעט דעם קאָלנער און צוגעשפּארט זיך מיטן פּאָנעם צו דער בלויער קילבלעכער שויב.

— נעכאמע...

ער האָט א ווײַלע אָנגעשטרענגט געוואַרט. זי האָט ניט געענטפערט. אין צימער איז געווען פינצטער און ער האָט דורך דער שויב גאָרנישט ניט געזען. ער האָט נאָר געהערט, ווי עס האָט א סקריפּע געטאָן עפּעס א בענקל צי דאָס בעטל...

— נעכאמע... — האָט ער ווידעראמאָל א רוף געטאָן.

א דארער, א הויכער, איז וואָווע אומבאהאָלפן געשטאַנען לעבן דעם פארמאכטן פענצטער.

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. ווען זי ענטפערט אים כאָטש מיט איין וואָרט. זאָל זי אים זידלען, זאָל זי אים זאָגן דאָס ערגסטע, נאָר ניט שווײַגן.

— נעכאַמע... איך וואַרט דאָך שוין עפּשער דרײַ שאָ אויף דיר... נו, וואָס שווײַגסטו?.. ווילסט, איך זאָל אוועקגיין?.. נו, זאָג... זאָג, וועל איך אוועק...

נאָר וויפל ער האָט ניט גערעדט, האָט זי ניט געענטפערט. זי איז געלעגן אויסגעצויגן מיטן פּנים אַראָפּ אויף דעם שמאָלן אײַזערנעם בעטל אין דעם אַנטאָן און אין די טופליעס, אַזוי ווי זי איז אַקאָרשט א צעבראָכענע געקומען פון דער הרעבליע, און דאָס האָרץ איז בא איר צעריסן געוואָרן אויף שטיקער פון פאַרדרוס.

„פאַרוואָס קומט עס איר?.. פאַרוואָס?.. דערפאַר, וואָס זי האָט אַזוי געוואַרט אויף אים... דערפאַר, וואָס זי איז פאַר דער גאַנצער צײַט, ווען ער איז ניט געווען, אפילו קיין איין מאָל אין קלוב ניט אַרײַן... דערפאַר, וואָס זי האָט אין ערגעץ ניט געמאַכט קיין טראָט אָן אים... און ער... אַזוי פײַניקן זי... אַזוי דערגיין איר די יאָרן... אַרויסשטעלן פאַר אַלעמען צום געלעכטער... און נאָך דעם אַלעמען איז ער איצט נאָך געקומען אַהער?" — זי איז אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צום פענצטער און מיט כאַס אַראָפּגעלאָזט דאָס פאָרהענגל.

בא וואָווען איז אַרויסגעראָטן א גרעדיכטער שוויס אויפן שטערן. ער האָט א זוך געטאָן מיט דער האַנט אין קעשענע. ווו זײַנען די פּאַפּיראָסן? ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער האָט אויסגע-רייכערט אַלע ביז איינעם. וויאַזוי האָט ער עס גאָרנישט איבערגעלאָזט? אַזאַ פאַרדרייעניש. גיי וויס... דער רוועך האָט אים געטראָגן טאַנצן מיט דער לערערן.

— נעכאַמע... נו, זײַ ניט בערויגעז... נו, איך בין שולדיק... איך... נו, גוט?.. איך בין דאָך... איך בין גלײַך אַרויס... גלײַך נאָך דיר... געזוכט... געוואַרט דאָ... נעכאַמע, נו, גיי צו אַהער... איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן... איך פאָר דאָך מאָרגן אוועק... דו הערסט?.. איך פאָר אוועק...

„זאָל ער פאָרן, זאָל ער פאָרן!".. — האָט זי פאַרביסן געטײַנעט אין זיך. די אַלע רייד זײַנען האָבן זי איצט ניט גערירט. איצט האָט זי געוואָלט נאָר איינס: ער זאָל זידלען די לערערן. ער זאָל זאָגן, אַז ער קאָן זי ניט אָנקוקן.

און כאָטש וואָווע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איינציקע מיטל אויף איבערבעטן איצט נעכאַ-מען איז זידלען די לערערן, נאָר טאָן דאָס האָט ער ניט געקאָנט. ניט ווײַל די לערערן איז אים געפעלן געווען, זי איז אים אײַנגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען, און דעריבער טאַקע האָט ער וועגן איר קיין איין שלעכט וואָרט ניט געקאָנט זאָגן. וואָס האָט ער צו דער לערערן? זי איז איינע אַליין, אָן עלנטע. און וואָס איז זי שולדיק?..

— נעכאַמע! — איז ער מיטאַמאָל אין כאַס געוואָרן. — דו ענטפערסט, צי ניט?.. דו הערסט? איך פרעג ס'לעצטע מאָל... ניין... ענטפערסט ניט?.. איז גיי איך אוועק... הערסט?.. — האָט ער אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. — איך גיי אוועק... נאָר געדענק. מער וועסטו מיך דאָ ניט זען... דו הערסט? קיינמאָל ניט!..

נעכאַמקע האָט אפילו קיין ריר ניט געטאָן מיט קיין אייווער. ניט געענטפערט. זי איז זיכער געווען, אַז ער וועט ניט אוועק. ער וועט ווידער אָנקלאַפּן. דאָס, וואָס ער האָט ביז איצט געזאָגט, איז פאַר איר געווען ווייניק. זי האָט נאָך אַלץ געוואַרט, אַז ער זאָל זאָגן וועגן דער לערערן עפּעס שלעכטס, מיט עפּעס זי אויסלאַכן, דערנידעריקן. דעמלט וועט איר גרינגער ווערן אויפן האַרצן. דעמלט וועט זי אים עפּשער ענטפערן. נאָר ער האָט מער ניט אָנגעקלאַפּט. הינטערן פענצטער איז געווען שטיל. זי איז אָבער איבערצײַגט געווען, אַז ער איז דאָרט. ער איז ניט אוועק. זיצט אויף דער פריזבע. זי האָט אפילו פאַרגעניגן געהאַט פון דעם, וואָס ער זיצט אָט איצט איינער אַליין בא איר הינטערן פענצטער, ווי זי וואָלט מיט דעם זיך אָפּגערעכנט מיט אים. נאָר פאַרוואָס שווײַגט ער אַזוי לאַנג? דאָס האָט זי אָנגעהויבן פאַרדריסן. זי האָט שטילער-הייט זיך אויפגעהויבן, איז פאַרזיכטיק, אויף די שפּיצפינגער צוגעגאַנגען צום פענצטער און פאַר-הייבן דאָס פאָרהענגל.

אין דרויסן האָט שוין קאָנטיק גאָרוואָס אָנגעהויבן שאַריען. די שויבן האָבן זיך קאַלט גע-בלויט אינעם שטילן, זייער שטילן און פרישן פאַרטאָג. פאַרבײַ האָט מיט א דינעם זשום זיך דורכגעטראָגן א נאַכט-זשוקל, עס האָבן א שורכע געטאָן מיט די בלעטער די געאָרגינעס.

וואָווע איז ניט געווען.

„טאַקע אוועק"... — אין איר האָט מיט דער פריערדיקער קראַפט זיך אָנגעצונדן דער כאַס אויף אים, „אויב אַזוי... זאָל ער מיך זוכן..."

זי האָט אַרופגעוואָרפן אויפן קאָפּ דאָס טיכל, וואָס איז פאַרבליבן פון דער מאַמען, גיך אַרויס אינעם נאָך עטוואָס פאַרנעפּלטן קילבלעכן דרויסן און מיט די גערטנער, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן, א פולע מיט פאַרדראָס, אײַליק אוועק פאַרבײַ דער טרוקענער באַלקע אין סטעפּ אַרײַן. זי איז געגאַנגען איבער דעם עטוואָס ווײַסלעכן מיט טוי-באַדעקטן גראָז, וואָס האָט גע-

שווענקט און געוואשן אירע טופליעס, און זי האָט זיך געקילט דאָס האַרץ: זאָל ער זי איצט זוכן איבערן גאנצן כוטאָר... זאָל ער ניט וויסן אפילע, ווו זי איז אהינגעקומען... און זי וועט זײַן אפן סטעפּ... אין דער קוקורוזע... אין די סאָנעשניקעס... א גאנצן טאָג. ביז פינצטער. זאָל ער זוכן... הײַנט איז דאָך זונטיק, אן אָפּרו־טאָג. קיינער וועט אויסער איר ניט זײַן אפן סטעפּ... זייער גוט. זי וויל קיינעם ניט זען. קיינעם... „ער פאָרט אוועק", האָט ער געזאָגט. ער וועט זי ניט איבערשרעקן. זי קאָן אויך אוועקפאָרן. נו, יאָ. זי וועט טאקע פאָרן. קיין הולײַפּאָליע אף די אגראָקורסן. דער קאָמסאָמאָל האָט איר פאָרגעלייגט. זי האָט פריִער זיך אָפּגעזאָגט. ניט געוואָלט פאָרן. צוליב אים. און איצט וויל זי. איצט וועט זי דאפקע שוין יאָ פאָרן... לייע זאַיקעס לערנט זיך דאָרט... טעמע שמועל־דאָווידס, מארפע דרויאנס... מיט וואָס איז זי ערגער פון זיי?... א יאָר צײַט וועט זי זײַן אין ראיצענטער, אין הולײַפּאָליע. מיט וואָס איז שלעכט? א סטיפּענדיע, א צוזאמענוווינונג... און אז זי וועט ענדיקן די קורסן, וועט זי בעטן, אז מע זאָל זי שיקן אין אן אנדער קאָלווירט... ווהין מע וויל, נאָר ניט אהער. זאָל ער וויסן...

נעכאמקע איז שוין געווען אף יענער־זײַט טרוקענער באלקע. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער סטעפּ. ארום און ארום אף די נאָך גרויע מיט טוי־אָפּגעפּרישטע פעלדער האָט גערוט א דורכ־זיכטיקע שטילקײַט. נאָר פון כוטאָר האָט זיך פון מאָל צו מאָל דערטראָגן אָט א נאָענטער און אָט א ווײַטער האָנענקריי. די זאָרגלאָזע הענער האָבן פריילעך, ווי שטענדיק, זיך איבערגערופן, באגעגענענדיק דעם קלאָרן זון־אופגאנג...

## קאַפּיטל פינף

באלד נאָך דעם, ווי שעפּטל איז אוועקגעפאָרן אף דער ראיאָנער באראטונג קיין הולײַפּאָליע (אוועקגעפאָרן איז ער פארנאכט, קעדיי אינדערפרי זײַן דאָרטן), האָט זעלדע שוין אָנגעהויבן זיך גרייטן צו זײַן אומקערן זיך. זי האָט אראָפּגענומען די פאָרהענגלעך פון די פענצטער, דעם טישטעך פון טיש, די סאלפעטקעלעך, וואָס זײַנען געווען פארשפּרייט אפן קאָמאָד, און אײַנגע־ווייקט אף נאכט א פולע מולטער מיט וועש. שעפּטל האָט ניט ליב געהאט זײַן אין שטוב, ווען מע וואשט גרעט, און זי האָט דעריבער געוואָלט עס אָפּטאָן ביז זײַן אומקערן זיך.

אומקערן זיך האָט ער באדארפט מאָרגן אין אָוונט. און איר האָט זיך געוואָלט צו שעפּטלס קומען צוראַמען די שטוב, אויסוואשן די פענצטער און די טירן, איבערציִען די געלעגערס, אז אלץ זאָל זײַן רייך, אופראָמען אין הויף, ארום שטאל, לעבן ברונעם, אין פאליסאדניק, קעדיי שעפּטל זאָל טרעפן אלץ אין פולסטער אָרדענונג און ער זאָל זײַן צופרידן.

שוין אכט יאָר, ווי זיי האָבן געלעבט צוזאמען, און בא איר האָט זיך פארהיט צו אים יענץ געפיל, ווי אין די ערשטע טעג, ווען זי איז געוואָרן זײַן ווײַב. שעפּטל איז איר געווען ליב מיט זײַן איבערגעגעבנקײַט, מיט זײַן זאָרג פאר דער מישפּאָכע, פאר די קינדערלעך, מיט זײַן ערלעכקײַט — זי איז זיכער געווען, אז פאר די אכט יאָר האָט ער איר קיין ליגן ניט גע־זאָגט, — ער איז איר ליב געווען מיט זײַן גוורע און אפילע מיט זײַן שטרענגקײַט... אין איר באציִונג צו אים האָט עפּשער זיך אויך געלאָזט פילן דאָס, וואָס ער האָט פארנומען אלץ א מער אָנגעזען אָרט אין קאָלווירט, געווען געריִמט צווישן די בריגאדירן, מע האָט זיך מיט אים גע־רעכנט, געייצעט, און אפילע די אלטע קאָלווירטניקעס האָבן זיך צוגעהערט צו זײַנער א מיי־נונג. בא די לעצטע וואלן האָט מען אים אויסגעקליבן אלס מיטגליד פון קאָלווירט־פארוואלטונג. אלע האָבן געשטימט פאר אים. קיינער האָט ניט געהאט אזויפיל שטימען, וויפל ער. זעלדע האָט אין דער שטיל זיך אויך געגרייסט מיט דעם, וואָס זײַן בילד איז שוין דאָס צווייטע יאָר נאָכא־נאנד געווען אויסגעהאנגען אפן סטענד לעבן קלוב, און ווען זי איז ניט פארבײַגעגאנגען, האָט זי עטוואָס פארהאלטן די טריט און מיט פארגעניגן זיך אומגעקוקט אהין.

וואָס זעלדע האָט זיך ניט געקליבן טאָן, האָט זי פריִער געגעבן א טראכט — „און וואָס וועט זאָגן שעפּטל?.." ווען זי האָט געגרייט עפּעס א מײַכל, האָט זי שטענדיק איבערגעלעבט, צי ס'וועט געפעלן ווערן שעפּטלען; אז זי האָט זיך געקליבן באקן ברויט, האָט זי זיך באומרויִקט, אז ס'זאָל גוט אופגיין די טייג צו שעפּטלס קומען; אז זי האָט געראַמט די שטוב, האָט זי זיך געסטאַרעט אוועקשטעלן אלץ צוריק אפן אָרט, אָט אזוי ווי שעפּטל איז געוווינט צו דעם. זי האָט קיינמאָל זיך ניט געקלאָגט, אז ס'איז איר עפּעס שווער, ניט פארמאסערט פאר אים די קינדער, וועלכע זײַנען איר ניט וויניק דערגאנגען די יאָרן מיט זייער ניט פאָלגן. זי האָט געוווּסט, אז ער קומט אהיים א מידער, דארף מען אים מיט גאָרנישט ניט דערקוטשען, ניט אָפּעסן דאָס האַרץ. ווען א קינד האָט צעבראָכן א גלאָז, האָט זעלדע גיך צוגעראַמט און גלײַך געקויפט א נײַע; האָט שמועלקע, קריכנדיק אפן ווײַנשלבוים, געמאכט א גוואלדריס אף דעם נײַעם העמדעלע, האָט זי עס גלײַך פארנייט, אז שעפּטל זאָל עס אפילע ניט באמערקן; האָבן דער שכיינעס הינער

צערויעט די ציבעלעס אפן גאָרטן, האָט זי זיי שטיל ארויסגעטריבן און געמאכט א שוויַיג. שעפטלען פלעגט זי שטענדיק באגעגענען א צופרידענע, א רויִקע, אן אופגעלייגטע.

אופשטיין פלעגט זעלדע יעדן טאָג אפילע פריִער פאר שעפטלען, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער, זיך ספראוועט אין שטאל, אָנגעפויעט און אויסגעמאָלקן די בעהיימע, איַינגעהייצט דעם אויון, צוגעגרייט עסן פאר אלעמען, און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן שאריען, געלאָפן מיטן מעלקשעפל אף דער פערמע, אויסגעמאָלקן די צוועלף בעהיימעס, וועלכע זי האָט באדינט, און געיַילט צוריק אהיים, ווו ארבעט האָט קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. אין עטלעכע שאָ ארום איז זי ווידער געגאנגען הינטערן סטאוואָק אף דער פערמע. אזוי דריַי מאָל א טאָג. איבערלאָזן די שטוב אף דער שוויגער האָט מען ניט געקאָנט. מע האָט זי אליין געדארפט באדינען. פאר א גאנצן טאָג פלעגט זעלדע זיך ניט צוזעצן. די קאָלווירטניצעס האָבן זי באוואונדערט און מעקאַנע געווען אף איר אומדערמידלעכקיַיט. דאָס האָט איר האנאָע געטאָן. זי האָט שווער געהאָרעוועט און זיך געפילט גליקלעך.

באזונדערס האָט זעלדע ארומגעהאָוועט היַינט, גרייטנדיק זיך צו שעפטלס קומען.

פארטאָג שוין האָט זי אויסגעוואשן די מולטער גרעט און אויסגעהאנגען טריקענען. באטאָג, ווען זי האָט זיך צוגעכאפט אהיים, איז דאָס גרעט שוין געווען טרוקן, — זי האָט א העלפט פון דעם אויסגעפרעסט און איצט, ווען זי האָט זיך ספראוועט אף דער פערמע, האָט זי, ניט פארהאלטנדיק זיך, אוועקגעיַילט אהיים, ווו עס האָט נאָך געווארט אף איר א וועלט מיט ארבעט.

פריִער פאר אלץ האָט זי אָנגעהאָדעוועט די קינדער, וואָס זיַינען זי באפאלן פון אלע זיַיטן, — די אייגענע און אויך דעם זעקסיאָריקן קורטן, וועמען עלזא, די שכיינע זייערע, האָט איבערגעלאָזט בא איר אף עטלעכע טעג, ווען זי איז אוועקגעפאָרן אין שפיטאָל. ווען די קינדער האָבן זיך בארויִקט, האָט זי איַינגעהייצט דעם אויון, אָנגעוואָרעמט וואסער און צוגעלייגט פריִפארקעס דער שוויגער, וועמען ס'האָבן געבראָכן די לענדן. נאָכדעם האָט זעלדע אוועקגעשטעלט קאָכן. זי האָט אכטונג געגעבן אף די טעפ אין אויון און אין דער זעלבער ציַיט, דאָ דערביַי, אפן ריין צוגעקליבענעם טיש אין קיך, געפרעסט דאָס איבעריקע גרעט. ווען זי האָט פארענדיקט פרעסן, האָט זי אָנגעצויגן ריינע ציכן אף די קישנס, פארשפרייט פרישע ליַילעכער, אופגעהאנגען די פאָרהענגלעך. זי האָט עס געטאָן פלינק, עטוואָס געיַילט, ווי זי וואָלט מוירע האָבן, אז אָט־אָט וועט אָנפאָרן שעפטל און אין שטוב וועט נאָך ניט זיַין אלץ צוגעקליבן.

שוין שפעט אין אָונט, ווען זעלדע האָט, סאָפקאָלסאָף, זיך ספראוועט מיט אלע ארבעטן, האָט זי ארויסגעצויגן פון ברונעם עטלעכע עמער וואסער, מיטן ארומגעסמאליעטן ראָהאטש ארויסגעשלעפט פון אויון די גרויסע טשוהונענע טעפ אָקרעפ, פאנאנדערגעפירט דאָס הייסע און קאלטע וואסער אין דער הילצערנער מולטער און אויסגעבאָדן פריִער די מיידלעך, נאָכדעם די יִינגלעך. קורטן האָט זי אויך אויסגעבאָדן, כאָטש ער האָט געוויינט און בעשום־אויפן ניט געוואָלט. זעלדע האָט אלעמען אָנגעטאָן ריינע העמדלעך און זיך גוט אָנגעמאטערט ביז זי האָט זיי באלייגט אין די בעטלעך. שמועלקע און עסטערקע האָבן ניט געוואָלט זיך לייגן שלאָפן, ביז דער טאטע וועט ניט קומען צו פאָרן. זעלדע האָט געמוזט זיי צוזאָגן, אז ווי נאָר זי וועט דערהערן, אז דער טאטע פאָרט, וועט זי זיי אופוועקן. דעמלט ערשט האָבן זיי זיך בארויִקט און, מידע פון א גאנצן טאָג ארומלויפן אונטער דער בלענדנדיק־הייסער זון, איַינגעשלאָפן.

זעלדע האָט פארהאנגען די פענצטער, פארשפארט אף יעדן פאל די טיר, אז קיינער זאָל ניט אריַין, אויסגעצוואָגן די האָר, נאָכדעם אויסגעטאָן זיך נאקעט און זיך אויסגעבאָדן. זי האָט זיך דערפרישט, דערפילט זיך ליַיכטער און מיט פארגעניגן אָנגעטאָן א זויבער־וויַיס פריששמעקנדיק העמד. דאָס העמד איז געווען לאנג, געפאלדעוועט זיך און בוילעט אויסגעטיילט איר פולבלעכע מוטערלעכע ברוסט.

זעלדע האָט פארקעמט די האָר, פארבונדן זיי מיט דער קאָסינקע, אָנגעטאָן א ריין קלייד. נאָכדעם האָט זי פארשפרייט א וויַיס טישטעכל אפן קיך־טיש, אָנגעשניטן ברויט, אוועקגעשטעלט די סאָליארקע מיט זאלץ, און, א בארויִקטע, זיך צוגעשפארט אף דער ניט אויסגעבעטער הארטער קאנאפע. זי איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט אלץ אָפגעטאָן און צוגעגרייט ביז שעפטלס קומען. לויט איר כעזשבן האָט ער שוין איינגיכן געדארפט זיַין אין דער היים. איר האָט זיך שוין געוואָלט וויסן, וואָס פאר א ניַיס ער פירט מיט זיך, וואָס איז דאָרט געווען אף דער באראטונג, וואָס האָט מען דאָרט גערעדט וועגן זיַין בריגאדע. ערשט היַינט איז דאָך געווען אין ציַיטונג וועגן אים... מיסטאמע האָט ער זיך געזען מיט איוואשטשענקאָן... געדארפט דערמאָנען שעפטלען, ער זאָל זיך דערוויסן וועגן עלקען. ווי לעבט זי? וואָס איז מיט איר? זי איז דאָך געווען אמאָל איר פיִאָנער־וואָזשאטע. איר קאָן איצט זיַין ניט גרינג אליין מיטן קינד...

זעלדע האָט אײַנגעדרעמלט. אין שטוב איז געווען זייער וואַרעם, קימאַט הייס פון דעם אויוון. דורך דעם אָפענעם פענצטער האָט געצויגן מיט קילער פרישקייט. אין דרויסן איז געווען שטיל. זייער שטיל. נאָר מיטאַמאָל האָט א צווײַג פונעם ווײַנשלבוים א שאַרכע געטאָן און זיך אָנגערירט אָן דער שויב. זעלדע האָט זיך אופגעכאַפּט. ס'האָט באַ איר אָנגעהויבן פריילעך קלאַפּן דאָס האַרץ. זי איז אופגעשפרונגען פון דער קאַנאַפּע און, פאַרגעסנדיק אָנטאָן עפּעס אַף די פיס, א באַרוועסע אַרויסגעלאָפן אין הויף.

— שעפּטל!.. — האָט זי אויסגערופן, אײַנקוקנדיק זיך אין דער בלויער טונקלקייט.

קיינער האָט ניט געענטפערט. קיינער איז ניט געווען. די לעוואָנע איז איינע אליין, עטוואָס א בלייכע, ווי אָן איבערגעשראָקענע, געשטאַנען איבערן כוטאָר.

„ס'איז שוין שפּעט“, — האָט זעלדע א באַמרויִקטע א טראַכט געטאָן, — „ער האָט דאָך שוין געדאַרפט קומען“... זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, געבליבן שטיין אינמיטן הויף און זיך צוגעהערט, צי עס סקריפּען ניט ערגעץ אַפן באַנאַכטיקן שליאַך די רעסאָרן פון שעפּטלס בעדאַרקע, צי עס הירזשעט ניט דער הינגסט[1]. נאָר פונעם שליאַך האָט זיך אהער ניט דערטראָגן קיין מינדסטער קלאַנג, וואָס זאָל דערמאָנען, אַז עמעץ פאָרט. עס האָט זיך נאָר געהערט, ווי עס קוואַקען די פרעש ערגעץ צווישן דעם אָטשערעט אין סטאַוואָק, ווי עס גרילצן די צירקונען.

„נאָך גוט, וואָס עס איז א ליכטיקע נאַכט“, — גיט א טראַכט זעלדע, — „ס'איז שעפּטלען פריילעכער צו פאָרן. מע זעט, וווּ עס איז א בערגל, וווּ א ריוושאַק, וווּ א בריקל... ששא.. דוכט זיך, עס הערט זיך א קלאַפּן פון רעדער... ניין, ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט...“

קאָנטיק פון דעם, וואָס זי האָט זיך געבאָדן און געווען לײַכט אָנגעטאָן, אָדער עפּשער אויך פון מידקייט, האָט זעלדען אָנגעהויבן עטוואָס פיבערן דאָס לײַב. ס'איז איר געוואָרן קאַלט. זי איז אַרײַן צוריק אין צימער, ווו ס'האָט געדיכט געשמעקט מיט פרישן גראָז. דאָ איז געווען מעכײַעדיק וואַרעם. הינטערן אויוון איז געשלאָפן די שוויגער, אין די קורץ-געוואָרענע בעט-לעך — די עלטערע קינדער: עסטערקע און טײַבעלע אין איין בעטל, שמועלקע דערבײַ אין א צווייט. אַף צונויפגעשטעלטע בענקלעך — קורט. זיי האָבן אין שלאָף שטיל געאָטעמט. שאָ-לעמקע איז געלעגן אין דעם פאַריסענעם העמדעלע אינגאַנצן אָן אָפּגעדעקטער מיט פאַנאַנדער-געוואָרפענע הענטלעך אין דער ליולקע, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם נײַעם ניקלנעם בעט. דאָס ברייטע בעט מיט די בליאַסקענדיקע רערלעך באַ די זײַטן איז געווען ציכטיק אויסגעבעט אַף צוויי קישנס און געוואַרט אַף שעפּטלען.

זעלדע איז שטיל צוגעגאַנגען צום קאָמאָד און א קוק געטאָן אַפן זייגער — שעפּטלס פּרעמיע צום אָקטיאַבער-יאָמטעוו. ס'האָט זיך גאָרנישט ניט געזען. זי האָט גענומען דעם זייגער צום פענצטער און א קוק געטאָן אַנטקעגן דער לעוואָנע. ס'איז שוין געווען נאָך צוועלף. באַ זעלדען האָט א ציטער געטאָן די האַנט. ס'איז איר מיטאַמאָל געוואָרן ניט רויִק אַפן האַרצן. „שוין אַזוי שפּעט און ער איז נאָך ניטאָ... צי האָט כאַסוועכאַלילע עפּעס ניט געטראָפן מיט אים?..“

זי איז ווידער אַרויס אין דרויסן און א בלייכע געבליבן שטיין לעבן דער פריזבע. ווען ער זאָגט איר, אַז ער וועט זיך נאָך דער באַראַטונג דאָרט פאַרהאַלטן, וואָלט זי זיך אינגאַנצן ניט באַמרויִקט. נאָר ער האָט איר דאָך גאָרנישט ניט געזאָגט. און וואָס האָט ער דאָרט צו טאָן, אַז מאָרגן איז אָן אָפּרו-טאָג? ס'האָט איר ווידער אָנגעהויבן פיבערן און זי איז צוריק אַרײַן אין שטוב. זי האָט נאָכאַמאָל א קוק געטאָן אַפן זייגער. עפּשער האָט זי א טאָעס געהאַט. ניין. דער זייגער איז שוין געווען באַלד איינס.

שטיל טרעטנדיק איבערן גראָז, מיט וועלכן ס'איז געדיכט באַשאָטן געווען דער דיל, איז זעלדע צוגעגאַנגען צו דער ליולקע, פאַריכט דאָס העמדעלע אַף שאָלעמקען, אופגעהויבן די קאָלדרע און צוגעדעקט קורטן. זי האָט געזוכט נאָך וואָס צו טאָן, נאָר ניט געפינענדיק וואָס, איז זי צוגעגאַנגען צום פאַנאַנדערגעעפנטן פענצטער און זיך אָנגעשפּאַרט מיטן הייסן קאָפּ צום בײַשטידל. זי האָט זיך אײַנגעקוקט דורך דער נאַכט-בלויקייט ווײַט אהין, ווו הינטערן סטאַוואָק, אַרויף-באַרג, שלענגלט זיך צווישן די צײַטיק ווערנדיקע טוועס דער הולײַפּאָליער שליאַך, און, ניט א ריר טוענדיק זיך פון אָרט, מיט א פאַרטײַעטן אָטעם זיך צוגעהערט. זי איז אַזוי לאַנג גע-שטאַנען און וואָס מער צײַט ס'איז אַדורך, האָט אַלץ אָפטער און שטאַרקער געטיאָכקעט באַ איר דאָס האַרץ. יעדע מינוט איז זי געוואָרן אַלץ אומרויִקער און זי האָט שוין ניט געוווּסט, וואָס איבערצוטראַכטן. „צוליב וואָס האָט ער זיך דאָרט פאַרהאַלטן?.. פאַרוואָס האָט ער איר ניט גע-זאָגט וועגן דעם?..“

נאָר ווען דער זייגער איז שוין געווען נאָך צוויי, האָט זי פאַרגעסן אין אַלע טײַנעס צו אים, זי איז אים אַלץ מוחל געווען, זי האָט געוואָלט נאָר איינס — ער זאָל קומען א געזונטער אהיים...

[1] — אַן אָגער.

פּאַרן אוועקפאָרן אף דער באַראַטונג איז ער דאָך די נאַכט ניט געשלאָפן, געווען אפן סטעפּ בא די טראַקטאָרן, באַטאָג אויך ניט אָפּגערוט, אוועקגעפּאָרן א מידער און געקאָנט אפן וועג אנשלאָפן ווערן... ער איז דאָך געפאָרן באַנאַכט, איינער אליין... ווער ווייסט, וואָס מיט אים איז געשען... אפן זינען זײַנען איר געקומען פאַרשיידענע געדאַנקען, איינער שרעקלעכער פונעם אנדערן. אָט זעט זי, ווי אנטקעגן דער בעדאַרקע יאָגט מעשוגענערווײַז א מאַשין, שעפּטל שלאָפט, ער באַוויײַזט ניט אָפּקערן פון וועג און די מאַשין פאָרט אַרויף אף דער בעדאַרקע... זי זעט אים ליגן א צעמאַזיקטן אפן וועג...

בא זעלדען האָט דאָס האַרץ געטיאַכקעט אלץ שטאַרקער, געקלאַפּט ווי מיט א האַמער.

אין וויגעלע האָט א וויין געטאָן שאַלעמקע. קוים איבערשטעלנדיק די פיס, איז זעלדע צוגעגאַנגען, א וויג געטאָן, ער זאָל ניט אופוועקן די איבעריקע קינדער. לעבן דעם טיש האָט זי זיך פאַרטשעפעט אָן א בענקל. עס איז אומגעפאַלן. שמועלקע האָט זיך אופגעכאַפּט.

— דער טאַטע איז געקומען? — האָט ער פאַרשלאָפן א פרעג געטאָן.

— נאָך ניט... שלאָף, — האָט זעלדע זייער שטיל געזאָגט, — אז ער וועט קומען, וועל איך דיך אופוועקן.

— און פאַרוואָס איז ער נאָך ניטאָ?

— ער פאָרט נאָך, — איר שטים האָט א ציטער געטאָן.

— און פאַרוואָס פאָרט ער אזוי לאַנג?

— נו, וואָס ווילסטו נאָך פון מיר? — האָט זעלדע פאַרביטערט א זאָג געטאָן און איז ווידער צוגעגאַנגען צום פענצטער. לעבן פענצטער איז זי געשטאַנען, ניט א ריר טוענדיק זיך פון אָרט, ביז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. און אפן שליאַך האָט זיך נאָך אלץ ניט באַוויזן די בעדאַרקע. שעפּטל איז נאָך אלץ ניט געפאָרן...

## קאַפּיטל זעקס

שעפּטל איז נאָך געשטאַנען אף דער הילצערנער בריק, וואָס איז באַגאָסן געווען מיט לע־וואַנע־שײַן, און נאָכגעקוקט עלקען, ביז זי איז ניט פאַרשוווּנדן אין דער טונקלקייט פון דעם זײַטיקן געסל. ער האָט זי שוין ניט געזען, נאָר אין דער נאַכט־שטילקייט האָט זיך נאָך דער־טראָגן אהער דער אָפּהילך פון אירע לײַכטע טופליעס. שעפּטל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם האָט ער זיך צוגעהערט צו אירע אלץ מער דערווײַטערנדיקע טריט, ביז זיי זײַנען אינגאַנצן ניט פאַרלוירן געגאַנגען. דעמלט האָט ער פאַרזאָרגט זיך אומגע־קוקט, פאַרייכערט א פּאַפּיראָס, זיך דורשטיק פאַרצויגן און זיך געלאָזט גיין. ניט געײַלט איז ער אדורך די בריק און זיך פאַרנומען מיט דער לאַנגער, געדיכט־באַגרינטער גאַס, וואָס האָט גע־פירט צום צענטער, צום קאָלווירטישן אײַנפאָר־הויז.

ס׳איז שוין געווען שפּעט. אף דער גאַס, בא די קאַליטקעס, לעבן די פּאַליסאַדניקעס האָט זיך קיינער ניט געזען. די שײַן איז קימאַט אומעטום געווען אויסגעלאָשן. אין די אַרומגעצוימטע הויפן האָט געהערשט א באַנאַכטיקע שטילקײַט. נאָר פון איין באַלויכטענעם פענצטער איז געפאַלן א בלייכע שײַן אפן גרינעם געבלעטער פון די נידעריקע ווײַנשלבוימער אין פּאַליסאַדניק, און ס׳האָבן זיך פון דאָרט, פון דעם פאַנאַנדערגעעפנטן פענצטער, דערטראָגן שטילע, זויבערע קלאַנגען פון א פידל. עמעצן, עפּשער א פאַרליבטער, האָט זיך ניט געשלאָפן און זי האָט געהערט דעם באַנאַכטיקן קאָנצערט, וועלכן ס׳האָט איבערגעגעבן די מאָסקווער ראַדיאָ.

שעפּטל איז געגאַנגען מיט פאַמעלעכע טריט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט צעווייען עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיך געוואָרעמט בא אים לעבן האַרצן, און געטראַכט האָט ער וועגן עלקען. „וויפל האָט זי איבערגעלעבט פאַר דער צײַט, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען!..“ — עס האָט אים װיי געטאָן פאַר איר. „פאַרוואָס קומט עס איר? פיר יאָר אָן א מאַן... ערגער פון אַן אַלמאָנע... און דאָס קינד אָן א טאַטן... פאַרוואָס האָט דאָס לעבן בא איר זיך צונויפגעלייגט אזוי ניט גליקלעך?.. זי זאָגט, אז ער איז אין גאַרנישט ניט שולדיק... איז פאַרוואָס האָט מען אים געגומען?.. הייסט עס, אז זי ווייסט ניט אלץ וועגן אים“... שעפּטל האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט ניט געקאָנט פאַר־שטיין, וויאַזוי האָבן געקאָנט אלטע קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען נאָך אַמאָל געזעסן אין די טור־מעס, אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע לעבן דער רעוואָלוציע, ווערן מיטאַמאָל סאָנים פון פאָלק... אָט, לעמאָשל, פאָסטישעוו... צי קאָסיאָר... עס האָט זיך אים פּאַשעט ניט פאַטופעט אין קאָפּ... ער האָט אפילו ניט אָנגעהויבן סאָפעקן. ווייבאַלד מע האָט זיי געגומען, זײַנען זיי שולדיק. נאָר ווי־אזוי זײַנען זיי דערגאַנגען צו דעם... דאָס זײַנען דאָך געווען מיסטאָמע קלוגע מענטשן, אָנפירער... און זיך אַרויסגעוויזן פאַר סאָנים פון פאָלק... און עלקעס מאַן אויך...

ס'איז שוין געווען ארום צוויי אזייגער באנאכט, ווען שעפטל איז א מידער, א צעבויטעטער אַרײַן דורך דעם ברייט-פאנאנדערגעעפנטן טויער אין קאָלווירטישן אײַנפאָר-הויז. דער גרוי־סער, פון אלע זײַטן ארומגעבויטער הויף איז געווען פוסט. די בריגאדירן זײַנען שוין פון לאנג זיך פאנאנדערגעפאָרן, איבערלאָזנדיק דאָ דאָס גערוך פון פרישן היי, פון דזעגעכץ און צוגע־טריקנטן פערדנמיסט.

שעפטל איז צוגעגאנגען צו זײַן בעדארקע, וואָס איז געשטאנען אין איין־איינציקע אין סאמע טיף הויף, ווי א פארלאָזטע, און ער האָט זיך דערפילט ווי עפּעס שולדיק. אים האָט זיך מיט־אמאָל פארוואָלט וואָס גיכער שפּאנען און פאָרן אהיים. ער האָט זיך שוין אפילו געלאָזט צו דעם גניאדן, נאָר זיך דערמאָנט, אז ער האָט זיך נאָך ניט צערעכנט מיטן קאָמענדאנט. שעפטל איז מיט גיכע טריט אוועק אין קאָנטאָר. דער קאָמענדאנט איז ניט געווען. די וועכטערן האָט אים געזאָגט, אז דער קאָמענדאנט איז שוין פון לאנג אוועק און וועט קומען פיר אזייגער פארטאָג, ווײַל צו פינף דערוואַרט מען א דעלעגאציע פון זאפּאָראָזשיער קאָמבײַנען־זאוואָד.

שעפטל האָט זיך שוין ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס ער האָט באצײַטנס זיך ניט צערעכנט און איצט וועט אים אויסקומען נאָך צוויי שאָ וואַרטן דאָ... ער איז אוועק צוריק אין הויף, אָנגע־שעפּט עטלעכע עמער וואסער אין ברונעם, אָנגעפּאָיעט דעם גניאדן און אונטערגעשאָטן אים האָבער אין קאָרעטע, נאָכדעם זיך פארקליבן אף דער דערבײַליגנדיקער קופּע היי און זיך צוגעשפּארט. ער האָט געוואָלט כאָטש אף א ווײַל אנדרעמלט ווערן, נאָר ניט געקאָנט. אין קאָפּ זײַנען אים געקראָכן פארשיידענע געדאנקען און זיי אלע זײַנען געווען פארבונדן מיט עלקען. און פון דעם, וואָס ס'האָט זיך געטראכט וועגן איר, איז אים גוט געווען אפן הארצן. אים האָט זיך ניט געוואָלט צעשטערן אָט די געדאנקען, דאָך האָט ער זיך עטלעכע מאָל אופגעהויבן, פאררייכערט און איז געגאנגען א קוק טאָן אף דעם זייגער.

גייענדיק האָט ער בא זיך אונטערגערעכנט, אז אויב ער וועט ארויספאָרן פונדאנען פיר אזייגער, וועט ער זײַן אין דער היים אזייגער צוועלף און באווײַזן צו דאַדיע בורלאקן אף דער גאָלדענער כאסענע. „מע וואָלט נאָך געדארפט צופאָרן קיין סוויאטאָדראָוועקע, אין שפּיטאָל, זען וואָס איז מיט עלזען, — האָט ער א טראכט געטאָן, — שוין צוויי וואָכן, אז זי ליגט דאָרטן און קיינער איז נאָך ניט געווען בא איר... א שכיינע און אן עלנטע דערצו... א ראכמאָנעס סײַ אף איר, סײַ אפן קינד... נאָר ער וועט שוין הײַנטיקן זונטיק ניט באווײַזן".

פיר אזייגער פארטאָג איז געקומען דער קאָמענדאנט. שעפטל האָט זיך צערעכנט, אײַנגע־שפּאנט די בעדארקע, אָנגעלייגט ווייך, פריש-שמעקנדיק היי, עס זאָל זײַן בעסער צום זיצן, און, אומקוקנדיק זיך, צי ער האָט דאָ גאָרנישט ניט איבערגעלאָזט, איז ער ניט געײַלט ארויסגעפאָרן אף דער פארטאָגיק-שטילער נאָך גרוי-פארנעפּלטער גאס.

דער הינגסט איז באלד אוועק אין גיכן געלויף. פאנאנדערטראָגנדיק א הילכיקע צאָקערײַ פון די גוט-אונטערגעשמידטע קאָפּיטעס איבער דעם שטיינערנעם ברוק. ברייט פאנאנדערשטעלנ־דיק די פיס, האָט שעפטל זיך בעסער אײַנגעמאָסטעט אף דער ווייכער זיצלקע, אָנגעצויגן די לייצעס און אײַנגעהאלטן דעם גניאדן, ווי ער וואָלט ניט וועלן צעשטערן די צויבערנדיקע שטיל־קײַט, וואָס האָט נאָך געהערשט? געערוט אין די געדיכט-באגרינטע הויפן, אין די פּאַליסאַדניקעס און אף דער גאס, ווו קיין מענטשן זײַנען נאָך ניט ארומגעגאנגען.

ערשט שפּעטער, ווען שעפטל האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך די אויסגעברוקירטע גאס און איז שוין אויסערן דאָרף ארויסגעפאָרן אפן גלאטן זאמדיקן וועג, האָט ער א צי געטאָן די לייצעס, דער הינגסט האָט פריילעך א הירזשע געטאָן, ווי ער וואָלט שוין לאנג געוואַרט אף דעם, און, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ מיט דער שיינער גריווע, זיך לײַכט אוועקגעטראָגן איבער דעם באקאנטן גוט-אויסגעפאָרענעם וועג, וואָס האָט געפירט אהיים, אין כוטאָר אַרײַן.

צוביסלעכווײַז האָט אָנגעהויבן ווערן ליכטיקער, דער מיזרעכדיקער ראנד הימל איז באַ־גאָסן געוואָרן מיט ראָזקײַט. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

וויפל מאָל איז שעפטל געפאָרן מיט אָט דעם וועג. ער האָט דאָ געוווּסט, דוכט זיך, יעדעס בערגל, יעדן ריווטשאק, יעדן ארוף־ און אראָפּ-בארג. יעדער קוסט אפילו, וואָס איז געוואַקסן דאָ און דאָרט בא דער זײַט וועג, איז אים געווען באקאנט. און דאָך איז איצט פאר אים אלץ געווען ווי עפּעס נײַ. אומקוקנדיק זיך אף דער גרענעצלאָזער שיינקײַט, וואָס האָט אים פון אלע זײַטן אופוואכנדיקן סטעפּ ארומגענומען, האָט ער געפילט, אז דאָס הארץ צאפּלט אין אים.

וויפל מאָל האָט שעפטל אף זײַן לעבן געזען, ווי ס'גייט אוף אין אָט דער צײַט די זון, ווי ס'וואַכן אוף די געוויקסן. נאָר דאָך האָט ער עפּשער נאָך קיינמאָל ניט געזען אזא רירנדיקע, אזא גרויסאַרטיקע שיינקײַט, ווי איצט. אלץ ארום האָט אים, ווי קיינמאָל ביז איצט, געפרייט דאָס אויג: אי דער רײַף ווערנדיקער, מיט רויטקײַט באגאָסענער ווייץ, וואָס האָט זיך אוועקגעכוואליעט ווײַט-ווײַט, אזש ביז די צוויי איינזאמע טאָפּאָלן, אי די בלײַענדיקע הויכע זונרויזן ארוף-באַרג,

אי די זייער גראַטעטענע נאָך גרינע קוקורוזע לענגויס דער צוויטער זײַט וועג, אי דער געדיכט־באגילדעטער האָבער אין באלקע... דער סטעפּ האָט שטיל געראַשט, די געוויקסן האָבן געטעמט, זיך געצויגן אין דער הייך, געוואַקסן, געשורכעט מיט די זאנגען, געפלאַטערט מיט די בלעטער, אָנגענומען זיך מיט קראַפט, מיט זאַפט פון דער גוט־באַמיסטיקטער און אויסגעוואַרעמטער שוואַרצערד, געפינקלט מיט דעם זייער קלאָרן קילבלעכן טוי, וואָס האָט געבליאַסקעט און זיך אָפּגעשפּיגלט אַנטקעגן דער צונטער־רויטער אופגייענדיקער זון, איבערגיסנדיק זיך אין קאָלאָר־ליי קישעף־פאַרבן.

די בעדאַרקע האָט זיך לײַכט אונטערגעהוידעט איבער דעם שטילן וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן די הויכע ברויטן. די קאַיאַריקע סטעפּ־לופט, וואָס האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך אי די פּײַכטקײַט פון דעם קילבלעכן טוי, אי די קוים־באַמערקבאַרע וואַרעמקײַט פון די ערשטע זונשטראַלן, האָט געפרישט שעפּטלען דאָס פּאָנעם. „וואָס טוט איצט עלקע...״ — האָט ער מיט בענקשאַפט געטראַכט. — זי קער נאָך אוודע שלאָפן. אָדער מעגלעך, אַז זי שלאָפט שוין ניט. זי ליגט אין דעם קלאָר־ווײַסן בעט מיט די ווייכע צעשאָטענע האָר אַפן קישן און טראַכט עפּשער וועגן דעם נעכטיקן אָוונט. סײַדן נאָך אזא אָוונט איז מעגלעך שלאָפן? געוויס שלאָפט זי ניט...

פון דעם געדאַנק קוועלט באַ אים אָן דאָס האַרץ, ווי א קנאָספּ אין פרילינג נאָך א גוטן וואַרעמען רעגן. ער דערמאָנט זיך מיטאַמאָל, ווי עלקע האָט אים א פרעג געטאָן: „נו, און מיט זעלדקען ביסטו גליקלעך?״ וואָס האָט זי געמיינט מיט דעם? מעגלעך, אַז מיט אָט דער פראַגע האָט זי געוואָלט עפּעס זאָגן. אָדער זי האָט פּאַשעטע גלאַט אזוי געפרעגט. ניין, עפּעס האָט זי געמיינט מיט דעם. ער געדענקט אפילע ניט, וואָס ער האָט איר געענטפערט. נאָכדעם האָט זי ווידער עפּעס געפרעגט. און ווען זיי זײַנען געשטאַנען אַף דער בריק, האָט זי זייער וואַרעם א קוק געטאָן אים גלײַך אין די אויגן און אַף געוויס געוואָלט אים עפּעס זאָגן, נאָר פלוצלינג איבער־געטראַכט. וואָס האָט זי דעמלט געוואָלט אים זאָגן? נאָך אין צימער באַ איר האָט זי געזאָגט, אַז ער איז געוואָרן אַן אַנדערער, אַף ניט צו דערקענען. וואָס האָט זי געמיינט מיט דעם? אוודע, ווען איר זאָל זײַן ניט אָנגענעם, וואָלט זי ניט געגאַנגען אים באַגלייטן. ער האָט זי דאָך ניט גע־רופן. זי איז אליין געגאַנגען. און דאָס, וואָס זי האָט אים ניט געבעטן פאַרבלײַבן נעכטיקן, איז בעסער. ער וואָלט סײַווי ניט פאַרבליבן.

שעפּטל האָט זיך געכאַפּט באַם געדאַנק, אַז ער טראַכט די גאַנצע צײַט נאָר וועגן עלקען, און ער האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט ווי שולדיק פאַר זעלדען, פאַר די קינדערלעך. זעלדע שלאָפט שוין זיכער ניט. דאָס ווייסט ער שוין דאַפקע אַף געוויס, זי פּאַרעט זיך שוין מיסטאַמע אין קיך, ראַמט, קאָכט און וואַרט, קוקט אַרויס אַף אים... און ער?.. שעפּטל האָט געפּרוּווט צווינ־גען זיך טראַכטן וועגן דער היים, וועגן דער מישפּאָכע זײַנער, וועגן דעם אַלעמען, וואָס עס דערוואַרט אים דאָרט באַ זיך אין שטוב, נאָר די געדאַנקען האָבן אומבאַמערקט אים אוועקגע־טראָגן צוריק צו עלקען און ער האָט שוין ווידער געטראַכט וועגן איר, נאָר וועגן איר. עס האָט אים איצט אָנגעהויבן באַאומרויִקן, צי וועט זי האַלטן וואָרט. זי האָט צוגעזאָגט קומען איבער־אַכטאָג זונטיק. הײַנט איז דער צוויי־און־צוואַנציקסטער, הייסט עס, דעם ניין־און־צוואַנציקסטן. א גאַנצע וואָך וואַרטן. און טאָמער וועט זי ניט קומען? זי קאָן עפּשער איבערטראַכטן אָדער פאַרגעסן. מאַלע וואָס עס קאָן באַ איר טרעפן ביז איבעראַכטאָג זונטיק. — פון דעם געדאַנק איז שעפּטלען אזש הייס געוואָרן. — אויב זי וועט איבעראַכטאָג זונטיק ניט קומען, וועט ער נאָכאַמאָל צופאָרן קיין הולײַפּאָליע... ער דאַרף סײַווי ניט שפּעטער, ווי אין א וואָך אַרום, זײַן דאָרט. מעגלעך, אַז צו יענער צײַט וועלן שוין אָנקומען אין עמטעעס די קאָמבײַנען פון דער נײַער קאָנסטרוקציע. אים האָט זיך געוואָלט איצט איין זאַך, — אַז עס זאָל שוין וואָס גיכער דורכגיין די וואָך. וואָס גיכער. צי דען האָט ער זי ליב? נאָך מער, ווי דעמלט?.. „פיר יאָר שוין, ווי זי לעבט אָט אזוי אַן עלנטע, איינע אליין מיטן קינד און וואַרט אַף אים... ער וועט פון דאָרטן זיך דאָך שוין קיינמאָל ניט אומקערן...״

— טראַכסט ווידער וועגן איר, — האָט שעפּטל אומצופרידן א קנייטש געטאָן געטאָן דעם שטערן, — ניאָ, הײַדאַ!.. — האָט ער א צי געטאָן די לייצעס און א טרײַב געטאָן דעם הינגסט, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן פון די געדאַנקען, וואָס האָבן אים פאַרפאַלגט.

אונטערוויגנדיק זיך אַף דער בעדאַרקע, וואָס האָט זיך לײַכט געקײַקלט איבער דעם גוט־אויסגעפאָרענעם וועג, האָט שעפּטל פאַרקערעוועט פאַרבײַ די צוויי שלאַנקע טאָפּאָלן. אַנטקעגן האָט מיט א הודערײַ, אופהייבנדיק א ווינט, זיך אָנגעטראָגן א דרײַטאָנקע מיט אונטערטאַנצנדיקע בידאָנעס מילך. שעפּטל האָט גלײַך דערקענט דעם שאָפער פון הולײַפּאָליער מילך־זאַוואָד. דער שאָפער האָט אים אויך דערקענט און אָפּגעשטעלט די מאַשין.

— פון הולײַפּאָליע? — האָט ער א פרעג געטאָן שעפּטלען, ניט אַרויסגייענדיק פון דער קאַבינע. — וואָס הערט זיך דאָרט?

— גאַרניט. קיין שום נײַס.

— קיין רעגן איז ניט געגאַנגען?

— סײַדן דאָ איז געגאַנגען? — האָט שעפּטל געענטפערט מיט א פראַגע.

— באַנאַכט האָט זיך ערטערווײַז א ביסל געכמארעט, נאָר ס'האָט דורכגעטראָגן פארבײַ.

— און דאָרט גאַרניט... ווער דאַרף איצט א רעגן, — האָט שעפּטל געוויזן אַף דעם הויכן זייער געראָטענעם ווייץ. — באַ אונדז אין כוטאָר ביסטו ניט געווען?

— שפּעטער, מיטן צווייטן רייס וועל איך זײַן. באַ אײַך איז, דוכט זיך, הײַנט א סימכע.

— אָ, הײַנט הוליען מיר! קום צו פאָרן.

— גוט. איכל שוין קומען. — דער בלאָנדער שאָפער האָט צופרידן א שמייכל געטאָן און אײַנגעשלאָסן דעם מאָטאָר.

ווען די מאשין איז שוין געווען אַרוף־באַרג, האָט שעפּטל זיך אומגעקוקט. ער איז מעקאַנע געווען איצט דעם שאָפער פאר איין זאך — פאר דעם, וואָס ער וועט באַלד זײַן אין הולײַפּאָליע און וועט דורכפאָרן איבער דער הילצערנער בריק און איבער דעם נײַעם געסל, ווו זי, עלקע, וווינט...

אין סטעפּ איז נאָך געווען זייער שטיל. נאָר אין א ווײַלע ארום האָט זיך דערטראָגן פון הינטערן באַרג א ווײַטע טראַקטערײַ, וואָס האָט זיך צוביסלעך דערנעענטערט. באַלד האָבן אַנטקעגן שעפּטלען אָנגעהויבן אָנפאָרן איינער נאָך דעם אנדערן פול־געלאָדענע וועגענער, וועלכע האָבן פריילעך אונטערגעקלונגען מיט די הוידענדיקע אָרטשיקעס, מיט די געקאָוועטע רעדער, מיט די אונטערגעבונדענע עמערס. די פורן האָבן געײַלט אַפן זונטיק־מארק, קיין הולײַפּאָליע. פון אייניקע קאָלווירטן האָט מען געפירט אַפן מארק ערשט אויסגעגראָבענע יונגע קארטאָפל, פרישע רעטעכלעך, ציבעלעס, מערעלעך, פון אנדערע — שטײַגן מיט יונגע אויפעס, קוישן מיט קאַרשן, פעסלעך מיט ברינדזע. די מערסטע פון די אַנטקעגנפאָרנדיקע קאָלווירטניקעס און קאָל־ווירטניצעס, וואָס זײַנען געזעסן אָדער געלעגן אויסגעצויגן אַף די הויכע אונטערוויגנדיקע וועגענער, זײַנען געווען שעפּטלען באַקאַנט. דאָס זײַנען געווען אי קאָוואַלעווסקער, אי נאַזאַרע־וויטשער, אי סוויאַטאָדוכאָוואָקער, אי פון „וועג צום קאָמוניזם". זיי אַלע, סײַ די באַקאַנטע, סײַ די אומבאַקאַנטע, האָבן אַפן אַלטן דאָרפישן שטייגער זיך פרײַנטלעך געגריסט, אָפּגעבנדיק שעפּטלען א גוט־מאָרגן, און, ניט פאַרהאַלטנדיק זיך, אַוועקגעיאָגט.

אייניקע פורלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעקליבן קאַנטיק א ביסל שפּעטלעך, אָדער וועמעס וועג ס'האָט זיך געצויגן פון ווײַטערע כוטאָרס און דערפער, האָבן באַזונדערס געטראַכקעט און געשטויבט מיט די רעדער. זיי האָבן געהאַלטן אין איין אונטעריאָגן, קעדיי ניט פאַרשפּעטיקן צום מארק.

יעדעס פאַרבײַפאָרנדיק פורל האָט געצוואונגען שטאַרקער קלאַפּן דאָס האַרץ באַ שעפּטלען: עך, ווען ער קאָן פאַרקערעווען צוזאַמען מיט זיי צוריק קיין הולײַפּאָליע און אָט אַזוי אומגעריכט אַרײַנפאָרן צו עלקען אין הויף. „וואָס וואָלט זי געזאָגט, עלקע?" נאָר שעפּטל האָט אין ערגעץ ניט פאַרקערעוועט, פאַרקערט, ער האָט געגומען גיכער אונטערטרײַבן דעם גניאַדן.

— ניאָ, הײַדאָ... הײַדאָ!.. — האָט ער אונטערגעפּײַפּט מיט דער בײַטש.

וואָס ווײַטער אַפן וועג האָבן די פורן זיך געטראָפן אַלץ זעלטענער און זעלטענער, ביז שעפּטל האָט זיי אינגאַנצן אופגעהערט באַגעגענען.

די זון האָט דערווײַל זיך געהאַט שוין אופגעהויבן סאַמע איבער די ראָזעווע ביימער־שפּיצן פונעם קליינינקן כוטאָר, וואָס איז געלעגן רעכטס פונעם וועג, אין דער טיף באַלקע, און אָנגע־הויבן גוט אונטערוואַרעמען. ס'איז געשטאַנען א זעלטענער, לויטערער קאַיאָר. שעפּטל האָט עטוואָס אָפּגעלאָזט די לייצעס, פאַנאַנדערגעשפּיליעט די אייבערשטע קנעפּלעך פונעם פּידזשאַק און פאַרייכערט. עס האָבן שוין ניט געטראַכקעט קיין וועגענער. אַרום איז ווידער געווען באַגיי־נענדיק־שטיל, און נאָר אין דער הייך, אינעם קלאָרן הימל, אין דער בלויקײַט, האָט איבער שעפּטלען, איבערן סאַמע קאָפּ, ווי נאָכפּליִענדיק אים, געפּלאַטערט א פאָרל לאַרכן.

און דער סטעפּ, א דערוואַרעמטער פון די אינדערפריִיקע זונשטראַלן, איז אַלץ מער און גערדיכטער פאַרפולט געוואָרן מיטן גערוך פון די צײַטיק ווערנדיקע טוווּעס, מיטן שמעקנדיקן געבלי פון די געלבלעך־גאָלדענע זונרויזן, מיט דער זאַפטיקער פרישקײַט פון דער גאָר יונגער פילבלעטערדיקער קוקורוזע. דערצו האָט פון די בעדאַרקע־רעדער געטראָגן מיטן פאַרגעניִנגנדיקן גערוך פון דזעגעכץ און פון דעם גוט־אויסגעשמירטן גלאַנציקן געשפּאַן מיט הייסן פערדן־שוויס. דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעמישט מיטן שאַרפן און דינעם גערוך פון די בלויִינקע פעלד־וואַסילקעס, פון די ווײַסע פוכיקע ראָמאַשקעלעך, העל־ראָזע גלעקעלעך, געלן גרײַפלדיקן קאַט־

ראַן און אַנדערע סטעפּ־קווייטן, וואָס זײַנען געוואַקסן דאָ און דאָרט בײַ בײדע זײַטן וועג אין די שמאָלע קאַנאַווקעס און אויף די דערבײַיִקע קלײנינקע בערגלעך.

שעפּטלען איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי גוט אויפֿן האַרצן, ווי איצט. אַלץ אַרום, ביז דעם קלענסטן גרעזל, האָט אים געפֿרייט. אַן אויפֿגעלייגטער, אַ גוטמוטיקער, האָט ער זיך צוגעקוקט צו די גראָטענע ווייץ־פֿעלדער, וועלכע האָבן געהערט צום דערבײַיִקן קאָלווירט, געפּרוווט זיי פֿאַרגלײַכן מיט די בוריאַנאָווקער און געבליבן צופֿרידן פֿון דעם, וואָס בײַ אים אין בריגאַדע איז דער ווייץ נאָך בעסער, אַפֿילע אַ סאַך בעסער, ווי דאָ... ניט אומזיסט, קאָנטיק, האָט מען אויף דער ראַיאָנער באַראַטונג עטלעכע מאָל דערמאָנט פֿון טריבונע זײַן נאָמען...

און שעפּטלען האָט עס האַנאָע געטאָן. אָט ווי אַמאָל האָט שעפּטל געוואָלט, אַז זײַן הויף, זײַן אייגענע באַלעבאַטישקײַט זאָל זײַן די בעסטע אויפֿן כוטאָר, אָט אַזוי האָט ער איצט געוואָלט, אַז זײַן בריגאַדע זאָל זײַן די בעסטע. ניט ווייסנדיק פֿון קיין רו, האָט ער אַרומגעפּאַדעט פֿון קאַיאָר ביז שפּעט אין אָוונט און געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען, קעדיי אַראָפּנעמען וואָס אַ העכערע גערעטעניש פֿון די פֿעלדער. באַטאָג און אויך אין די פֿינצטערע מאַראַקענדיקע נעכט האָט ער אין די שווערע קירזעווע שטיול, אין דער וואַטאָווער פּופֿײַקע, ניט קיין געגאָלטער, גע־שפּאַנט איבערן שוואַרצן סטעפּ, צווישן די האָנעס, נאָכגעגאַנגען נאָכן הודענדיקן טראַקטאָר, אַכטונג געגעבן, אַז די ערד זאָל אויפֿגעאַקערט ווערן אומעטום, סײַ אַרויף־באַרג, סײַ אַראָפּ־באַלקע, אויף דער נייטיקער טיף. ער האָט געזאָרגט וועגן ערשטסאָרטיקער זריִע, און אַז די זריִע זאָל ערעוו דעם פֿאַרזיי זײַן גוט אָפּגערייניקט, אַז עס זאָל באַצײַטנס אַרויסגעפֿירט ווערן אויפֿן סטעפּ די באַמיסטיקונג, אַז די פֿעלדער זאָלן שטענדיק זײַן ריין אויסגעיעט, אַז קיין איין ווילדגרעזל, קיין איין פֿעלד־בלימל זאָל ניט זײַן אין דער טוווּע.

אַרבעט האָט אים געקלעקט, און וואָס מער ער איז געווען פֿאַרנומען, וואָס מער אַרבעט עס איז געווען, האָט ער זיך געפֿילט בעסער, טיכטיקער. דאָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגעניגן, פֿון וועלכן ער האָט פֿריִער ניט געוווּסט. אַ גאַנץ לעבן פֿלעגט שעפּטל אָפּשטיין זייער פֿרי. נאָר זינט ער איז געוואָרן בריגאַדיר, פֿלעגט ער זיך פֿעדערן פֿריִער פֿאַר די פֿייגל. ער פֿלעגט שוין זײַן אויף די פֿיס, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פֿינצטער. ער האָט געאײַלט צו זיך אין בריגאַדע אַ קוק צו טאָן, צי דער רעמאַנענט איז אין אָרדענונג, צי די פֿערד זײַנען גוט אונטערגעהאָדע־וועט, צי דאָס געשפּאַן איז אויפֿן אָרט. עס איז אים אָנגעגאַנגען יעדע קלײניקײַט.

נעכטן, ווען ער איז געווען אויף דער באַראַטונג, איז ער די גאַנצע צײַט, פֿון אָנהייב ביזן סאָף, געזעסן אין זאַל אויף איין און דעם זעלבן אָרט און זיך ניט פֿאַרגינט אַרויסגיין אין פֿאָיע כאָטש אויף עטלעכע מינוט אויסרייכערן אַ פּאַפּיראָס, קעדיי ניט דורכלאָזן עפּעס. שעפּטל האָט זיך גוט צוגעהערט צו דעם, וואָס די בריגאַדירן האָבן דערציילט וועגן זייער דערפֿאַרונג, און ער האָט אָפּגעמערקט בײַ זיך אין זיקאָרן, וואָס ער האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק איבערצונעמען און אײַנפֿירן אויך בײַ זיך אין בריגאַדע.

די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך, ווען שעפּטל האָט פֿונדערווײַטן דערזען די פֿעלדער פֿון זײַן קאָלווירט. דאָס האָט אים דערמאָנט, אַז אָט באַלד וועט ער שוין זײַן בײַ זיך אין דער היים. און ער האָט אַ קלער געטאָן, אַז פֿון נעכטן אין אָוונט, זינט ער איז געווען בײַ עלקען, האָט ער ווייניק געטראַכט וועגן דער שטוב און ער האָט זיך דערפֿילט ווי עפּעס שולדיק.

— נו, וואָס האָב איך אַזוינס געטאָן? — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר זיך אַליין. — נו, זיך געזען מיט עלקען... צי דען האָב איך ניט געטאָרט אַרײַנגיין צו איר... וואָס פֿאַר אַן אוולע בין איך באַגאַנגען מיט דעם? געזעסן אַ ווײַלע... גערעדט. מע טאָר שוין מיט אַ מענטשן ניט ריידן? צי עפּשער איז זי ניט אַזאַ מענטש ווי עמעץ אַנדערש?.. — נאָר ער האָט גלײַכצײַטיק טיף אין האַרצן געפֿילט, אַז ס'איז ניט אַזוי, אַז ער נאַרט זיך אַליין, ווײַל עלקע איז פֿאַר אים ניט אַזאַ, ווי עמעץ אַנדערש... אָט זינט ער האָט זיך ווידער באַגעגנט מיט איר, גייט זי אים ניט אַרויס פֿון קאָפּ. ער האָט אָבער געוואָלט זיך אײַנריידן, אַז ס'איז גאָרנישט ניט געשען און האָט זיך געסטאַרעט טראַכטן וועגן זעלדען, אַרויסרופֿן בײַ זיך אַ גוט געפֿיל צו איר. זי וואַרט דאָך שוין אויף אים, באַאומרויִקט זיך אַוואַדע, פֿאַרוואָס זשע קומט עס איר, אַז ער זאָל זי באַאוולען? זעלדע פֿאַרדינט עס ניט. ניין. זי איז אַ גוטע, אַ האָרעפּאַשנע, אַ געטרײַע, אַן איבערגעגעבענע. זי פֿאַר־שטייט אים אויפֿן ווונק, מישט זיך קיינמאָל ניט דאָרט, ווו מע דאַרף ניט, פֿאַרלויפֿט אים יעדן טראָט. ער האָט אָנומלטן אומזיסט און אומנישט געשריִען אויף איר, געזידלט זי. און ווען ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער איז געווען ניט גערעכט, האָט זי אים מיט קיין האַלבן וואָרט ניט פֿאַרגעוואָרפֿן...

ער האָט איצט בעקיוון זיך געסטאַרעט איבערעכענען אַלע אירע מײַלעס, דערמאָנען זיך נאָר דאָס גוטע וועגן איר. נאָר פֿאַר די אויגן איז אים געשטאַנען עלקע. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, ווי ער איז אַרײַן צו איר אין צימערל.

„שעפּטל, דאָס ביסטו, שעפּטל?״ — האָט זי אויסגערופן און מיט די האַלב־אַנטבלויזטע אויסגעשטרעקטע הענט, א שלאַנקע, א שיינע, זיך געלאָזט צו אים, ווי זי וואָלט אים וועלן ארומ־נעמען. ערשט איצט, אַפּאַראַנדיק שוין העכער דרײַסיק קילאָמעטער פון הולײַפּאָליע, האָט ער אָנגעהויבן פארשטיין, אז זי האָט געוואָלט זיך צעקושן מיט אים, און ער האָט זיך אזוי פארלוירן, אז ער האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט אים טוט זיך, און אז אָנשטאָט דעם, ער זאָל זי ארומנעמען, האָט ער דערלאַנגט איר בלויז די האַנט... פונעם געדאַנק, אז עלקע האָט געוואָלט אים ארומנעמען און עפּשער זיך צעקושן מיט אים, איז אים איצט געוואָרן זייער וואַרעם און גוט אפן הארצן. אין אָט דער מינוט האָט זיך אים געדוכט, שעפּטלען, אז די גאַנצע וועלט איז זײַנע, דער הימל און די ערד, און די זון, וואָס בלענדט און באַקט איבערן סאַמע קאָפּ, און די טוועס, וואָס כוואַליען זיך, און דאָס געזאַנג פון די סטעפּ־פייגל, און די גרילצערײַ פון די צירקונען אין די שאָטנדיקע גראָזן, און דאָס גראָז אליין, אלע איינינעם און יעדעס גרעזעלע, יעדעס בלימעלע באַזונדער...

שעפּטל האָט א ציאָסקע געטאָן צום הינגסט, דער גניאַדער האָט, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, זיך אוועקגעטראָגן נאָך שנעלער און פארקערעוועט פארבײַ די הולײַפּאָליער מאַהילקעס. מיטאַמאָל זײַנען פון דאָרט, פון הינטער א בערגל, מיט א פריילעכער קוויטשערײַ ארויסגעשפּרונגען שעפּטלס עלטערע קינדער — שמועלקע און עסטערקע — און מיט א געשריי, באָרוועסע, אויפ־הייבנדיק א שטויב מיט די פּיסלעך, זיך געלאָזט לויפן נאָך דער בעדאַרקע.

— טאַטע, אָט זײַנען מיר...

— טאַטע...

דערזעענדיק אינגאַנצן אומגעריכט די קינדער, האָט שעפּטל צעטומלט־האַסטיק פארהאַלטן דעם גניאַדן און איז אראָפּגעשפּרונגען פון דער בעדאַרקע.

— ווי קומט איר אהער?.. וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער שטרענג געפרעגט.

— מיר האָבן דאָ געוואַרט אף דיר, — האָט שמועלקע געענטפערט, קוקנדיק אראָפּ אף די באָרוועסע פּיסלעך, ווי ער וואָלט זײַן אין עפּעס שולדיק, — אונדז האָט זיך פארוואָלט דיך באַגעגענען.

— און שוין לאַנג, אז איר זײַט דאָ? — האָט שעפּטל, ניט קאָנענדיק אײַנהאַלטן דעם שמייכל, א פרעג געטאָן.

— פון זינט ס'איז געוואָרן אינדערפרי... פון סאַמע, סאַמע אינדערפרי, — איז עסטערקע אופכאַפּנדיק דעם טאַטנס שמייכל, אונטערגעשפּרונגען. מיר זײַנען געלעגן פארבאַהאַלטן ווייסטו ווו? אָן דאָרט, הינטערן בערגל, אינעם פּיריי...

— און איך האָב דיך דער ערשטער נאָך פונדערווײַטן, נאָך גאָר־גאָר פונדערווײַטן דער־זען, — האָט שמועלקע געזאָגט.

— און איך האָב דיך נאָכדעם אויך דערזען...

— און דו האָסט אונדז אינגאַנצן ניט געזען...

— זאָגט אָקאָרשט, און די מאַמע ווייסט, ווו איר זײַט?

— די מאַמע אליין האָט דאָך געזאָגט... די מאַמע האָט געזאָגט, אז מיר זאָלן לעבן דער הרעבליע וואַרטן אף דיר, — האָט עסטערקע גיך געכאַפּט די ווערטער, — און מיר... מיר זײַנען אוועק אזש ביז די בערגלעך, ווײַל ביז די בערגלעך איז נאָך בעסער... די מאַמע האָט מיר אָנגעטאָן א ריין קליידעלע. זעסט, — האָט זי מיטביידע הענטלעך א גלעט געטאָן דאָס ציצענע קליידעלע אין בלויע בלימעלעך, — און שמועלקען האָט די מאַמע געגעבן דאָס ווײַסע העמ־דעלע, וואָס זי האָט איבערגענייט פון דײַנעם...

— נו, אויב אזוי, איז קריכט אף דער בעדאַרקע, — שעפּטל האָט פריילעך אונטערגעכאַפּט פריִער עסטערקען, נאָכדעם שמועלקען און אוועקגעזעצט זיי אף דעם צוגעפּלעטשטן היי, מיט וועלכן ס'איז געווען אויסגעשפּרייט די זיצלקע. אליין האָט ער זיך געזעצט צווישן זיי, א גלעט געטאָן זיי מיט דער ברייטער האַנט איבער די קעפּלעך, זיך אומגעקוקט, צי זיי זיצן גוט, און גענומען די לייצעס. דער הינגסט איז גלײַך אוועק און די בעדאַרקע האָט זיך, עטוואָס אונטער־זויגנדיק, אוועקגעקײַקלט, לײַכט אונטערקלינגענדיק מיט די רעסאָרן.

— נו, און וואָס טוט די מאַמע? — האָט שעפּטל א פרעג געטאָן עסטערקען. ער האָט זי באַזונדערס ליב געהאַט פאר איר זשוואַוועדיקײַט.

— די מאַמע... די מאַמע האָט געוואַשן א סאַך, א סאַך גרעט, די לײַלעכער און די טיש־טעכער און די סאַלפעטקעלעך און די האַנטעכער, אלץ, אלץ האָט די מאַמע געוואַשן, און נאָכדעם האָבן מיר מיט דער מאַמען געראַמט דעם הויף און צוגעקליבן אין שטוב, געמאַכט שיין, שיין, — האָט עסטערקע, זשמורענדיק די אויגן אנטקעגן דער זון, פארוואָרפן דאָס קעפּל מיט די קליינינקע צעפּלעך און גיך גערעדט, — די מאַמע האָט אופגעהאַנגען די נײַע פאַרהענגלעך אף די פענצטער און דעם נײַעם טישטעך מיט די באָמבלקעס האָט די מאַמע פארשפּרייט אפן טיש, אלץ, אלץ האָט



די מאַמע אוועקגעלייגט רײַנס און נאָכדעם האָט די מאַמע באַנאַכט געקאָכט און געבאַקט, אַן
קירבעס־צימעס האָט די מאַמע אָפּגעקאָכט און אַן עסיקפלייש און אַ קאַלטן שטשאַוועל־באָרשט
און נאָך און נאָך, אַלץ, וואָס דו האָסט ליב, האָט די מאַמע אָפּגעקאָכט. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז
דו וועסט אָט־אָט קומען צו פאָרן, האָבן מיר געוואַרט אויף דיר און געוואַרט, און דו פאָרסט ניט
און פאָרסט ניט...

— פאַרוואָס עפּעס פאָר איך ניט? — האָט שעפּטל פאַרלוירן זיך אָנגערופן, אַ גלעט געבנדיק
די קינדער, ווי ער וואָלט זיך פילן שולדיק פאַר זיי. — אָט פאָר איך דאָך...

— איצטער פאָרסטו, אָבער פריִער ביסטו דאָך ניט געפאָרן, — האָט שמועלקע בערויגעזו־
לעך אַ קוק געטאָן אויפן טאַטן, — אַלע זײַנען שוין פון לאַנג פאַרבײַגעפאָרן, און פאַרוואָס ביסטו
פריִער ניט געקומען?

שעפּטלען האָט זיך אין דער מינוט געדוכט, אַז די קינדערלעך זײַנען, וואָס פאַרשטייען נאָך
זייער ווייניק, פילן דאָך, מיט אַ באַזונדערן כוש קאַנטיק, אַז ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין הולײַ־
פּאָליע ניט גלאַט אַזוי... דאָס האָט אים אַ קאַראַבע געטאָן און אים האָט זיך פאַרוואָלט אָט איצט
גלײַך, ניט וואַרטנדיק ביז ער וועט קומען אַהיים, אָנטאָן זיי כאָטש אַ ביסל פאַרגעניגן. ער האָט
פאַרהאַלטן דעם גניאַדן און, אויפהייבנדיק דאָס דעקל, אַרויסבאַקומען פון אונטער דער זיצלקע
דאָס פּעקל מיט מאַטאַנעס.

— אָט דאָס האָב איך אײַך געקויפט. אַנו, ווי? ס׳געפעלט? — ער האָט פאַנאַנדערגענומען
דאָס געלע פּאַפּיר, אין וועלכן ס׳איז געווען אײַנגעוויקלט די רויטינקע מויל־האַרמאָניק און דאָס
בלויע פײַפל.

ווען די קינדער האָבן דערזען די האַרמאָניק און דאָס פײַפל, האָבן זיי אין אַלץ אויף דער וועלט
פאַרגעסן. זיי האָבן מיט כידעש באַקוקט פון אַלע זײַטן די שפּאָגל נײַע שיין־באַפאַרבטע מאַטאַ־
נעס, און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי געגעבן אַ קאָנצערט, פון וועלכן ס׳האָט אַזש געזשומעט
אין די אויערן. שמועלקע האָט אָן אויפהער, ווי ער וואָלט געטאָן אַ שווערע אַרבעט, געבלאָזן מיט
די פּײַכטע ליפּן אין פײַפל, און עסטערקע האָט אַרויסגעבראַכט מעשונע־צעצויגענע קלאַנגען,
פירנדיק הין און צוריק איבערן מויל מיט דער האַרמאָניק. באַלד איז די אומטערהוידענדיקע בע־
דאַרקע אַרופגעפאָרן אויף דער הרעבליע, וועלכע האָט זיך געהויבן הויך איבער דעם פּאָלוואַסער־

דיקן סטאַוואָק, און שעפּטל האָט פונדערווײַטן, דורך דעם גרינס פון די פּאַליסאַדניקעס, דערזען, אַז אַנטקעגן דאָדיע בורלאַקס הויף איז די גאַס פאַרפולט מיט מענטשן, מיט מענער, ווײַבער און קינדער, ווי דער גאַנצער כוטאָר וואָלט זיך צונויפגעזאַמלט. „זאָל זײַן, אַז מע קלײַבט זיך שוין צו דאָדיע בורלאַקן אויף דער סימכע?" נאָר מיטאַמאָל האָט ער דורך דעם טומל און געפילדער, וואָס די קינדער האָבן מיט זייער שפּילן אויפגעהויבן, דערהערט אַ געוויין, אַ געיאָמער פון ווײַבער, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון דאָרט.

— שאַ! וואַרט צו... — האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די קינדער. — וואָסי דאָרטן געשען?.. — און אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט ער זיך דערמאָנט, אַז פּונקט אָט אַזוי איז זיך צונויפגעלאָפן דער גאַנצער כוטאָר און פּונקט אַזאַ געוויין איז געשטאַנען, ווען סלאָבאָדיאַנס מיידעלע האָט זיך דערטרונקען אין סטאַוואָק.

שעפּטל האָט אומגעדולדיק אַ שאַרפן צי געטאָן די לייצעס. דער הינגסט האָט פאַרביסן דאָס צײַמל און זיך אַוועקגעטראָגן, שיר ניט איבערקערנדיק די בעדאַרקע. ווען די בעדאַרקע האָט שוין געהאַט פאַרקערעוועט פאַרבײַ דעם זאַהאָן, האָט שעפּטל דערפילט, ווי ס'האָט זיך בײַ אים פּלוצלינג אָפּגעריסן דאָס האַרץ. ער האָט דערזען, ווי זעלדע האָט זיך אָפּגעטיילט פונעם טומלדיקן אוילעם און, מיט שאָלעמקען אויף די הענט, זיך געלאָזט לויפן אַנטקעגן אים.

אין דער מינוט איז בײַ שעפּטלען דורכגעפלויגן איין געדאַנק געפערלעכער פונעם אַנדערן און ער האָט דערשראָקן זיך אומגעקוקט, געזוכט מיט די אויגן דאָס קלענסטע טעכטערל, טײַבעלען, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז עס האָט מיט איר עפּעס געטראָפן.

— אוי, שעפּטל... שעפּטל, — איז זעלדע כליפּענדיק געלאָפן אַנטקעגן דער בעדאַרקע. די האָר זײַנען בײַ איר געווען פון פאָרנט צעשויבערט, דאָס טיכל אַראָפּגערוקט אויף דער פּאָטיליצע, די אויגן רויט. זי האָט אויסגעזען אומגליקלעך.

שעפּטל האָט מיטן גאַנצן קויעך אַ צי געטאָן די לייצעס, פאַרהאַלטן דעם הינגסט און אַראָפּגעשפּרונגען איבער דער ראָד. ער האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס איז געשען, נאָר לויט זעלדעס אויסזען האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס האָט געטראָפן עפּעס זייער שרעקלעכס.

— אוי, שעפּטל... אַזאַ אומגליק... און דו ביסט ניטאָ... קוים דערוואַרט זיך אויף דיר...

— זאָג שוין... וואָסי?.. וואָס האָט געטראָפן? — האָט שעפּטל אויסגערופן.

— ווייסט ניט? — האָט זעלדע פאַרכידעשט אים אָנגעקוקט. — דו פאָרסט דאָך פון הולײַפּאָליע...

— נו, איז וואָס, אַז איך פאָר פון הולײַפּאָליע, רייד שוין... זאָג, וואָסי געשען?..

— אַ מילכאָמע!.. — איז זי צוגעפאַלן צו זײַן ברוסט און זיך שטאַרק צעוויינט.

## קאַפּיטל זיבן

דאָס שרעקלעכסטע, וואָס בלויז פונעם געדאַנק, אַז ס'קאָן ווען־עס־איז געשען, האָט בײַ יעדן אויפגעציטערט דאָס האַרץ, — דאָס שרעקלעכסטע איז פּלוצלינג, אומגעריכט אויסגעבראָכן.

קיינעם פון די בוריאַנאָווקער איז אין יענעם שטיל־זומערדיקן זונטיק אינדערפרי אפילע אפן זינען ניט געקומען, אַז אַזוינס האָט געקאָנט געשען. ערעוו אָנהייב שניט איז אין קאָלווירט געווען אַן אָפּרו־טאָג, אין סטעפּ איז מען ניט אַרויס און יעדער איז געווען פאַרנומען און פאַרטראָגן בײַ זיך אין הויף: ווער ס'האָט איבערגעדעקט דעם דאַך, ווער ס'האָט פאַריכט דעם אומגעוואַלגערטן פּאַרקן, ווער ס'האָט געיעט דעם קאַרטאָפל־גאָרטן, ווער ס'האָט זיך געייסעקט בײַ די עטלעכע בינשטאָקן...

כאָטש דער קאָלווירט איז געווען גאַנץ רײַך און יעדער פון די קאָלווירטניקעס איז שוין געווען נישקאָשעדיק באַזאָרגט אי מיט ברויט, אי מיט צום ברויט, און מע האָט געוווסט, אַז אויסער דער פאַרוואַלטונג איז פאַראַן נאָך עמעצער — אין ראַיאָן, אין געגנט און אפילע נאָך העכער, — וואָס זאָרגט וועגן זיי, דאָך האָט יעדער איינער, אויסער כאָנציען און כאָמע טראַסקונען, געהאַט לויט דער אַלטער געוווינהײַט נאָך אַ קליינע בײַשטוביקע באַלעבאַטישקײַט: ווער אַ בעהיימע, ווער אַ כאַזער, ווער אַ פּאָר שאָף, ווער עטלעכע בינשטאָקן. און יעדער האָט אויך הײַנט, ווי שטענדיק, געהאַט זײַנע דײַגעס אַרום דעם.

שיִע קוקוי האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז זײַן מילך־געבערן, דאָס נאָך גאָר יונגע דרײַיאָריקע בעהיימעלע איז פאַרבליבן אַ יאַלעווע, ער האָט זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ, וואָס ער האָט פאַרזען אַזאַ זאַך, און פאַרטאָג שוין געפירט זי אַ פאַרזאָרגטער אויף אַ שטריק צום קאָלווירטישן בוהײַ אויף דער פערמע. ליפּע זאַיִקע איז שוין גאַנצפרי אַרומגעלאָפן בײַ זיך אין הויף אַ צעקאָכטער, מיט אַ געשריי און זידלערײַ געטריבן פון זײַן בײַשטוביקן גאָרטן פרעמדע הינער און געווען אויסער זיך פון דעם, וואָס זיי האָבן בײַ אים אַוועקגעפּאַטערט עטלעכע בייטן.

דרויאַן איז געווען צערודערט, וואָס טשעמבערלעניכע — די כאַזערטע זײַנע, וועלכע האָט זיך אָקאָרשט געהאַט אָפּגעפּאַראַסיעט, האָט געבראַכט ניט אַכט כאַזיירימלעך, ווי ער האָט גע־מיינט, נאָר אינגאַנצן פינף...

דײַגעס זײַנען געווען אויך אַנדערע, גאָר פאַרשיידענע. צו קאַלמען זאַהאַטן איז די דײַגע פון דער העלער הויט געקומען, ווען ער האָט זיך געזעצט פרישטיקן. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין דער פרישער געגנטלעכער צײַטונג און באַמערקט אויף דער דריטער זײַט אַן אַרטיקל וועגן דער היגער, בוריאַנאָווקער, פערמע. אין אַרטיקל האָט מען געלויבט די קאָלווירטניקעס, וועלכע האָבן ווייניקער פאַר אַלץ געאַרבעט אויף דער פערמע, און דאַפקע אים, קאַלמענען, וואָס האָט דאָרט אוועקגעלייגט דאָס גאַנצע געזונט, האָט מען אַפילע מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט. די הייסע קאַרטאָפל מיטן זויערמילך און אַפילע די בלינצעס זײַנען שוין געבליבן שטיין אויפן טיש ניט גערירט.

דער אַלטער ראַכמיִעל איז אין דעם אינדערפרי אַרומגעגאַנגען דורכויס אין אַגמעסנעפעש פון דעם, וואָס דער איינציקער אַבריקאָסן־בוים אין פּאַליסאַדניקל האָט בײַ אים פּלוצלינג אָנגע־הויבן דאַרן, און ריקליס איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט, וואָס פונקט הײַנט, ווען בײַ בורלאַקן איז אַזאַ געהויבענע סודע מיט די שענסטע און בעסטע מײַכאָלים, דאַרף דאָס אים, ווי אַפּצולאָכעס, שנײַדן אין בויך, ווי מיט מעסערס.

די באַלעבאָסטעס האָבן געהאַט זייערע דײַגעס — צי איז דער לעקעך גוט אויפגעגאַנגען, צי איז דער קוגל פון אַלע זײַטן אַרומגעברוינט, צי זײַנען די געפילטע פיש גוט אָנגעפעפערט, צי האָט דער טשאָלנט ניט צוגעברענט? צי זײַנען גענוג באַטאַמט די ווערטוטלעך, די כרעמזלעך, די זעמעלעך...

ניט געקוקט אָבער אויף אָט די פאַרשיידענע זאָרגן, האָט אין כוטאָר זיך געפילט יאָמטעוודיק. שוין אַרום צוועלף אַזייגער באַטאָג זײַנען, אַרומגערינגלט מיט די קינדער, וואָס האָבן זיך צונויפ־געזאַמלט פון דער גאַנצער גאַס, אַראָפּגעקומען צו בורלאַקן אין הויף די אָרטיקע קלעזמער — דער סוטולעוואַטער הענעך מיט דעם גרויסן, ערטערווײַז פאַרלאַטעטן פויק, דער עלטערער קאָניוך יויעל־סימכע מיטן קלאַרנעט און דער רויטער גאַווריִעל, דער „קאַפּעלמײַסטער", ווי מע האָט אים גערופן, מיט דעם פידל. כאַנע־איטקע האָט אַרויסגעטראָגן אויף אַ טאַץ אַ ביסל היימישן ווישניק מיט לעקעך. די קלעזמער האָבן ביז וואָס־ווען געמאַכט אַ לעכאַיִם, אַז „די סטרונעס זאָלן ניט פּלאַצן", און שוין עטוואָס בעגילופנדיק זיך אויסגעזעצט אין הויף, סאַמע אַנטקעגן די פאַנאַנדערגעעפנטע פענצטער. גאַווריִעל דער קאַפּעלמײַסטער האָט אַ ווונק געטאָן צו די קלעז־מער, פאַרהייבן דאָס שפּיציקע רויטע בערדל, צוגעמאַכט די ווִיעס, ווי ער וואָלט זיך קלײַבן טפילע טאָן, און אַ פיר געטאָן מיטן סמיק. סימכע האָט זיך גלײַך גענומען פאַרן קלאַרנעט, הענעך פאַרן פויק, און דער הויף איז פאַרפולט געוואָרן מיטן באַקאַנטן און פון לאַנג באַליבטן ייִדישן פריילעכס.

אין כוטאָר האָט מען נאָר גערעדט אויף דעם. די צוגעפּוצטע באַלעבאָסטעס האָבן זיך באַלד באַוויזן פון אַלע הויפן. זיי האָבן געטראָגן צוגעדעקט מיט ווײַסע האַנטעכער, ווי שאַלעכמאָנעס, די צוגעגרייטע מײַכאָלים צו בורלאַקן אין טומלדיק־פריילעכן הויף אַרײַן. דאָרט אינעם געראַמען באַלאַגאַן האָבן זיי, ניט אָן פאַרגעניגן, געוויזן איינע דער אַנדערער, וואָס יעדערע פון זיי האָט צוגעגרייט, פאַנאַנדערגעשטעלט די ביז גאָר פאַרשיידענע געריכטן אויף די לאַנגע טישן, אָנגעפילט דעם אַרום מיט אָנגענעמע גערוכן פון די קאָלערליי באַטאַמטע מײַכאָלים.

בורלאַקס טעכטער און שניר זײַנען פאַרטראָגן אַרומגעלאָפן הין און צוריק, צעשטעלט אויף די פאַרשפּרייטע טישטעכער פאַרשיידענע טעלערלעך, קויסעס, פאַנאַנדערגעלייגט די גאָפּל און לעפל; און די זין און איידעמס האָבן אַרײַנגעקײַקלט אין באַלאַגאַן אַ גרויסע פאַס ווײַן, ערשט פון קעלער. די פאַס מיט ווײַן האָבן זיי אוועקגעשטעלט אין סאַמע מיט באַלאַגאַן, אַז דער סאַר־האַמאַשקע, דאָס עלטערע אייניקל, דער לייטענאַנט זאָרעך, זאָל קאָנען האָבן אין אויג אַלע טישן.

דאָדיע בורלאַק, אָנגעטאָן אין אַ ווײַס העמד און אין יאָמטעוודיקן שוואַרצן סורדוט, און כאַנע־איטקע, פאַרפּוצט מיט די בליאַסקענדיקע, דינינקע קאָרעלן־שנירלעך, וואָס האָבן זיך בײַ איר פאַרהיט נאָך פון דער כופּע, זײַנען אַרויס צום טויער און מיט לעקעך און בראָנפן, לויטן אַלטן שטייגער, באַגעגנט די געסט.

פון אַלע זײַטן כוטאָר זײַנען געגאַנגען אַהער אויסגעפּוצטע קאָלווירטניקעס, ווײַבער, יוגנט.

די קלעזמער האָבן אָן אויפהער געשפּילט, די מיידלעך און יאַטן האָבן אָנגעהויבן טאַנצן, אַרום איז געשטאַנען אַ צעראַשטער טומל פון די קינדער. דער הויף איז שוין געווען פול. מע האָט נאָר גערעדט אויף כאָנציען און כאָמע טראַסקונען, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט אָט־אָט אומ־קערן פון דאָרפראַט, וווּהין זיי זײַנען נעכטן אין אָוונט אוועקגעפאָרן אויפן פלענום. מע האָט גערעדט אויך אויף שעפטלען.

אייניקע געסט, וועלכע זײַנען געקומען שוין א ביסל אויסגעטרונקען, האָבן זיך ארומגע־נומען מיט דאָדיע בורלאקן, זיך געקושט מיט אים און ביז וואָס־ווען צוגעווינטשעוועט אים און כאנע־איטקען אין פינף און צוואנציק יאָר ארום, אָט דאָ בא זיך אין הויף, פראווען די ברילינאַ־טעווע כאסענע. און מיטאמאָל האָט עמעץ פריילעך אויסגעשריִען:

— כאָנציע... כאָנציע פאָרט!..

דער אוילעם, וואָס האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער זיך זעצן צו די טישן, האָט, א דערפריי־טער, זיך אומגעקוקט און דערזען, ווי איבערן כוטאָר יאָגט אהער מעשונע ווילד אף דער צע־הוידעט־טראסקענדיקער בעדארקע דער קאָלווירט־פאָרזיצער.

שוין לויטן יאָגן, לויט דעם ווײַס־אָנגעשוימטן פערד, לויט כאָנציעס שטארק־צעטראָגענעם אויסזען, האָבן די קאָלווירטניקעס פארשטאנען, אז ס׳איז עפּעס געשען. עפּעס האָט געטראָפן, צי מיט אים, צי מיט עמעצן אנדערש. מען איז צערודערטע ארויסגעלאָפן פון הויף און אף דער מיט גאַס, אנטקעגן דער סעלפאָ־קלייט, ארומגערינגלט כאָנציען און דערהערט פון אים דאָס שרעקלעכע וואָרט — „מילכאָמע״.

— א מילכאָמע... היטלער איז אָנגעפאלן אף אונדז...

די דאָזיקע בסורע האָט געטראָפן די בוריאנאָווקער, ווי א דונער אין א העלן לויטערן טאָג. ס׳איז פאר יעדן געווען אזוי אומדערוואַרט, אז אין דער ערשטער מינוט האָט זיך קיינעם פּאָשעט ניט געגלייבט. דער אוילעם איז געשטאנען פארלוירן, נאָך ניט באנעמענדיק ווי ס׳געהער צו זײַן, וואָס, ווען און וויאַזוי ס׳איז געשען, מע האָט געקוקט איינער אפן אנדערן, ניט ארויסריידנ־דיק קיין וואָרט, ווי ס׳וואָלט בא אלעמען אָפּגענומען די צונג.

און נאָר קאלמען זאַהאַט האָט אין א היפשער ווײַלע ארום א זאָג געטאָן ווי צו זיך אליין:

— אָט דאָ איז היטלערס סאָף.

בא די ווערטער האָט העניע־ריווע, אָן אויסגעפּוצטע אין דעם זײַדענעם קלייד, דערזען דורכשטופּן זיך צווישן אוילעם זייער איינציקן זון, דעם ייִנגערן סערזשאנט אין זאפּאַס, וואָווען. ער האָט א שטארק צעטראָגענער זיך אומגעקוקט אין אלע זײַטן, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט. זי האָט זיך געלאָזט צו אים און זיך אײַנגעקלאַמערט אין אים מיט אירע פאַרהאָרעוועטע הענט.

— איך וויל ניט... איך דארף קיין מילכאָמע ניט... — האָט זי דורך די טרערן אין האלדז געטײַנעט.

די ווײַבער האָבן, קוקנדיק אף איר, מיטאמאָל אופגעהויבן א געוויין, א געיאָמער און באלד נאָך זיי האָבן זיך צעווײנט די קינדער.

אָט דעמלט איז עס אָנגעפאָרן שעפטל פון הולײַפּאָליע, וועלכער האָט נאָך ביכלאל גאָרנישט ניט געוווּסט, און באלד נאָך אים האָט זיך אָנגעטראָגן אף א צעהיצט פערד דער באפולמעכטיק־טער פון דאָרפּראַט כאָמע טראסקון שוין מיט א פּעקל פּאָוועסטקעס אין האנט. ער איז האסטיק, אזוי ווי אמאָל, אין די יונגע יאָרן, ווען ער האָט פּארטיזאַנעוועט, אראָפּגעשפּרונגען פונעם פאר־שוויצטן פערד, עטוואָס אָנגעבויגן, ווי ער וואָלט געטראָגן א שווערע לאסט אף דער פּליצע, ארוף אף די הילצערנע טרעפּלעך פון דער דערבײַיִקער סעלפּאָ־קלייט און, בלעטערנדיק מיט די ציטערנדיקע פינגער די פּאָוועסטקעס, שווער־עטעמענדיק, א בלייכער, אויסגערופן:

— וואָווע שלוימע־קאלמאנאָוויטש זאַהאַט...

— יאָסיע יודעלעוויטש פּיסקון...

— אנטאָן אנטאָנאָוויטש סלאָבאָדיאַן...

דער אוילעם האָט מיט פארשטאַרטע הערצער זיך צוגעהערט, ווי כאָמע טראסקון האָט אויסגערופן אלץ נײַע און נײַע נעמען. מע האָט געקוקט אף די גרויזאַמע ראָזע פּאַפּירלעך, וואָס האָבן אין זיך אזא אנטשיידן־גוואַלדיקע קראַפט...

א פארטראָגענער האָט כאָמע טראסקון צעטיילט אלע פּאָוועסטקעס, נאָכדעם מיד זיך ארומגעקוקט און מיט דער הייזעריק־געוואָרענער שטים געמאָלדן, אז אלע די, וואָס האָבן דער־האלטן פּאָוועסטקעס, דארפן מאָרגן גאנצפרי קומען אין הולײַפּאָליער ראיאָנעם וואָיענקאָמאַט און דעריבער דארפן זיי באצײַטנס ארויספאָרן פונדאנען.

שוין אראָפּלאָזנדיק זיך פון די טרעפּלעך, האָט כאָמע דערזען דאָדיע בורלאקן אין דעם ווײַסן העמד און אינעם יאָמטעוודיקן סורדוט. כאָמע האָט זיך דערמאָנט אין דער טעלעגראַמע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, ארויסגעשלעפּט זי פון דער אייבערשטער פּידזשאַק־קעשענע און דערלאנגט דאָדיען. די טעלעגראַמע איז געווען פון דווינסק. מע האָט דרינגענד ארויסגערופן דעם לייטענאַנט זאָרעך בורלאק אין זײַן מיליטער־טייל.

„הייסט עס, אז ס׳איז אָן עמעס... אויב אזוי, הייסט עס טאַקע א מילכאָמע...״ — האלטנדיק די טעלעגראַמע אין האנט, האָט דאָדיע בורלאק ערשט איצט אָנגעהויבן גלייבן, אז ס׳איז קיין טאָעס ניט, ווי ער האָט אָקאָרשט נאָך געטראַכט, ווי ער האָט געהאָפט.

— ווּ איז ערגעץ כאַנע־איטקע, — האָט ער אומבאַהאָלפן און פאַרזאָרגט זיך אַרומגע־קוקט, פאַנאַנדערשפּיליענדיק דעם סורדוט. כאַנע־איטקע איז דאָ ניט געווען. קאָנטיק אָוועקגעלאָפן צוריק אין הויף, צו די קינדער. דער הויף, וואָס איז נאָך ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק געווען פול מיט מענטשן און מיט פריילעכער יאָמטעוודיקײַט, איז איצט געווען אײַנגאַנצן ניט צו דערקענען. דורך די פאַנאַנדערגעעפנטע שטוב־פענצטער האָט זיך געטראָגן אַ געוויין, אַ כליפּען, אַ מעסוקן־צעפּלאָכעטער טומל, ווי ערעוו אַ שטורעם אָדער נאָך אַ שרעקלעכן האַגל. די זין, איידעמס, פלעמעניקעס האָבן, איבערשרײַענדיק איינער דעם אַנדערן, אונטערגעצײַלט די צעטומלטע און דערשלאָגן־פאַרווײנטע ווײַבער, זיי זאָלן זיך גיכער קלײַבן אין וועג אַרײַן. יעדערער פון די מאַנצבלען, וועלכע זײַנען געקומען סײַ פון די שטעט און באַן־סטאַנציעס, סײַ פון די דערפער און כוטאָרס, האָבן געצײַלט וואָס שנעלער זיך אומקערן צו זיך אַהיים, ווו ס'האָט שוין געקאָנט וואַרטן אַ פּאָוועסטקע פון וואָיענקאָמאַט. און יעדערער פון זיי און אַלע צוזאַמען האָבן געהאַט איצט דעריקער איין זאָרג: ווי קלײַבט מען זיך אַרויס פונדאַנען וואָס גיכער.

ווען דאָדיע איז אַ צעבראָכענער, מיט אַ נידעריק־אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַרײַן צו זיך אין הויף, האָט מען אים אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן: ער דאַרף גלײַך צוגיין צום פּאָרזיצער פון קאָלווירט. די צײַט וואַרט ניט. יעדע מינוט איז איצט טײַער...

אַ שווײַגנדיקער האָט ער זיך געלאָזט גיין. שוין פון יענער זײַט טויער האָט אים דעריאָגט דאָס אייניקל, דער יונגער לייטענאַנט זאָרעך. ער האָט אַרומגענומען דעם זיידן. ער וויל זיך געזעגענען. ער קאָן ניט וואַרטן. קסעניע מיטן קינד בלײַבן דאָ. וווהין זאָלן זיי איצט פאָרן?.. אויף דער סאַמע גרענעץ, אין פײַער אַרײַן?.. און ער... ער וועט זיך לאָזן צופוס. אפשר וועג וועט ער פּאַקן אַ פור, אָדער עפּשער גאָר אַ מאַשין. ער מוז וואָס גיכער קומען אין זײַן טײל... ער האָט זיך צעקושט מיטן זיידן און, צוהאַלטנדיק מיט דער האַנט דעם פּלאַנשעט בא דער זײַט, אָוועקגעלאָפן זיך זעגענען מיט אַלע איבעריקע.

די ברייטע כוטאָר־גאַס איז שוין געווען פּוסט. אַלע זײַנען געווען איצט בא זיך אין די שטיבער. די מאַמעס, ווײַבער, שוועסטער האָבן, צעשטעכנדיק זיך מיט די נאָדלען די פינגער, פאַרווײנטע גענייט טאָרבעלעך, זיי האָבן פאַריכט דאָס גרעט און געגרייט עסן אין וועג אַרײַן.

נאָר העניע־ריווע האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן. צו וואָס זי האָט זיך ניט צוגערירט, איז אַלץ בא איר געפאַלן פון די הענט. זי האָט געפילט, אַז זי עקט זיך מיטן לעבן. אָט באַלד וועט מען זיך שוין דאַרפן געזעגענען און וואווע איז ניטאָ. זי וועט דאָך אפילע ניט באַווײַזן זיך אָנ־קוקן אויף אים.

— וואָס זיצסטו ווי אַ קאַלטער מאַלעך, — האָט זי, שלינגענדיק די טרערן, געטײַנעט צו שלוימע־קאַלמענען, וואָס האָט שווײַגנדיק צוגענייט אויערלעך צו וואוועס קירזעווע שטיוול, — ס'איז דאָך געבליבן עפּשער ניט מער ווי אַ שאָ, ווײַ איז מיר, ווו איז ער עס אַהינגעקומען... אַרויס פון שטוב, גאָרנישט ניט געזאָגט און ניטאָ... גיי, גיב אַ קוק, ער קאָן זײַן בא איר מיסטאַמע, בא נעכאַמקען...

— שאַ... טומל ניט. ער גייט, — האָט קאַלמען זאָהאָט אומצופרידן געזאָגט, אַ קוק געבנדיק אין פענצטער, — אָן גייט ער...

וואווע איז אַ מידער געגאַנגען מיט דער סטעזשקע. ער איז שוין עטלעכע מאָל געווען בא נעכאַמקען אין דער היים, בא אירע כאַווערטעס, אויסגעווען אומעטום, אַרײַנגעקוקט אין אַלע הויפן, און ניטאָ. קיינער ווייסט ניט, קיינער האָט זי הײַנט אין ערגעץ ניט געזען.

„ווו קאָן זי זײַן?" — האָט ער ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. — מע שפּאַנט שוין אויפן קאָל־ווירט־הויף די פורן און זי איז ניטאָ... ס'איז שוין האַלב פיר אַזייגער... אַ האַלב שאָ פאַרבליבן. מע קלײַבט זיך דאָך שוין. וואָס טוט מען?.. ווו האָט זי געקאָנט אַהינקומען?.. ווו זוכן זי?.. וויאַזוי וועט ער אָוועקפאָרן, אפילע ניט געזעגענענדיק זיך מיט איר... און די צײַט גייט... — ער האָט פונדערווײַטן, לעבן קאָלווירט־הויף, דערזען כאָנציען, דעריאָגט אים און, פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג, געפרעגט וועגן נעכאַמקען.

— נעכאַמקע?.. וואָסי?.. וואָס?.. — האָט כאָנציע ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער פרעגט. כאָנציע איז געווען צעטראָגן און האָט ניט געוווּסט, וואָס פריִער צו טאָן. דאָ דאַרף מען באַזאָרגן מיט טראַנספּאָרט און אַרויסבאַגלייטן דעם מאָבילירירטן אוילעם, דאָ דאַרף מען געבן פורן פאַר בור־לאַקס געסט, פונקט איצט זײַנען זיך עס צונויפגעפאָרן אַזויפיל געסט און ווו נעמט מען אַזויפיל וועגענער, און אָנטערײַבער ווו נעמט מען? ער הייבט ניט אָן צו וויסן. דאָ דאַרף מען אָוועקשטעלן נײַע מענטשן אָנשטאָט די, וואָס גייען אָוועק אין דער אַרמיי, מע דאַרף אָפּקלײַבן און אָפּפירן אויפן זאַמלפונקט די פאַרעגיסטרירטע פערד, און נאָך צענדליקער זאַכן עגבערן אים איצט דעם מויעך, און דאָ נאַ דיר אַזאַ געשיכטע — נעכאַמקע... גיי ווייס, ווו זי איז אַהינגעקומען...

# קאַפּיטל אכט

און נעכאמקע איז זיך רויִק געשלאָפן צווישן די בלײַענדיקע זונרויזן. די הייסע שטראַלן פון דער צעגליטער זון האָבן ערטערווײַז זיך דורכגעקליבן דורך דעם געדיכטן גרינעם געבלעטער און געוואַרעמט איר די נאַקעטע פיס, וואָס זײַנען געווען אַנטבלויזט ביז איבער די קני. זי איז געלעגן אָף א זײַט, איין האַנט צוקאָפּנס, מיט דער צווייטער — ווי זי וואָלט אַרומגענומען דאָס יונגע זייער גרינע גראָז, און איבער איר האָבן מיט א דין צעצויגן זשומערײַ זיך געדרייט אינדערלופטן שטאַרק פאַרייסעקטע, ביז גאָר פאַרטראָגענע בינען. די בינען זײַנען איבערגעפלויגן פון איין פאַנאַנדערגעבליטער זונרויז צו א צווייטער, פון איין בלימל צום אנדערן. אײַנזויגנדיק זיך מיטן ביז גאָר דינינקן שנאָבעלע אין די דורכזיכטיק־צאַרטע בלומען־קריגעלעך, האָבן זיי פון דאָרט, פון דער סאַמע טיף, געצויגן דעם זיסן נאַרהאַפטיקן נעקטאַר.

אַרום איז געווען זייער שטיל. זעלטן־ווען האָט ערגעץ אינעם גראָז א זונג געטאָן שפּרינגענדיק א צוויטערל, נאָך זעלטענער האָט, אַרויסרוקנדיק דאָס קעפּל פון א נאָרקע, א פּײַף געטאָן א סוסליק. און ווידער שאַ־שטיל.

נאָך דער פאַרדריסלעך־פאַרשטערטער נאַכט, וואָס האָט געבראַכט נעכאַמקען אַזויפיל האַרצווייטעק, האָט זיך איר איצט, אָט דאָ אָף דעם זאַפטיקן גראָז, אינעם קילבלעכן שאָטן פון די זונרויזן געשלאָפן זייער זיס. זי האָט טיף אײַנגעעטעמט די לײַכט־שיקערנדיקע לופט, וואָס איז פול געווען מיט די פרישסטע סטעפּ־גערוכן. אירע בוילעט אויסגעפורעמטע שטײַפע בריסט האָבן זיך באַוועגט אונטער דעם דינינקן קאָפּטעלע רויִק און רעגלמעסיק. די ליפּן אירע האָבן צײַטנווײַז עטוואָס געשמייכלט, ווי ס'וואָלט זיך איר געכאָלעמט עפּעס אַן אָנגענעם־ליבער כאָלעם. זי האָט פון שלאָף עטלעכע מאָל א פיר געטאָן מיט דער האַנט, אַראָפּגעשאַרט א מורעשקעלע, וואָס האָט זיך פאַרקליבן צו איר אָפן נאַקעטן האַלדז, אַראָפּגעטריבן א גרין היישעריקל, וואָס האָט זיך געזעצט באַ איר אָפן אויער, און מיט פאַרגעניגן, ניט פאַנאַנדערפירנדיק די וויִעס, זיך איבערגעדרייט אָף דער צווייטער זײַט.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין העל־בלויען, לויטערן הימל, ווען נעכאַמקע האָט זיך אופגעכאַפּט. זי האָט זיך גיך אופגעזעצט, מיט עטוואָס פאַרזשמורעטע אויגן פאַרוווּנדערט אַרומגעקוקט זיך, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַנען, ווו זי איז, נאָר באַלד איז זי געקומען צו־זיך, פלינק זיך אופגעהויבן, אָפּגעטרייסלט מיט בײדע הענט דאָס קליידל און, אינערלעך א באַרויִקטע, אַרויס אָף דער דערבײַיִקער לאָנקע. די בונט־באַפאַרבטע לאָנקע איז באַשפּרענקלט געווען מיט לענגלעכע בלוילינגלעך, מיט געלן שאַרפן קאַטראַן, מיט לופּטיקע אָדוואַנטשיקעס, מיט ראָזלינגגלעקעלעך און מיט קאָלערליי אַנדערע פילקאָלירנדיקע פעלד־קווייטן... נעכאַמקע האָט איצט, ווי צום ערשטן מאָל, דערזען דאָס אַלץ אין אַן אויסערגעווײנלעכער פילפאַרביקײַט, אין אַן איבעראַשנדיקער פילבליִענדיקײַט, און זי איז פול געוואָרן מיט אַנציקונג פון דעם, וויִאַזוי די נאַטור שאַפט עס, וויִאַזוי זי וועבט עס אויס, וויִאַזוי זי מאָלט עס קונציק אויס מיט די דינסטע, מיט די שענסטע און איידלסטע קאָלירן... יעדעס בלימל פאַרמאָגט זיך זײַנע פאַרבן, זײַן גערוך, און ווען מע נעמט עס אָף די ציין, האָט יעדעס בלימל, יעדער געוויקס א באַזונדערן טאַם... און גיי פאַרשטיי עס... גיי באַנעם עס... פונוואַנען נעמען זיך אָט די קאָלערליי פאַרשיידענע רייכעס, פונוואַנען נעמען זיך עס אָט די אַלע אויסטערלישע דינסטע פאַרבן?.. פון דער ערד?.. די ערד איז דאָך פאַר אַלע געוויקסן די זעלבע, און יעדער געוויקס האָט זיך זײַנס... מענטשן זײַנען אויך אַזוי, — טראַכט זי, — יעדער מענטש האָט זיך זײַנס... עפּעס אַזוינס, וואָס טיילט אים אויס פון אַלע אַנדערע... אָט וואָווע... ער איז ניט ענלעך אָף קיינעם. ער איז עפּעס גאָר אַן אַנדערער... זי ווייסט איצט אַליין ניט, צי ער איז אַן ערגערער, צי א בעסערער. מעגלעך, אַז אַפילע אַן ערגערער. פאַרוואָס זשע האָט זי אים אַזוי ליב? זי ווייסט אַליין ניט. זי וואָלט וועלן וויסן, פאַרוואָס האָט מען ליב דאַפקע דעם און ניט קיין אַנדערן?.. זי וואָלט אים עפשער גאָר ניט וועלן ליב האָבן, נאָר סײַדן ס'איז געווענדט פון איר? ס'איז סײַדן דערפאַר, ווײַל זי וויל אַזוי? אָט וויל זי איצט ניט טראַכטן וועגן אים, זי וויל ניט, און זי טראַכט. זי איז פאַר זײַנע נעכטיקע גענג אין קאַס אָף אים, און ס'טוט איר גלײַכצײַטיק ווי דאָס האַרץ, וואָס ער לעבט איבער צוליב איר: ער קער זי איצט זוכן, ער דאַרף דאָך אָוועקפאָרן צוריק אין דער עמטעעס, ער זוכט זי און זי איז ניטאָ, און קיינער, קיינער ווייסט ניט, ווו זי איז. זייער גוט, וואָס קיינער ווייסט ניט. זאָל ער טראַכטן, וואָס ער וויל זיך. זאָל ער זוכן... און זי וועט זײַן דאָ...

ס'איז שוין געווען ווײַט נאָך האַלבן טאָג און נעכאַמקען האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט עסן. זי האָט אַפילע ניט געפרישטיקט. זי וואָלט איצט מיט פאַרגעניגן געגעסן פריש ברויט מיט קאַלטער סמעטענע, אָדער א גרינעם באָרשטש מיט אוגערקעס. איר האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט אַזוי עסן, ווי איצט. „זוכסט זיך. א טערעץ צו גיין אַהיים, אין כוטאָר, ווײַל ער איז דאָרט“, —

האָט זי זיך אַליין פאַרגעוואָרפן. נאָר זי האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן און דאָך זיך געלאָזט פאַמעלעך גיין מיט דעם זײַטיקן שמאָלן וועג, וואָס האָט געפירט צום כוטאָר.

פון דער הייסער ערד האָט שאַרף געשמעקט מיט צאָמבער. אַזױפיל צאָמבער, ווי אַף די בערגלעך און אין די באַלקעס אַרום בוריאַנאָווקע, איז עפשער אינערגעץ ניט געווען, און זײַן שאַרף זייער אָנגענעם גערוך האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן ווײַט איבערן אַרום.

דערנענטערנדיק זיך צום כוטאָר, איז נעכאַמקע געוואָרן אַלץ אומרויִקער און אָנגעהויבן גיין גיכער, עס האָט זי מיטאַמאָל אָנגעהויבן שרעקן, טאָמער איז שוין וואָווע ניטאָ. ער האָט שוין געקאָנט אַוועקפאָרן אין דער עמטעעס. וואָס וועט זי דעמלט טאָן? איר האָט שוין באַנק געטאָן, וואָס זי האָט זיך פאַרהאַלטן אַזוי לאַנג אין סטעפּ. צוליב וואָס איז זי אַוועק פון כוטאָר? פאַרקערט, געדאַרפט זײַן דאָרט. געדאַרפט צונויפקלײַבן אַרום זיך די מיידלעך און אַרומשפּאַצירן אַף דער גאַס, און זאָל ער פאַר אַלעמען אין די אויגן צוגיין צו איר. אָט אַזוי האָט זי געדאַרפט טאָן, פאַרשטייט זיך, און זי איז גאָר אַנטלאָפן אין סטעפּ, באַהאַלטן זיך צווישן די זונרויזן...

נעכאַמקע האָט זיך פאַרנומען עטוואָס לינקס און איז אַוועק מיט דער אויסגעטריקנטער באַלקע. איצט האָט זיך איר ניט געוואָלט, מע זאָל זי זען. זי האָט אַליין קלאָר ניט געוווּסט, פאַרוואָס. עפשער דערפאַר, מע זאָל ניט וויסן, ווו זי איז געווען, אָדער זי האָט מוירע געהאַט, אַז מע וועט זי דערזען איצט גיין איינע אַליין פון סטעפּ, וועט מען לאַכן פון איר.

די באַלקע איז פון ביידע זײַטן געדיכט באַוואַקסן געווען מיט הויכער לעבעדע, מיט סורעפקע און גרויען פּאָלין, און נעכאַמקע האָט פונדאַנען זיך ניט אַרויסגעזען.

קעדיי גיכער קומען אַהיים, איז איר באַקוועמער געווען, אַרויסגייענדיק פון דער באַלקע, פאַרקערעווען פאַרבײַ ליפּע זאַיִקעס בלוי־אַרומגעקאַלכטער שטוב. נאָר אָט די שטוב, ווו ס׳האָט געלעבט די אָנגעפּאַרענע לערערן אין דעם געדונגענעם קליינעם צימערל, האָט זי פון נעכטן אין אָוונט פײַנט געקראָגן, ווי מע קריגט פײַנט אַ מענטשן. נעכאַמקע איז דערביבער בעקיוון אַרומגעגאַנגען ליפּע זאַיִקעס שטוב פונדערווײַטן, אָפּקערנדיק דעם קאָפּ צו די גערטנער, און מיטאַמאָל, אינגאַנצן אומגעריכט, דערזען דאָרט לויפן צווישן דער יונגער קוקורוזע איבערגעטאָן אין זײַנע אַלטע מיליטער־קליידער, אָט אַזוי ווי ער איז דעמלט געקומען פון דער אַרמיי, וואָווען. אַ פאַרסאָפּעטער, אַ צעטראָגענער איז ער געלאָפן אין דער פאַנאַנדערגעשפּיליעטער גימנאַסטיאָרקע אַהער, גלײַך צו איר.

„אַהאַ, ניט אַוועקגעפאָרן!“ — האָט נעכאַמקע פריילעך אַ טראַכט געטאָן, און, ווי זי וואָלט אים אינגאַנצן ניט באַמערקט, פאַרקערעוועט עטוואָס רעכטס, אין אַ זײַט.

דער פאַרדרוס אַף אים האָט זיך אין איר ווידער דערוועקט. „ווען ער גייט אַרײַן אין קלוב און זי שטייט אַפּילע מיט דער פּלייצע צו אים, וואָלט זי סײַווי גלײַך דערפילט, אַז ער איז אַרײַן. זי וואָלט געפילט, אַז ער גייט, ווען ער וואָלט נאָך געווען אַפּילע ערגעץ אין דרויסן, און ער...“

זי איז בעקיוון אַוועק גיכער.

— נעכאַמקע!.. — האָט וואָווע הייזעריק זי אַ רוף געטאָן, — נעכאַמע!..

זי איז גיך געגאַנגען, ניט אומקוקנדיק זיך. דאָס קליידל האָט זיך לײַכט געפּאַלדעוועט און ווי בעקיוון אויסגעטיילט אירע שלאַנקע פיס. דעם קאָפּ האָט זי איצט, ווי קיינמאָל, געטראָגן שטאָלץ, פאַרהייבן עטוואָס אין דער הייך, ווי זי וואָלט געקוקט אַף די שפּיץ ביימער.

— נעכאַמע!.. — וואָווע האָט אַ צערודערטער זי קוים דעריאָגט אַרוף גאָרטן צווישן די טיקוועס, — נעכאַמע... וואַרט צו... איך זוך דיך שוין אַזױפיל... די פורן שטייען דאָך שוין גרייט...

זי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, ווי ער וואָלט גערעדט ניט צו איר.

— נעכאַמע... שטיי... וואַרט צו! — האָט ער קימאַט ווי אויסגעשריִען. — וואַרט צו... דו הערסט... איך דאַרף... הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן... נעכאַמע!..

— אַזוי?.. און איך וויל ניט הערן, — האָט זי אַרויסרופעריש געענטפערט, ניט אָפּשטעלנדיק זיך.

— איך פאָר דאָך אַוועק... אָט באַלד...

— קאָנסט פאָרן!..

— אָט אַזוי רעדסטו?.. — האָט ער פאַרלוירן געפרעגט, נאָכגייענדיק איר פון הינטן.

— אָט אַזוי ווי דו הערסט!..

— און אויב... ווער ווייסט... און אויב מיר וועלן זיך שוין ניט זען... האָסט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, נעכאַמע?..

— נו, איז וואָס, אַז מיר וועלן זיך ניט זען, — האָט זי אײַנגעהאַלטן, זייער רויִק געענטפערט, — מיר איז עס איצט אַלצייינס...

— אַלצייינס?! — האָט ער דערשראָקן אויסגערופן.

— יאַ, אַלציינס!..

— נו, אויב אַזוי... — ער איז געבליבן שטיין און פאַנאַנדערגעפּירט פאַרלוירן די הענט. דאָס האַרץ האָט אים ווייטעקדיק פאַרקוועטשט. „וואָס האָט ער, סאָפּקאָלסאָף, איר געטאָן אַזוינס, אַז זי זאָל איצט, אין די לעצטע מינוטן, וואָס ער איז דאָ אָפן כוטאָר, אַזוי ריידן מיט אים, זי זאָל אַרויסברענגען אַזאַ שרעקלעך וואָרט: אַלציינס". ער האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס איז געשען מיט איר. נאָר ער איז ניט געווען אין קאַס אָף איר. פאַרקערט, עס האָט אים נאָך קיינ־מאָל אַזוי ניט געצויגן צו איר, ווי איצט. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעזען אין זײַנע אויגן אַזוי שיין און מעכטײַדיק, ווי איצט. זי איז אים נאָך קיינמאָל, זינט ער באַגעגנט זיך מיט איר, ניט געווען אַזוי טײַער, ווי איצט...

— נו, איז זײַ געזונט, — האָט ער אַ דערשלאָגענער פאַרזאָרגט איר נאָכגעשריִען, — זײַ געזונט, נעכאַמקע!.. — ער האָט אַ ווײַלע צוגעוואַרט, עפּשער וועט זי ענטפערן. נאָר זי האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און, שווער איבערשטעלנדיק די פיס, זיך געלאָזט גיין צוריק צו דער הרעבליע.

נעכאַמקע האָט פאַרקערעוועט צו זיך, נאָר מיטאַמאָל האָט זי דערהערט אַ געוויין פון פרויען דאָ דערבײַ אינעם שכיינעסדיקן הויף, און אין פאַרלעגנהײַט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס האָט דאָרט געקאָנט געשען, זיך געלאָזט אַהין.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז נעכאַמע אַ צעראַשטע אַרויסגעלאָפן פון שכיינעסדיקן הויף, זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און, שרײַענדיק עפּעס אומקלאָר ניט מיט איר שטים, זיך געלאָזט לויפן ווי אַן אונטערגעשאָסענע מיט די פאַרוואַקסענע גערטנער, אַראָפּ צו דער הרעבליע. דער צאָפּ האָט זיך געוויגט און געשמיסן איר איבערן האַלדז, איבער די אַקסל, די ברוסט האָט זיך געהויבן אַלץ האַסטיקער און זי האָט פאַרשטיקט אין זיך געוויקעט, געוויינט אָן טרערן: „אַ מילכאָמע... אוי, אַ מילכאָמע..." זי האָט ניט באַמערקט, ווי זי האָט פאַרלוירן פונעם אַקסל דאָס טיכל, זי האָט ניט געפילט, ווי די שטעכיקע בודיקעס האָבן ביז בלוט צעדראַפּעט די נאַקעטע פיס, זי איז געלאָפן ווי אַ דולע.

באַ דער סאַמע הרעבליע, ווו עס זײַנען שוין געשטאַנען היפּש פורן, אַרומגערינגלט מיט מענטשן, האָט זי אים דעריאָגט.

— וואָוועס!.. — האָט זי אויסגעשריִען, צופאַלנדיק צו זײַן ברוסט, — טײַערער... און איך וואָס?.. און איך?..

אַרום איז געווען פול מיט קאַלווירטניקעס און קאַלווירטניצעס. נאָר נעכאַמקען איז איצט גאָרנישט ניט אָנגעגאַנגען. אויסער וואָוועס האָט זי איצט קיינעם ניט געזען. זי האָט אַרומגעכאַפּט אים מיט ביידע הענט פאַרן האַלדז און זיך שטאַרק אײַנגעקלאַמערט אין אים, ווי זי וואָלט מוירע האָבן, אַז ער וועט זיך אָט־אָט אַרויסרײַסן פון אירע אָרעמס.

— וואָוועס!.. — האָט זי זיך געבעטן, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, — איך האָב דאָך ניט געוואָלט... איך האָב דאָך גאָרניט געוואָלט... געווען אין סטעפּ... זײַ ניט אין קאַס אָף מיר, וואָוועס... זײַ ניט אין קאַס...

— איך בין ניט אין קאַס, — האָט ער שטיל געזאָגט, אַ גלעט געבנדיק איר איבער די האָר, וועלכע האָבן אַזוי געשמעקט, ווי זיי וואָלטן אײַנגעזאַפּט אין זיך דאָס גערוך פון דער היי־לאָנקע.

נעכאַמקע האָט ווי אַ פאַרשיקערטע מיט אימפּעט אופגעהויבן זיך אָף די שפּיצפינגער און, פאַרזשמורענדיק די אויגן, צוגעפאַלן צו זײַנע דורשטיקע ליפּן. איר האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ און זי איז שיר ניט אומגעפאַלן. ער האָט זי אונטערגעכאַפּט און זי האָט דעמלט נאָך שטאַר־קער זיך אײַנגעקלאַמערט אין אים, געפירט מיט אירע הייסע ליפּן איבער זײַנע ניט געגאָלטע באַקן, איבער די אויגן...

— וואָוועס... וואָוועס... — האָט זי פאַרשטיקט געשעפּטשעט.

אַרום איז דער טומל געוואָרן גרעסער. מע האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען און אויסזעצן זיך אָף די פורן. דאָ און דאָרט האָט זיך אופגעהויבן אַ געוויין, אַ געיאָמער. כאַנציע און כאַמע טראַסקון זײַנען פאַרטראָגענע געגאַנגען צווישן די וועגענער, עפּעס אָנגעזאָגט די אָנטרײַבער און זיך געזעגנט מיט די מאָביליזירטע. אָף עטלעכע פורן האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעזעצט אויך בורלאַקס געסט. דאָדיע בורלאַק, נאָך אַלץ אָנגעטאָן אינעם יאָמטעוודיקן סורדוט, איז געשטאַנען אַ שווײַגנדיקער צווישן די פורן און אָף אַלע געזעגענונגס־ווערטער, וואָס זײַנען געווענדעט צו אים, געענטפערט מיט אַ מידן שאָקל פונעם גראָוון קאָפּ.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן אַלע מיט אַ טומל זיך שוין געהאַט אויסגעזעצט אָף די וועגענער. נאָר וואָוועס איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט נעכאַמקען. די אָנטרײַבער האָבן שוין גע־נומען די לייצעס אין די הענט. יאַסקע פּיסקון, אַנטאָן סלאָבאָדיאַן און די איבעריקע, וואָס זײַנען

געזעסן אַף אַ פור, האָבן געשריִען, געראָפּן וואָוועך. אַ פאַרלוירן־צעטומלטער, האָט ער סאָפּקאַל־סאָף אָפּגעלאָזט נעכאַמקעס הענט און זיך אויסגעדרייט צו די פאַרזאָרגטע עלטערן.

— זײַ געזונט, טאַטע!..

— קער זיך אום געזונטערהייט, — האָט קאַלמען מיט זײַנע שווערע פאַרהאָרעוועטע הענט אַרומגענומען וואָוועך, זיך צעקושט, אָפּגעקערט זיך און אָפּגעווישט מיטן ברעג אַרבל פון פּידזשאַק אַ טרער. — געזעגן זיך מיט דער ערד, ווו דו ביסט געבוירן געוואָרן... דאָ ליגן דײַנע זיידעס און עלטערזיידעס... ס'איז הייליקע ערד... זײַ געבענטשט, זון מײַנער... און שלאָג דעם סוינע, היטלערן, יימאַך שמוי ווזיכרוי, שלאָג די פאַשיסטן, אָן ראַכמאָנעס!..

— אוי, ווי איז מיר!.. — האָט העניע־ריווע זיך צעוויינט הויך אַפן קאָל.

די פורן האָבן זיך גערירט.

— זעץ זיך אַפן וואָגן, — האָט זאַהאַטעכע געכליפּעט. — זעץ זיך מיטן פאָנעם אַהער, צום כוטאָר... וועסטו זיך, אימיִרצעהאַשעם, אומקערן געזונטערהייט צו אונדז...

— גוט, גוט... זײַט געזונט... נאָכדעם... איך וויל אַ ביסל גיין צופוס, — האָט ער גע־שריִען, האַלטנדיק זיך בײַ דעם וואָגן.

דער אוילעם האָט זיך געלאָזט נאָך די פורלעך, וועלכע האָבן זיך שוין געצויגן איבער דער הויך־אָנגעשאָטענער הרעבליע, אָפּוואַרפנדיק פון זיך אַ שאָטן אַפן סטאַוואָק.

— זאָלסט שרײַבן, לעמאַנעשעם... — האָט זאַהאַטעכע מיט אַ וויינענדיקער שטים נאָכגעשריִען.

— גוט, גוט.

די וועגענער זײַנען ניט געײַלט דורכגעפאָרן די הרעבליע, זיך פאַרנומען מיטן הולײַפּאָליער שליאַך און, טראַסקענדיק מיט די רעדער, אַוועקגעיאָגט גיכער. דער אוילעם, וואָס האָט באַגלייט, איז נאָך אַ ווײַלע נאָכגעגאַנגען און צוביסלעכווײַז געבליבן שטיין אַף דער צווייטער זײַט סטאַוואָק, נאָך אַלץ מאַכנדיק מיט די הענט און אויסשרײַענדיק עפּעס. ס'האָבן גלײַכצײַטיק געשריִען אַזוי־פּיל מענטשן, אַז מע האָט גאָרנישט ניט געקאָנט פאַנאַנדערקלײַבן.

אַ פאַרפלאַמטע האָט נעכאַמקע דעריאָגט וואָוועך, אַרומגעכאַפּט אים און געקושט אים דאָס פּאָנעם, געגלעט אים די האָר אַפן קאָפּ.

— וואָוועך, — זײַ ניט אין קאַס אַף מיר... — האָט זי, שלינגענדיק די טרערן, זיך געבעטן בײַ אים, — זײַ ניט אין קאַס, — האָט זי זייער שטיל איבערגעכאַזערט און מיט ציטערדיקע פינ־גער פאַרשפּיליעט אים דעם קאָלנער פון דער גימנאַסטיאָרקע.

— זײַ געזונט, נעכאַמעלע...

דעריאָגנדיק אין אַ ווײַלע אַרום זײַן פור, האָט וואָוועך זיך אָנגעכאַפּט אָן דער לושניע, איז פלינק אַרופגעשפּרונגען אין דער הייך, זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו נעכאַמקען און לאַנג, לאַנג געמאַכט צו איר מיט דער האַנט. וואָס ווײַטער איז דער וואָגן אַלץ מער פאַרשוווּנדן הינטערן באַרג. וואָוועך האָט מען שוין ניט געזען. דאָך איז נעכאַמקע ניט אַוועקגעגאַנגען. זי איז געשטאַנען בײַ דער זײַט וועג. איר פּאָנעם האָט אויסגעזען, ווי איבער דעם וואָלט נאָרוואָס אַדורך אַ רעגן, זי האָט, פאַרשטשעמענדיק די ליפּן, געקוקט אַהין אין דער ווײַט...

פאַרבײַ איר האָבן מיט אַ טראַסקערײַ פון די רעדער זיך געצויגן אָן אופהער אַלץ נײַע און נײַע פורן. זיי האָבן זיך פאַרנומען אַהער מיט פאַרשיידענע וועגן, וועלכע האָבן זיך געשלענגלט פון די אַרומיקע דערפער און כוטאָרס באַרג־אַרוף און דאָ זיך צונויפגעגאַנגען אַפן ברייטן גוט־אויסגעפאָרענעם הולײַפּאָליער שליאַך. אַף אייניקע וועגענער האָט מען געזונגען. ערגעץ האָט געשפּילט אַ האַרמאָניק. אייניקע מאָביליזירטע האָבן עפּעס געשריִען צו איר, געמאַכט מיט די הענט, מיט די היטלען.

די זון האָט זיך שוין גענומען אַראָפּזעצן, פאַנאַנדערגיסנדיק אַ רויטקײַט אַפן ראַנד הימל, איבער די זייער גראַטענע טוווּס און איבער דעם שליאַך.

און נעכאַמקע איז נאָך אַלץ געשטאַנען איינע אַליין בײַ דער זײַט וועג און מיט פאַרוויינטע אויגן געקוקט ווײַט, ווײַט אַרוף־באַרג, ווו עס זײַנען פאַרשוווּנדן די לעצטע פורן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ ראָזלעכן שטויב.

„זײַ ניט אין קאַס אַף מיר... — האָט זי שטיל געשעפּטשעט, — כ'וועל וואַרטן... כ'וועל אַף דיר וואַרטן...“

(פאָרזעצונג קומט)





## לעסיא אוקראִינקא

לויטן באשלוס פונעם אלוועלטלעכן שאָלעם־ראט ווערט ברייט אָפּגעמערקט דער פופציקסטער יאָרצייַט פון דער באַוווּסטער אוקראִינישער שרײַבערן לעסיא אוקראִינקא.

דער גרונט־מאָטיוו פון לעסיא אוקראִינקעס שאפונג איז קאמף קעגן דער צארישער זעלבסטהערשונג, קעגן סאָציִאלער און נאציִאָנאלער אונטערדריקונג. זי האָט טאלאנטפול, מײַסטעריש פאָרגעזעצט די נאָבעלע טראדיציעס פון שעווטשענקאָ, פראנקאָ, נעקראסאָוון.

מיר באקאנען אונדזערע לייענער מיט לעסיא אוקראִינקעס א ליד אין דאָוויד האָפשטיינס איבערזעצונג.

# פארטאָגיקע פײַערן

די נאכט האָט די מענטשן די מידע פארוויקלט
אין ברייטע, אין פינצטערע פליגל.
צו פײַער פון אָוונט א סאָף;
און אלע, וואָס רוען אין שלאָף,
די הערשערן נאכט האָט פארזיגלט.

ווער ס'שלאָפט און ווער וואך איז — איר קראפט גיט זיך אונטער.
ווייל דעם, ווענמען טרוימען נאָך מונטערן.
פון מיר איז דער שלאָף שוין אוועק.
ארום איז נאָך כוישעך און שרעק
און שטום, ווי אין קייווער דאָרט אונטן.

די בייזע געשפענסטער די זעל מיך פארשפינען,
אף אופשטיין — ווו קויעך געפינען?
נאָר קלאָר איז די פלוצלינגע ליכט,
זי האָט מיך פון שלאָף אופגעריכט, —
עס לײַכט שוין די שײַן פון באגינען!

די שײַן פון באגינען, וואָס פײַערלעך ציטערט,
די פינצטערע נאכט האָט צעשניטן,
די ליכט פון דער זון איז פארווענדט,
די שײַן פון קאיאָר אָבער ברענט,
די שײַן, וואָס די ארבעטער צינדן.

שטיי אוף, ווער עס לעבט און וואָס וואך איז זײַן שטרעבן,
פון ארבעט די שאָ איז דערנעבן,
ניט שרעק זיך פאר כוישעך אצינד,
פארטאָגיקן פײַער צעצינד,
און ליכטיק זאָל ווערן דאָס לעבן!

דאָרע כײַקין

# ס'וועט קומען א טאָג...

ס'וועט קומען א טאָג, ווען איך וועל שוין ניט זײַן,
איך שטעל זיך ניט פאָר, וויאַזוי וועט עס זײַן...
די זון, ווי געוויינלעך, וועט אופגיין גאנצפרי?
א מעווע נאָך פיש וועט זיך לאָזן אין פלי?
א כוואליע וועט אײַלן צום זאמדיקן ברעג?
דער שניי וועט מיט ווײַסן באדעקן דעם וועג?
א קינד אף א שליטל וועט יאָגן געשווינד?
מיט בלעטער וועט הארבסטיק זיך שפּילן דער ווינט?
אין פעלד וועט דאָס קאָרן כוואליען געדיכט,
און איך וועל ניט זען מער די זוניקע ליכט?
וויאַזוי וועט עס זײַן? עס וועט זײַן, ווי געווען.
מיט דער וועלט, וואָס ארום, וועט דאָך גאָרניט געשען.
א מעווע, א צווייטע, וועט פינקלען אין פלי,
אָט פונקט אין אזא, ווי אצינד, אינדערפרי.
א קינד, שוין אן אנדערס, וועט קעגן דעם ווינט
פון בארג אף א שליטל זיך יאָגן געשווינד.
א כוואליע וועט פונקט אזוי אײַלן צום ברעג,
און ווינטער — א שניי וועט באדעקן דעם וועג.
און טראכטן וועט עמעצער: „וואָס וועט עס זײַן,
ווען מיר וועט ניט לײַכטן די זוניקע שײַן
מיט ווארעמע שטראלן, וואָס פאלן געדיכט?"...

איך וויל איצט, ווען ס'שײַנט מיר די זוניקע ליכט,
איז זאָל זי מיר שײַנען אין פולסטער פון מאָס,
און טרינקען איך וויל זי א קאָס נאָך א קאָס.
איך וויל ניט, דערלאנגען דעם קאָס זאָל מען מיר...
ווינטער־צײַט פּילן איך וויל דאָס געפריר,
די מאסע, וואָס כ'טראָג, כ'וויל דערטראָגן אליין,
און זאָלן די פיס ווערן מיד פונעם גיין,
און דורשטיק כ'מעג זײַן, ווען ס'איז ווײַט נאָך צום קוואל,
נאָר זאָל מען אין קוואל מיר ניט גיסן קיין גאל.

ווען איך וועל ניט זען מער די זוניקע שײַן,
איך שטעל זיך ניט פאָר, וויאַזוי וועט עס זײַן...

# אין סטעפּ

אין סטעפּ, וואָס עס דאכט זיך, אז ער איז אומענדלעך,
געזאָגט האָט מיר איינמאָל א יונגער קאזאך:
— אף אונדזערע פרויען דו ביסט אזוי ענלעך,
ווי ס'וואָלט אף דער וועלט דיך מײַן מאמע געבראכט.

די טשערעדע שאָף, וואָס מיר האָבן געטריבן,
זי האָט פארפאמעלעכט איר זאָרגלאָזן גאנג.

— בלויז אונדזערע פרויען, ווי דו, קענען ליבן
דעם סטעפּ, דאָס קאַזאַכישע ברייטע געזאַנג...

און נאָך האָט אַמאָל מיר געזאָגט אָט די ווערטער
אַן אַלטע אוזבעקשקע ניט ווײַט פון טאַשקענט.
— ביסט ענלעך אויף מײַנע שוואַרץ־אויגיקע טעכטער —
די זעלביקע טנועס, די זעלביקע הענט.

ניט איין מאָל, ניט צוויי מאָל, אַפילו ניט הונדערט,
איך האָב אויף אוקראַינע דאָס זעלבע געהערט.
איך זע דאָ ניט אײַן ניט קיין נײַס, ניט קיין ווונדער —
מיר זײַנען דאָך קרויווים אויף קרויווישער ערד.

נאָר איך בין אוודאי נאָך מערער געראָטן
אויף פרויען, וואָס האָבן אין גוטן געשמאַכט,
אויף פרויען, מיט ערד מיט דער נאַסער פאַרשאָטן
נאָך איידער די קויל האָט דעם טויט זיי געבראַכט,

אויף פרויען, וואָס שײַטערס מיט זיי פלעגט מען צינדן,
אויף פרויען, באַם לעבן אין אויוונס פאַרברענט,
אויף פרויען, בײַ וועמען פאַרפּײַניקטע קינדער
דער מערדער פלעגט רײַסן מיט כײַישע הענט.

איך ווייס, יאָ, איך ווייס, אַז אויף ערדן אויף אַלע
אַלציינס זײַנען ענלעך די פרויען ביז גאָר.
ליבן אַלציינס סײַ שוואַרצהויטיקע קאַלעס,
סײַ ווײַסע — מיט ווייכע, מיט גאָלדענע האָר.

און קינדער געבוירן מיר אַלע אין ווייען,
און וויגלידער זינגען מיר שטיל און פאַרטראַכט,
און שרעקלעך אונדז ווערט, ווען סאָלדאַטן אין רייען
מאַרשירן פאַרשטויבטע צו בלוטיקער שלאַכט.

„ביסט ענלעך" — געוווינט איז שוין הערן מײַן אויער,
און שטענדיק אַ פרעג טאָן איך וויל: זי איז שיין?
איך ווייס, איך בין ענלעך אויף אַנדערע פרויען,
אויף פרויען ביכלאַל, און אויף זיך נאָר אַליין.

# וואָס וואָלט זײַן...

וואָס וואָלט זײַן מיט מיר, ווען ס'וואָלט, ווי בײַ די פייגל,
אויך בײַ אונדז געזונגען נאָר אַן „ער".
שולדיק כ'וואָלט געקוקט דעם טאָג אין העלע אויגן,
שולדיק כ'וואָלט געגאַנגען אויף דער ערד.

און מיט וואָס וואָלט איך באַדאַנקט די בונטע פליינען,
פרילינג־צײַט די ביימער פאַרן צווײַט?
וויאַזוי וואָלט איך געוויגט די קינדער מײַנע? —
ס'דאַרף אַ קינד, ווי מוטער־מילך, די ליד.

וויאַזוי וואָלט איך באַצאָלט מײַן כּיוון די וועבער
פאַר די שיינע קווייטן אויף מײַן קלייד?
וויאַזוי וואָלט איך געשמועסט מיטן לעבן
וועגן אומרו, וועגן גליק און לייד...

כ׳ווייס אצינד געווי: אזוי ווי מאמעס ווארטן,
קיינער ווארטן קאָן ניט אַף דער ערד.
אַף גאגארינען, ווי אַף א זון געגארטן,
ווארטן זינגענדיק איז מיר געווען באשערט.

איך האָב ליב די הענט, וואָס לייגן ציגל נײַע,
און די הענט, וואָס אקערן דאָס פעלד,
און איך בענטש די הענט, וואָס צוימען טײַכן פרײַע, —
כ׳האָב דיך ליב, מײַן גרויסע, שיינע וועלט!

וואָס וואָלט זײַן מיט מיר, ווען ס׳וואָלט, ווי בא די פייגל,
אויך בא אונדז געזונגען נאָר אָן „ער"?
כ׳וואָלט אלציינס די ערשטע זינגען אָנגעהויבן,
כ׳וואָלט געזונגען! ניט געשוויגן מער!

# שוועסטער

עס האָט מיר מײַן מאמע קיין שוועסטער אמאָל ניט געבאָרן,
נאָר שוועסטער עס האָבן מיר אנדערע מאמעס געשענקט —
די שוועסטער, נאָך וועלכע עס האָט אין די קינדערשע יאָרן
דאָס הארץ אזוי דאָרשטיק און נאָגנדיק־ביטער געבענקט.

זאָל זײַן, אָט די שוועסטער איך האָב ניט געזען אין די אויגן,
נאָר זיי זײַנען מײַנע, כאָטש מיך האָבן זיי ניט געקענט.
אין לאָמזשע געהאט כ׳האָב א שוועסטער. איר נאָמען איז טויבע,
עס האָט זי דאָס פײַער פון ווארשעווער געטאָ פארברענט.

מײַן שוועסטער פון ווילנע — די שענסטע ניגונים פלעגט זינגען,
איר נאָמען אליין — סאָלאָמייע — איז מילדער פון צוויט.
די לאומע האָט מיט א זילבערנעם קאָל איר געקלונגען,
נעווי׳עס געזאָגט: — ס׳וועט פארבלײַבן א יונגע דײַן ליד.

א שוועסטער כ׳פארמאָג אין קאָלווירטישן סטעפּ אינעם ברייטן,
ס׳איז אָלגא דיפּטאן — פון אוקראַיִנישן דאָרף קאָדאַקי.
סײַ ווען יאָמטעוודיק־רײַך, סײַ ווען וואָכעדיק טישן מיר גרייטן,
איז שטענדיק א כיילעק פאראן פון איר ערלעכער מי.

עס איז מײַנע שוועסטער דאָס לעבן דאָס ערדישע טײַער,
דערפאר האָט רײַמאָנדע געגעבן זיך האסטיק א לאָז
אנטקעגן אן אײַליקן צוג, א געפּאקטן מיט פײַער...
אַף רעלסן געפאלן — דעם טויט קיין וויעטנאם ניט געלאָזט.

די מיידעלעך פלעגן אומזיסט אין די קינדערשע יאָרן
דאָס ווארט „באסיעכידע" א וואָרף טאָן מיר קאעסדיק, שווער.
כאָטש מיר האָט קיין שוועסטער מײַן מאמע אמאָל ניט געבאָרן,
נאָר שוועסטער כ׳פארמאָג סײַוויסײַ אומעטום אַף דער ערד.



איטשע באָרוכאָוויטש

# דער גוטער שטראַל

* * *

אזא מין פרי א לופטיקער,
פון הימל קאפּעט גאָלד...
ווען איך וואָלט זײַן א לוסטיקער,
וואָס וואָלט איך געוואָלט?

א זונען־שטראל באהענגען
מיט בלעטערדיקן גוטס,
מיט אָסיענדיקע רענדלעך,
מיט וואָלקנדלעך א טוץ;

מיט דײַנע ליבע שמייכלען,
אָף ליפּן אויסגעגליט —
אָט ערשט זיך דאָרט באצייכנט
און שוין אראָפּגעגליטשט...

און זאָל ער זיך צעפלאקערן,
אָט יענער גוטער שטראל,
אָף הימל אָף צעאקערטן
פון פייגלשן געוואלד,

אז אלע זאָלן וויסן:
ס'איז גוט מיר, ווי א קייסער!
און וועמען ס'וועט פארדריסן, —
די וואָלקנדלעך — א טרייסט זיי...

* * *

און ווילסט: כ'וועל באָרגן דיר דעם מאָרגן
מיט הייסן בלוי, מיט קאלטן טוי,
מיט שטילן אופּפראל פון א טויב,
מיט דונער־קנאל פון הימלס אָרגל.

איך בין קימאט ווי גאָט אלמעכטיק —
איך פיר דעם סיידער פון דער וועלט,
און דאָך מײַן קויעך קישעף פעלט,
קעדיי דיר אומקערן דעם נעכטן...

* * *

פאראנען ווערטער, וועלכע פּרוּוון
זײַן שטיל, ווי ניט דערהערטע רייד, —
דו זאָלסט אָף זיי זיך ניט פארופן,
ווען אומגליק בא דײַן אקסל שטייט.

פאראנען ווערטער, וועלכע קאָנען
דיך אָפּשרײַען באם טויבן טויט,
אז גאָר דײַן זײַן,
ווי א דערמאָנונג,
זאָל אופשטיין גלייביק און פארטרויט.

פאראנען ווערטער, וועלכע ווערן,
ווי קלאָלעס, גרויליק אין פארלוסט,
מיט זייער שאַרף דו טוסט זיך ווערן
בלויז מיט דער צארטקײַט פון דײַן
ברוסט.

פאראנען ווערטער, וועלכע ברעכן
מיט גנאָד פון בראָכע צוים נאָך צוים,
און, ווי א גאָט, דיר ווערט פארעכנט
איעדע בלאט אָף גרינעם בוים.

פאראנען ווערטער, וועלכע ווילן
אראָפּ פון לעבנס הארבן קאָן
און מער ניט דינען דעם בייזווילן,
און אויך קיין גוטס שוין מער ניט טאָן.

פאראנען ווערטער, וועלכע העלפן
אין סאמע בלוטיקסטן געפעכט.
זיי פאלן, פונקט אזוי ווי העלדן,
און זייער אומקום איז גערעכט.

* *
*

א פרוי דערנעענטערט זיך.
א רעגע
צו אירע טריט איך הער זיך צו —
אזוינע שטילע, ווי א רעגן,
ווען אים צעשנײַדט אין פעלד א צוג.

ווער איז זי, ווער?
א שפאן איעדער
צו וועמעס בענקעניש זי טרײַבט,
ווי יענעם צוג, וואָס גרויזאם רעדלט
דער ערדס צעפאסעוועטעס לײַב.

אוועלכן קישעף מוז איך רופן
צו הילף, אוועלכן ווידערקאָל?
אף וועמעס נאָמען זיך פארופן,
די ווי'עס אופהייבן זי זאָל?

אין הארבסט אין שפעטן א פארשפינטע,
זי זאָל א ווײַלע בלײַבן שטיין...
ס'וועט דאן פארזאמען זיך דער ווינטער,
און רעגן אופהערן וועט גיין...

* *
*

איך שטיי דעם קאַפע פאריסן,
דעם זונען־גוס אנטקעגן, —
דעם נעס פון אלע ניסים...

...און ערגעץ גייט א רעגן.

עס ווימלען פאר די אויגן
פון בלוי און בלענד געוועבן
און שאָטן־דרויב פון פויגלען...

...און ערגעץ גייט א רעגן.

אָט באלד וועל איך פארגעסן
אין ערדס צעקלאפטע וועגן,
אין פיס, וואָס ווערסטן מעסטן...

...און ערגעץ גייט א רעגן.

כ'געהער שוין ניט דעם נידער,
און ס'טוט מיך שוין ניט רעגן
די שפראך פון שטיין און רידל...

...און ערגעץ גייט א רעגן.

אין אָט דער וועלט דער נײַער
נאָר וואָלקן וועט מיך וועקן
מיט פינצטער פון זײַן פײַער...

...און ערגעץ גייט א רעגן.

און ערגעץ גייט א רעגן,
און ערגעץ פאלט א זעגל:
אָט ערשט כ'האָב דיך באגעגנט,
און זעסט — זיך שוין געזעגנט...

* *
*

כ'וועל דיר אומקערן אלץ: דײַנע קלאָלעס און בראָכעס, —
פארשניטן ביז ביין, ס'זאָל געדענקען זיך שארפער, —
דײַן טײַנען, דײַן פײַנען, און דײַן אפצולאָכעס,
וואָס ציט זײַן יעניקע פון ווײַט, פון באשאף נאָך.

כ'וועל דיר אומקערן אלץ: די פארצאָרנטע ליפן,
די אויגן פארמאכטע, די דלאָניעס פארשמאכטע,
דאָס גרינינק גאניידנדיק צווײַגל פון ליבע
אין הילכיקן הימל פון מאָסקווער פארנאכטן.

כ'וועל דיר אומקערן אלץ: דעם פארשאָטנטן אָוונט;
און דאָס צוגעזאָגטע אין צײַטלויף — אף שפעטער, —
דערמאָנענדיק מיך, זאָלסט ניט טראכטן פון אָנווער,
אזוי ווי דער בוים וועגן הארבסטיקע בלעטער...

* *
*

דו גייסט מיט טריט מיט דריבנע, פליִיסיקע
(דער טראָט פאר דיר ווי אָנגעמאָסטן!)
דורך ערשטן פראָסט, לענגויס די· איִזיקע,
אין שניי פארשפינטע געסלעך מאָסקוּוער.

דו שפאנסט און טראָגסט א ווארעם וואָלקנדל
אף ראָזער רונדיקייט פון ליפּן,
מיט קעלט ז׳באשפריצט דיין מאנטל וואָלוועלער,
וואָס ערשט פון הארבסט־ווינט האָט געליטן.

די האָר אין ענגן קויש פון היטעלע —
ווי ליכט לעוואָנעדיקס אין ברונעם...
אָ, ווענמעס אומרו, זאָג, וועט היטן דיך
אין מענטשן־קרייז, וואָס הארץ און רו נעמט?

אוועלכע האנט וועט דיך באוואָרענען
אף בלאנקן אייז פון פרעמדער קינע,
דו זאָלסט ניט פאלן?
ניט פארלאָרן גייען,
אין שניי־געדריי זיך אָפּגעפינען?

נאָר וואָס איז דיר מיין טריבע קלערעניש,
מיין בליק פארומערטער?
דו שמייכלסט,
פארשווינדסט אין נאכט, גלייך ווי א
שטערנדל, —
דער וועלט פאָרויס פאר אלץ שוין מויכל...

* *
*

כ׳דערמאָן זיך אלץ אָפטער און שארפער —
א מין אפצולאָכעס אזא! —
כאָטש ס׳פּיקט מיר אין דימיען: „מע דארף ניט,
ביסט אלץ נאָך מיט אומרו ניט זאט?"

„דו, שויטע בען פיקהאָלץ, ביזוואָנען
ווערסט שפאנען אף בליץ־שארף, פארגלויבט?..."
— ביזוואָנען?
איך האָב ניט קיין אנונג —
ביז ווערן פון דונער פארטויבט...

* *
*

פּאָנעם על פּאָנעם מיט דיר,
איך זאָג: זאָל געבענטשט זיין דער זאנג,
און דער טוי, וואָס זיין גרינגקייט
באַרירט,
און דער ווינט, וואָס זיי ביידן ער פאנגט.

פּאָנעם על פּאָנעם מיט דיר,
איך זאָג: זאָל געבענטשט זיין דער בוים,
און די בלוי, וואָס זיין גרינס האָט
דערשפּירט,
און די כאשכעס, וואָס ביידן זיי צוימט.

פּאָנעם על פּאָנעם מיט דיר,
איך זאָג: זיי געבענטשט, ווי דער זאנג,
ווי די בלוי, ווי דער טוי־שעמעריר,
ווי דער ווינטיקער לופטיקער גאנג.

פּאָנעם על פּאָנעם מיט דיר,
איך זאָג: זיי געבענטשט, ווי דער בוים,
ווי דאָס גרינס, וואָס זיין כאָלעם באַצירט,
ווי די נאכט, וואָס זיין אומעט באַקרוינט.

* *
*

דער ראש פון שטאָט — אלץ ווייטער, שטומער.
אין שטילקייט ביימערשער כ׳פארזינק.
פארגיב מיר, וואלד, מיין גראָבע זינד
פון אָט דעם פלוצעמדיקן קומען.
כ׳כאַפּ איבער, זעסט, דעם אָטעם קוים...
איז זאָל דיין סאָסנע מיך פארוויגן —
אָט די, וואָס ט׳זיך אליין געקרוינט,
ווייל מ׳האָט איר איינזאמקייט פארשוויגן...





כּאַשעווע רעדאַקציע! דער קאַמף פון די פעלקער קעגן דער ווידער־אויפלעבונג פונעם פאַשיזם רופט אַרויס בא אונדז, לייענער, א ווילן צו דערציילן וועגן געשעענישן, וואָס האָבן צו אַט דעם קאַמף א דירעקטע שײַכות.

מיר בעטן אײַך אָפּדרוקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" די קורצע פאַרצייכענונג אונדזערע, וואָס וואָרנט וועגן פאַרשאָלטענע נאַציסטן, וועלכע האָבן איצט געפונען זייער נעסט אין באָן־דײַטשלאַנד.

איסער קופּערמאַן, צווישנפעלקערלעכער גרויסמײַסטער, וועלט־טשעמפּיאָן פון דאַמקעס־שפּיל.
יורי באַרסקי, ספּאָרט־מײַסטער.

# א באַגעגעניש




עלנער! דעם שאָך אַהער! — האָט מיט א הילכיקער שטים אויסגערופן דער הער לאַנגע.

דער שאָך איז דערלאַנגט געוואָרן, און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

אינעם קליינינקן רעסטאָראַן אויף ווילהעלמשטראַסע זײַנען יעדן אָוונט ביזן פאַרמאַכן דעם באַר פינף שאָך־טישלעך געווען אָן אַרענע פון הייסע שלאַכטן. די שטענדיקע באַזוכער פלעגן שפּילן אויף געלט. צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך דער הער לאַנגע — א אַנגעשטעלטער פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פונעם מעלוכע־באַנק פון דער דײַטשישער פעדעראַטיווער רעפּובליק.

צו אַכט אַזייגער אין אָוונט פלעגט די גאַנצע „שאָך־קאָמפּאַניע" שוין זײַן אויפן אָרט. יעדער איינער פלעגט עפּעס באַשטעלן: ווער א פלאַש פינקלענדיקן ריינווײַן, ווער א פּאָר קופּלען גוטן בײַערישן ביר און קרעפּסן. בא דער שפּיל פלעגן שטענדיק בײַזײַן א סך שאָך־ליבהאָבער, נאָר לויט א ניט־געשריבענעם געזעץ איז דאָ געווען אָנגענומען, אַז זײַטיקע צושויער טאָרן ניט מאַכן קיינע באַמערקונגען. די פּריווילעגיע צו באַגלייטן יעדן גאַנג מיט א ווערטל אָדער מיט א שפּאַס האָבן געהאַט נאָר די שפּילער.

ווען אין רעסטאָראַן איז הינקענדיק, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף א שטעקן, אַרײַן דער הער מייער, האָט אויף אַלע טישלעך די שפּיל שוין געהאַלטן אין רעכטן ברען. דער אַרײַנגעקומענער איז געווען א מאַן פון א יאָר פופציק, א גראָוער, א דאַרער, אָנגעטאָן אין א טונקל־גרויען, שטאַרק אָפּגענוצטן אָנצוג. קיין האַמבורג איז ער געקומען אויף עטלעכע טעג וועגן אַמטלעכע עניאָנים.

געוואָרפן א שאַרפן קוק אין דער זײַט פון די שאָך־שפּילער, איז מייער צוגעגאַנגען צו א דערבײַיִיק טישל און באַשטעלט אָוונטברויט. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער א הייב טאָן דעם קאָפּ און צוהערן זיך צו די רייד פון די שפּילער.

— איך מעג שווערן, אַז איך האָב אַמאָל געהערט די דאָזיקע שטים! — האָט מייער שטיל א זאָג געטאָן צו זיך אַליין, און, א קוק טוענדיק אויף דעם, ווער עס רעדט, האָט ער צוגעגעבן: — זאָל מיך אָבער דער שעד נעמען, אויב איך האָב ערגעץ־ווו געזען דאָס דאָזיקע פּאָנעם! אָט די געדיכטע באַקנבאָרדן, די לאַנגע פאַרדרייטע וואָנצן... אָט די טונקעלע ברילן...

צורופנדיק דעם קעלנער, קעדיי באַצאָלן פאַרן אָוונטברויט, האָט ער א פרעג געגעבן:

— עפּשער ווייסט איר, ווער איז אָט דער אין די טונקעלע ברילן?

— דאָס איז דער הער לאַנגע, דער בעסטער שאָך־שפּילער פון אונדזער שטאָט...

„לאַנגע... לאַנגע... — האָט מייער זיך געגריבלט אין זיקאָרן, — ניין, די פאַמיליע זאָגט מיר לאַכלוטן גאָרנישט".

גייענדיק צו דער אַרויסגאַנג־טיר, האָט ער זיך פאַרהאַלטן לעבן די שפּילער און נאָכאַמאָל א קוק געטאָן אויף לאַנגען. די שפּיל־מאַניר פון אָט דעם הער האָט אויך אַרויסגערופן בא מייערן ווײַטע אומקלאָרע דערינערונגען.

„אַט די צוויי לאַנגע אויסגעצויגענע פינגער, וועלכע גיבן אַ כאַפּ די פיגור, ווי מיט אַ פּינ־צעט, און טראָגן זי זאַרגזאַם אַריבער איבערן שאָך־ברעט... אַט דאָס קליַיבן די געוווּנענע באַם קעגנער פיגורן און אַרײַנלייגן זיי אין קעסטל... איך האָב עפּעס ענלעכס באַגעגנט...“

אין דער זעלבער רגע האָט לאַנגעס קעגנער געמאַכט אַן אײַליקן אומפאַרזיכטיקן גאַנג.

— ניין, ניין, אַזוי טויג ניט! — האָט אויסגעשריִען מייער.

— באַ אונדז איז אײַנגעפירט, אַז זײַטיקע מישן זיך ניט אין דער שפּיל! ווען עמעצער פּילט אָבער, אַז ער איז בעקויעך צו ווײַזן זײַן קונסט — ניט מיט דער צונג, נאָר אויפן שאָך־ברעט, — בין איך שטענדיק אין זײַן רעשוס... נאָר נעמט אין אכט, — לאַנגע האָט געוואָרפן אַ כויזעק־בליק אויף די אויסגעריבענע אַרבל פון מייערס אַנצוג, — אין באַנק דאַרף מען שטעלן ניט ווייניקער פון הונדערט מאַרק.

— איך בין אײַנשטימיק!

— נאָך אַ באַדינג: דאָס געלט אין באַנק דאַרף מען גלײַך אַרײַנטראָגן. אַזוי וועט זײַן זיכע־רער... — לאַנגע האָט מיט אַ שמייכל אַ ווונק געגעבן צום אַרומיקן עולעם.

דאָס געלט האָבן די צדאָדים אַרײַנגעטראָגן. לאַנגע האָט באַדאַרפט שפּילן מיט די ווײַסע פיגורן. ער איז אַרויס מיט דער קיניגלעכער פּעשקע. די שוואַרצע האָבן געענטפערט מיט דער פּעשקע, וואָס לעבן אַפיצער. אינגיכן האָבן די קעגנער זיך פאַרטיפט אין אַ זעלטענעם וואַריאַנט פון דער סיציליער פאַרטיידיקונג. ביידע האָבן אָפּגעשפּילט דעם דעביוט שנעל און זיכער. עס איז געווען צו זען, אַז זיי ביידן איז דער וואַריאַנט באַקאַנט. דער שפּיל־טעמפּ איז ניט געוואָרן לאַנגזאַמער אַפילו דעמלט, ווען די רעקאָמענדאַציעס, וואָס ווערן פאַרגעלייגט אין די שאָך־ביכער, זײַנען שוין אויסגעשעפּט געוואָרן...

די ווײַסע האָבן שנעל אַ רוק געגעבן די פּעשקע אויף דער ליניע f, די שוואַרצע האָבן, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך, ראַקירט. באַלד האָבן די ווײַסע אוועקגעשטעלט דאָס פערד אויף e6, די שוואַרצע — דעם טורעם אויף e8. עס האָט זיך געפילט, אַז ביידע שפּילער האָבן שוין געהאַט צו טאָן מיט אַזעלכע געגנג. די ווײַסע האָבן קעהערעף־אײַן צעשיידט זיך מיטן פערד, די שוואַרצע האָבן מאָמענטאַל פאַרגעלייגט אַ קאָנטער־קאָרבן. און דעמלט האָבן ביידע שפּילער אויף אַ ווײַלע אָפּגעריסן זיך פון שאָך־ברעט און זיך אײַנגעזויגן מיט די אויגן איינער אין אַנדערן...

„דאָס איז ער! — האָט בליצשנעל זיך דורכגעטראָגן אין מייערס געדאַנק. — דאָס איז ער, כאָטש ער האָט זיך פאַרלאָזט לאַנגע וואָנצן און געדיכטע באַקנבאַרדן. זאָל מען מיך הענגען, אויב איך האָב אַ טעות!“

די שפּיל איז איצט געגאַנגען לאַנגזאַם. אין מייערס זיקאָרן האָבן אופגעלעבט בילדער פון דער פאַרגאַנגענהײַט.

...1943. אַ קליינער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין גלענצאָוו פאַר פּאָליאַקן און יידן... קיין סך מענטשן זײַנען אין דעם לאַגער ניט געווען: מע האָט זיי דאָ ניט לאַנג געהאַלטן... ווען מע האָט מייערן געבראַכט אהער און אַרײַנגעשטויסן אין שטאַל אַרײַן, האָבן די געפאַנגענע צו אים געזאָגט:

— זאָלסט וויסן, אַז אונדזער באַראַק איז דער ערשטער. אין אַ וואָך אַרום וועט מען דיך אַריבערפירן אין צווייטן, און נאָך אין אַ וואָך אַרום — אין דריטן. און פאַרטיק!

— וואָס „פאַרטיק“? און דערנאָך?

— קיין שום „דערנאָך“ וועט שוין מער ניט זײַן... פון דאָרט שיקט מען אַוועק אויף יענער־וועלט...

דער גאַנצער לאַגער האָט געוווּסט, אַז פונעם דריטן באַראַק פאַלט מען אַרײַן אהין, ווו עס ווערט אויסגעפרוווט נײַ געווער. ניט זיי, די געפאַנגענע, פרווון דאָס געווער, נאָר מע פרוווט עס אויף זיי... דער לאַגער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך די מענטשן דורך דעם ערשטן באַראַק און אַרויס־געשפּיגן זיי דורכן דריטן, ווי מע וואָלט דאָ אָן אופהער געגרייט שפּײַז פאַר אַן אויסערגעוויינלעך פרעסערישן און עקלהאַפטן מאָנסטער און דערלאַנגט זי אים אין ריזיקע פאַרציעס...

אין צוויי וואָכן האָט מייער שוין דורכגעמאַכט דעם וועג צום דריטן באַראַק. איינמאָל איז אהין אַרײַן אַ סאָלדאַט און אויסגערופן:

— היי, איר שווײַנען! ווער קען שפּילן שאָך? דער קאַפּיטאַן דינהאָף פאָדערט אַזאַ צו זיך!

עס האָבן זיך אָנגערופן זעקס מענטשן, צווישן זיי אויך ער, מייער...

דער קאַפּיטאַן איז געווען דער נײַער שעף פונעם לאַגער. אַ הויכער, אַן אָפּגעפרעסענער, אַ ריין געגאָלטער פּיזשאָן. פון אים האָט געשמעקט מיט טײַערע פאַרפומען. ער איז געשטאַנען אין־מיטן צימער, געהאַלטן די הענט פאַרלייגט הינטער דעם פעסט פאַרצויגענעם רימען און, אַ ווונק געבנדיק אויף די צעשטעלטע שאָך־פיגורן, געזאָגט:

— מענוּוואַלים, כאַפּט אַרײַן אַ שאַנס! ווער עס וועט באַ מיר געווינען, יענעם וועל איך אַריבערפירן צוריק אין ערשטן באַראַק.

געשפּילט האָבן זיי לויט דער ריי. מייער איז געווען דער לעצטער. די ערשטע פינף האָבן געשטעלט א שוואכן ווידערשטאנד. בא זיי, הונגעריקע און אויסגעמאטערטע, האָט דער קאפּיטאַן געוווּנען איין פּארטיע נאָך דער צווייטער. דאָס האָט געשטילט זײַן סאדיסטישע טײַווע. ער האָט זיך פארווײַלט נאָכן זאטן מיטיק, געהאט פארגעניגן צו קוקן, ווי בא אָט די אומגליקלעכע מענטשן טרייסלען זיך די הענט, ווי אין זייערע אויגן שפּיגלט זיך אָפּ די פארצווייפלונג, ווען זיי פּאַרשפּילן די פיגורן... צומאָל פלעגט ער דערלויבן נעמען צוריק א גאנג, קעדיי ווידער אָנצינדן אין זיי אן איליוזאָרישע האָפענונג... אָפּט פלעגט ער נאָך זייערן א שלעכטן גאנג אָנווײַזן אָף א בעסערן און דערבײַ זאָגן: „ווען איר גייט אזוי, וואָלט איר דאָך געוווּנען!” און דערבײַ פלעגט ער גיריק זיך אײַנקוקן דעם קעגנער אין פּאָנעם.

ווען עס איז דערגאנגען מייערס ריי, האָט דער קאפּיטאַן דערפילט, אז ער האָט פאר זיך א הארט ניסל! זיי האָבן געשפּילט די סיציליער פארטיידיקונג, דעם זעלבן טעאָרעטישן וואריאַנט, וואָס איצט... דינהאָף האָט געמוזט אנערקענען זיך פאר באזיגט. ער האָט טייקעף פארלאָרן זײַן גאנצן האָנאָר:

— יודע, האָסט געוווּנען בא א דײַטשישן אָפיצער! איך וועל האלטן וואָרט, אריבערפירן דיך אין ערשטן באראק. נאָר איך וועל דיך נאָך צווינגען זיך אונטערגעבן! און טאקע אָף דעם זעלבן וואריאַנט.

און מייער האָט אָנגעהויבן זײַן וועג פונדאָסנײַ — פון ערשטן באראק. אין צוויי וואָכן ארום איז ער ווידער געווען אינעם דריטן. און די אלע טעג האָט ער פון קאיאָר ביז שפּעט אין אָוונט באטראכט אין געדאנק דעם געשפּילטן וואריאַנט, אויסגערעכנט אלערליי מעגלעכע גענג...

פארן אָפּשיקן די גרופּע צום טויט האָט דער קאפּיטאַן ווידער געפאָדערט צו זיך מייערן. זיי האָבן געשפּילט נאָכאמאָל דעם ערשטן וואריאַנט... און דאָ האָט דינהאָף אָפּגעגעבן דאָס פערד... אן אומגעריכטער און געפערלעכער קאָרבן... אָבער ניט פאר מייערן! אָף דעם פערד האָט ער געענטפערט מיט א קאָנטער־קאָרבן! דער קאפּיטאַן האָט ווידער פארשפּילט...

— זאָלסט וויסן, — האָט ער זיך צעשריִען, — איך שפּײַ אָף מײַן צוזאָג! איך קאָן דיך מאָרגן טאקע אָפּשיקן אפן פּאָליגאָן. נאָר צי איז עס ניט צו גוט פאר דיר? קומען אָף יענער־וועלט מיט א זיג איבער א דײַטשישן אָפיצער! ניין, עס וועט דיר ניט געלינגען!

און מייער איז ווידער ארײַנגעפאלן אין ערשטן באראק... קיין נײַע באגעגעניש מיט דינהאָפן איז ניט פאָרגעקומען: עטלעכע געפאנגענע, צווישן זיי אויך מייער, זײַנען אנטלאָפן...

וואָס טוט מען איצט? דערציילן, ווער עס איז דער לאנגע? טאקע שוין, באלד אפן אָרט? נאָר צי זײַנען איצט ווייניק פאראן אזעלכע אין לאנד, ווו עס לעבן א גוטן טאָג די נאציסטן?

שטארק אופגעשרויפט, האָט מייער געפירט אָף דער שאָך־ברעט א ווילדע אטאקע. עס האָבן אין אים געקאָכט די געבליטן. די פיגורן האָבן הילכיק געקלאפּט איבערן ברעט... פּלוצעם — אן אומפאָרזיכטיקער גאנג פונעם ווײַסן טורעם, און דאָס שווארצע פערד רײַסט זיך ארײַן אין לאגער פון די ווײַסע! מייערס זיג איז אומפארמײַדלעך! לאנגע אײַלט זיך ניט, ער טראכט...

— איר האָט פארשפּילט! איר האָט ווידער פארשפּילט! — און מייער קוקט אָנגעשטרענגט אָף זײַן קעגנער.

— וואָס באומרויִקט איר זיך אזוי? איר דאַרפט, מיסטאמע, געלט אָף דעקן דעם כעזשבן פארן אָוונטברויט? — שמייכלט לאנגע אין די וואָנצן און דעם גאנג מאכט ער אלץ ניט.

— דעם כעזשבן? איר זאָגט: דעקן דעם כעזשבן?! מײַן כעזשבן וועט געדעקט ווערן אין דער פּולער מאָס, הער אָבערשטורמפיורער דינהאָף! איר און אלע אײַער גלײַכן וועלן סײַווי ניט אויסדרייען זיך פון דער פארדינטער שטראָף!

א כאפּ געטאָן זײַן הוט, איז דינהאָף ארויסגעלאָפן פונעם רעסטאָראַן.

אין יענעם אָוונט האָט מען שוין דאָ מער אין שאָך ניט געשפּילט...

איסער קופּערמאַן,
יורי בארסקי.



יויסעף קערלער

# פרילינגדיקע שטראָמען

## קינד און יאַם

דערמאָנט וואָלט איך זיכער
דאָס קינד און דעם יאַם,
נאָר ווו זאָל איך זוכן די פּאַסיקע ראַם?
די ראַם און דעם גראַם,
אַז פאַרגאַפט זאָלט איר זײַן,
ווי איך, אַ פאַרפּלייצטער פון זוניקער שײַן.

ווי גרויס איז דער יאַם
און ווי קליין איז דאָס קינד,
ווי שטיל צווישן ביידע, ווי לינד איז דער ווינט!
ווי ס'פּליעסקען די קינדערשע הענטעלעך צו
דעם יאַם, וועלכער ווייסט ניט קיין רעגע פון רו.
ער קראַכט און ער ברומט אין דער ברייט, אין דער ווײַט,
באַגלײַך ער וואָלט ערשט זיך פון פּענטעס באַפרײַט,
צום ברעג זיך געבראָכן, קעדיי דאָרטן שטיל,
מיטן קינד, מיטן ברעקל, פאַרפירן אַ שפּיל.

ווי קליין איז דאָס קינד
און ווי גרויס איז דער יאַם —
די ערד און דער הימל — די פּאַסיקסטע ראַם.
אהערצו קומט, מענטשן, אין ראַם קוקט אַרײַן,
ווי איך, אַ פאַרפּלייצטער פון זוניקער שײַן.

ס'לאַשטשען זיך די גוטע כוואַליעס
צו די קינדערישע פיסלעך,
פריִער פאָרזיכטיק, ביזוואַנען
מע געוווינט זיך אײַן צוביסלעך —
קינד צום יאַם
און יאַם צו קינד...

ס'גאַפט און אָטעמט ניט דער ווינט:
אין אַ זומער־טאָג אַ שטילן
קינד מיט יאַם באַם ברעג זיך שפּילן.

## בושלען פליִען

צום ווינטער איז שוין אָך־און־ווי,
ס'ווערט אויסגעריסן און פאַרשוואַרצט
דאָס לעצטע ביסל שניי...

פון אַלע דעכער קאַפּעט שוין,
פון אַלע רינוועס רינט,
און אויסגעשליפן יעדע צווײַג
האָט שוין דער שאַרפער ווינט.

און שטיקער וואָלקנס רײַסט פון זיך
די זון, און אָט, באַפרײַט,
זי שלײַדערט צו דער קאַלטער ערד
איר הייסע נאַקעטקײַט.

די בושלען פליִען.
ראַכוועסדיק דער הימל זיך צעשפּאַרט.
ס'ווערט גוט אינמיטן קילן טאָג,
ס'ווערט וואַרעם אומדערוואַרט.

די בושלען פליִען.
זעט נאַר, זעט,
ווי ס'פּרייט זיך קליין און גרויס!
און אלע הייבקראַנען — ארויף
די העלדזער שטרעקן אויס...

פון אונטן שוועבט מיט אלדאָסגוטס,
אנטקעגן שוועבט מײַן וועלט,
זי שמעקט מיט קאָסמאָס און מיט ברויט,
זי שמעקט ווי מיר געפעלט —

מיט קינד און רינד, מיט קוואַל און ווינט,
מיט וואַלד און מיט צעמענט,
מיט פליגל־פּאַך, מיט שטײַפע טריט
און מיט געטרײַע הענט.

## שטראָמען

ווײַזט אויס, דאָס וואַסער
האָט זיך קוים דערוואַרט
דעם דאָזיקן פרימאָרגן
ענדע מאַרט...

א גאַנצע נאַכט
האָט עס געברומט,
זיך אלעמאָל צעקאָכעט,
ניט אָפּגעגעבן פאַרן פראָסט
קיין ברעקל קאָוועד.
ביז אינדערפרי...

די זון האָט זיך א ווײַז געטאָן
און ווידער זיך באַהאַלטן,
גלײַך „קאַץ־און־מויז"
וואָלט זי געשפּילט
מיט האַרבע ווינטלעך קאַלטע...
מיט יעדער סאָסנע־נאָדעלע
ט'זיך אָנגעשפּיצט דער וואַלד:
א ווײַלע נאַר, א רעגעלע,
אָט באַלד,
אָט באַלד,
אָט באַלד!

און וואָס געדינט האָט
אלס א צייכן,
ווייס איך ניט —
ס'קאָן זײַן א פייגל־צוויטש,
צי פון דער זון א שמייכל,
צי עפּשער מײַן געמיט.
נאָר ס'האָט א פּלאַץ געטאָן
דאָס אײַז דאָס דינע
און קאַליזשקעלעך — פריִער מוטנע —
האָבן פינקלענדיקער
אָנגעהויבן רינען...

דער וואַלד
האָט זיך צערוישט —
פון אלע זײַטן האָט
געמורמלט און געשווימט,
געוואָרטשעט און געפּלוישט,
אף שטרעמלעך זיך צעפּרעמדט,
אין שטראָמען זיך צונויפגעגאָסן,
אנטקעגן זון — געברענט,
אין שאָטן — זיך געלאָשן,
ארום די בערגלעך —
אין ספּיראַלן זיך געדרייט
מיט קינדערישער פרייד,
געלעכטער,
פּלאַפּלערײַ —
דאָס פרילינגדיקע וואַסער
אף דער פרײַ.

## אין א רעגנדיקן טאָג

און אויב די נידעריקע כמאַרעס
הײַנט שמײַסן אײַך מיט סומנעם רעגן,
איז וואָס?
שטעלט אָפּ זיך, מאכט א ווארע —
איר זעט ניט, ווער סע שפּאנט אנטקעגן?

ווי מאלכעסדיק זי שפּאנט — געוווינגן,
פארכושט, אין זיך אליין באהאלטן,
ניט פאלן זאָל פון אירע אויגן
קיין גוטע טרער אף שטיינער קאלטע,
כאַלילע ניט!
דעם וועג טרעט אָפּ איר!
און ס'נעמען אײַך ארום די שטראַלן
פון אײַער מוטער באַם צוקאָפּנס

אין ווײַטער קינדהײַט... ווי עס פאַלן
און זוניק ווערט,
ס'ווערט הימל־בלוי —
עס גייט אנטקעגן אײַך די שיינקײַט,
עס גייט אנטקעגן אײַך די ריינקײַט,
עס גייט א טראַגעדיקע פרוי!

## מענטשן

אף מענטשן דאַרף מען קוקן אָן פאַרדאַכט,
ווי די לעוואָנע קוקט אראָפּ אף די פאַרליבטע
אין א שטילער זומער־נאַכט.

אף מענטשן דארף מען קוקן, ווי די ווערבע
אין טײַך אין קלאָרן,
און ניט פארגעסן — מענטשן זײַנען שטערבלעך,
ניט קירצן זיי די יאָרן.

אף מענטשן דארף מען קוקן, ווי אין הימל —
די דאָרשטנדיקע ערד,
גלײַך, ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל, קיינמאָל
קיין באָמבע־אופרײַס ניט געהערט.

אף מענטשן דארף מען קוקן, ווי אף קינדער
מיט גוטע אויגן.
און ווער ס'קוקט אנדערש — איז א וווּנדער,
ווי האָט ער מוטער־מילך געזויגן.

און ווער ס'קוקט אנדערש,
דער האָט אונדזער צײַט פארשלאָפן,
און ווער ס'קוקט אנדערש,
דער זאָל אף קיין מענטשלעכקײַט ניט האָפן!

## בא א גלעזל טיי

ס'איז ניטאָ קיין בעסערס,
ווערליק איך פארשטיי,
פון א גלאָז א הייסער,
שטארק פארקאָכטער טיי.

און ביפראט, מע קומט ארײַנעט
פון א הארבן פראָסט —
ס'פינקלט און סע שעמערירט,
ס'ווינקט און זינגט די גלאָז...

און דערצו — די היימישלעכע
פלעצעלעך מיט מאָן,
אויסגעבאקן קרוכלע,
ווי מײַן ווײַבל קאָן.

הײַנט די שיינע לימענע
לאָזט הערן זיך אף מײַלן!
ס'ווילט זיך זיצן בא דעם טיש,
אינערגעץ זיך ניט אײַלן...

און דער סערוועט קלאָר איז,
און דער לאָמפּ איז העל,
און אזאמין אויסגעבענקטע
בא מײַן טיר — די שוועל.

קומט ארײַן, כאווירים,
ליבע מײַנע פרײַנט,
זאָל, כאָלילע, זיך ניט לעשן
אלץ, וואָס בא מיר שײַנט!

מירן זיך דערמאָנען
ווי, ניט הײַנט געדאכט,
זײַנען מיר פארבליבן
געציילטע נאָך א שלאכט.

מירן שווער פארשווײַגן,
וואָס און ווער אונדז פעלט...
ענגלעך אונדזער קרײַז איז,
ראכוועסדיק — די וועלט.

מירן טיילן זיך מיט נאכעס
פון אייגן קינד און ווײַב,
גלײַך ס'וואָלט ניט געווען
קיין ווײ,
קיין ווינט,
קיין ווײַט...

די אָרדענס אין די שופלאָדן
גאנץ אָפטלעך מיר פארגעסן,
נאָר אונדזער לײַב פארבליבן איז
פון שראַמען אויסגעפרעסן.

ניט נאָר צוליב זיצן
געמיטלעך בא דער טיי...
אונדזער יוגנט וואך איז,
ווערליק איך פארשטיי!



מוישע אַלטמאַן

# אַן אַלטע באַלאַדע אַן גראַמען

דעם אָנדענק פון באַרבו לאַזאַריאַנו



פּעט האַרבסט. אומרויִק דער טײַך. דאָס וואַסער קנייטשט זיך. דאָס אָטעמט דער טײַך מיט בערויגעזער האַרבסטיקער קיל. איז ער אין קאַס אַף דעם גלײַכגילטיקן פאַרנאַכטיקן הימל, אַף די וואָלקן־שמאַטעס, וואָס הענגען דאָרט אין דער הייך? אָדער אים גייט גאָר אָן די קריוודע פונעם פאַרכווישעכטן דאָרף, וואָס איז פאַרקנעכטעט צום באָיאַרס פּאַלאַץ? מעגלעך.

אַף דער וועראַנדע פונעם פּאַלאַץ זיצט דער אַלטער באָיאַר. אין אַ טײַערן פּעלץ אײַנגעהילט, אונטער די פיס אַ וואָלפישע פעל. און דאָך איז אים קאַלט, קאַלט און אומעטיק. ערגעץ אין קאָפּ טוט אַ בלישטשע אַ דערמאָנונג. פרויען... אַ סאַך פרויען. און פּאַרזשוליעוועטע טעג און נעכט ערגעץ אין מאָנאַקאָ, אין ניצע, ווײַט!.. איצט זשוליעווען דאָרט די זין און טעכטער, און ער איז אַליין. און אומעטיק איז אים. ער האָט שוין אָנגעשאָלטן אַלע דינער און דינערנס, געוואָרפן דעם שטעקן אין עקאָנאָם, ניט געטראָפן. ער האָט שוין געשיקט צו דער מאַמעס רועך דעם קלויסטער און קריסטוסן אַליין. עס איז אים אומעטיק. וואָלט כאָטש געווען, איבער וועמען אַ בייזן שפּאַס צו מאַכן. אוי, גאָט, גאָטעניו.

גאָט האָט דערהערט.

לענגויס דעם טײַך, פאַרבײַ דעם פּאַלאַץ טיאָפּקעט באָרוועס אין דער קאַלטער בלאָטע דער אָרעמסטער פויער פון דאָרף — קסענאָפאָן דער ציגײַנער. הויך און מאָגער איז קסענאָפאָן. די דאַרע הענט סטאַרטשען אַרויס פון דער בײַקענער קאַצאַווייקע, געלאַטעטע זומער־הויזן, אַ פאַרפינצטערט שאַרפּעלע אַרום האַלדז. נאָר דער שפּיץ פון דער קוטשמע טײַנעט אַרויף צום הימל אַ האַכנאָעדיקע טײַנע פון הונגער און קעלט. דער הימל איז טויב צו זײַנע טײַנעס. עפּשער זײַנען די כמאַרעס שולדיק, זיי דערלאָזן ניט די טאַרומעסן אַרויף. וואָרעם, ווי דען? איז דער הימל פּוסט?

און דער טײַך קנייטשט זיך. ער אָטעמט מיט בערויגעזער האַרבסטיקער קיל.

דער באָיאַר האָט דערזען קסענאָפאָנען. אין די אויסגעלאָשענע אויגן האָט אַ בייזער בליץ זיך צעבליצט.

— מע, ציגײַנע!..

קסענאָפאָן טוט אַ ציטער. פאַר שרעק? פאַר קעלט?

— מע ציגײַנע! ווינאַ נ־קאָ[1].

קסענאָפאָן קוקט אַרויף מיט כידעש. צו וואָס קאָן דער פּאָרעץ אים באַדאַרפן? אים, דעם אָרעמסטן אין דאָרף. און דער באָיאַר לאַכט. ער ווינקט אים מיטן שטעקן, עס הייסט: קום אַהער.

קסענאָפאָן פּאָלגט. די קוטשמע אונטער דער פּאַכווע, דער קאָפּ אָנגעבויגן, די שפּיציקע אַקסל ציטערן. ער וואַרט.

דער באָיאַר קלאַפּט דרײַ מאָל מיטן שטעקן אין פּאָל. עס באַווײַזן זיך די דינער. דער באַיאָרטער עקאָנאָם הינטער אַלע. די דינער שמייכלען כניפעדיק — עס וועט שוין באַלד פריילעך זײַן. נאָר באַם באַיאָרטן עקאָנאָם ווערן די קאַרבן אַפן שטערן טיפער. ער ווייסט, וואָס דאָ קאָן זײַן.

— קאַלט, קסענאָפאָן!

— קאַלט, פּאָרעץ, לעבן זאָלט איר.

— אַזוי... דאָס זאָגסטו עמעס. ס'איז קאַלט. און וואָס טוסטו? ווי גייט עס דיר?

— שלעכט, פּאָרעץ, גייט עס. עס גייט צו ווינטער.

— אַזוי... ווינטער. און דו וואָלסט אַוועקגעגעבן דרײַ ווינטערס פאַר איין זומער, עמעס, קסענאָפאָן?

— עמעס, פּאָרעץ, לעבן זאָלט איר.

— און וואָס האָסטו אַפן ווינטער? האָסטו גענוג מאַלײַ?

— ווינציקלעך, פּאָרעץ.

---

[1] — דו, ציגײַנער, קום אַהער.

— און א הון בא דער שטוב, א קו?

די דינערשאַפט לאַכט, די קאַרבן אַפּן עקאַנאָמס שטערן נאָך טיפער. קסענאָפאָן קוקט מיט שרעק און כידעש. ער טוט דאָך טרויעריק א שמייכל:

— מאַכסט כויזעק, פאָרעץ, פון אָן אָרעמען מענטשן. די איינציקע הינדעלעך מײַנע — די קינדערלעך. און א בעהיימע? כ'האָב איין בעהיימעלע — מײַן ווײַב.

דאָס געלעכטער ווערט שטאַרקער. באַם עקאַנאָם ציטערן די אַקסל.

דער באָיאַר קוקט זיך אַרום פאַרגעניגנדיק. יאָ, גאָט האָט אים דערהערט. ער וואַרפט א בליק צום טײַך און:

— קסענאָפאָן, זאָג מיר, נאָר דעם עמעס זאָג מיר, וואָלסט געוואָלט האָבן א קו?

דער קאָפּ בא קסענאָפאָנען בייגט זיך אָן נאָך נידעריקער. נאָר אָט הייבט ער אים אויף, ער קוקט שוין מיט בייזן כויזעק אַפּן באָיאַר:

— פאָרעץ־לעבן, ווי קומט צו מיר א קו? וואָלט איך כאָטשבי געהאַט מאַלײַ פאַר די קינדער.

— איך פרעג דיך, דו ווילסט האָבן א קו?

— און אַז איך וויל, איז וואָס?

— אויב דו ווילסט, קאָנסטו האָבן די בעסטע קעלביקע טעלעצע פון מײַן זאַוואָד, נאָר דו מוזט זי פאַרדינען.

— וויאַזוי, פאָרעץ־לעבן?

— גאַנץ פּראָסט. קוק, דו זעסט דעם טײַך? דאָס וואַסער איז קאַלט, שטאַרק קאַלט. קאָנסט אַרײַנגייין אין טײַך, ביז צום האַלדז אין וואַסער, און אויסשטיין ביז מאָרגן־גרוי? וועסטו אויס־האַלטן, קריגסטו די בעסטע טעלעצע, א קעלביקע, און א וואָגן פּאַפּשויעס מיט די סטרוזשעניעס. וועסט האָבן האָדיווליע און מאַלײַ פאַר די קינדער.

קיינער לאַכט שוין ניט. די אויגן בלאָנדזשען, אָט אַף קסענאָפאָנען, אָט אַפּן טײַך. דער טײַך קנייטשט זיך, ער עטעמט מיט בערויגעזער האַרבסטיקער קיל.

— נו, וואָס? דו נעמסט אָן?

— און אַז איך וועל ניט אויסהאַלטן?

— איז גאָטס ווילן דערויף. וויל גאָט ניט, זאָלסט האָבן א קו.

עטלעכע מינוט שווערע שטילקײַט. בא עמעצן פון די דינער קאַפּעט שוין א טרער. קסע־נאָפאָן ציט זיך אויס אין זײַן גאַנצער הייך, די ברוסט, טרוקן, ווי א פידל, סטאַרטשעט אַרויס מיט די ביינער:

— איך נעם אָן, פאָרעץ, נאָר מיט א טנײַ.

— וואָס פאַר א טנײַ?

— הייס אוועקשטעלן מענטשן באַם ברעג, זאָלן זיי א פײַער צעלייגן און אונטערהאַלטן דעם שײַטער א גאַנצע נאַכט.

דער באָיאַר קײַכט פאַר געלעכטער:

— וועט דער טײַך ווערן וואַרעם?

— איך ווייס ניט. נאָר דער שײַטער זאָל ברענען.

— געמאַכט, קסענאָפאָן. עס וועט ברענען א שײַטער.

און צום עקאַנאָם:

— הייס אָנצינדן דעם גרויסן לאַמטערן פאַרן הויף. איך וועל אַליין נאָכקוקן, מע זאָל ניט נאַרן.

האַלבע נאַכט. א שאַרפער ווינט בלאָזט. פון טײַך הויכט א בייזע קרירע. נאָר דער שײַטער באַם ברעג ברענט, רעדט פון וואַרעמקײַט, קעמפט מיטן ווינט.

— ער שטייט?

— ער שטייט, פאָרעץ!

— צו אַלדי רוכעס... אָבער ס'איז גאָרנישט. ביז טאָג איז ווײַט. ער וועט ניט אויסהאַלטן.

צוויי דריטל נאַכט אוועק. דער ווינט האָט זיך געשטילט, נאָר א בײַסנדיקער נעפּל האָט דעם טײַך פאַרצויגן. דער שײַטער קעמפט מיטן נעפּל.

— ער שטייט?

— ער שטייט, פאָרעץ.

— ס'איז גאָרנישט. ער וועט אָוועקפאַלן.

עס שאַריִעט אַף טאָג. דער באָיאַר גייט אַליין צום טײַך.

— מע, ציגיינע! דו לעבסט?

— איך לעב, פאָרעץ...

— גיי אַרויס. טוט אים אָן אַ פּעלץ און פירט אים אין הויף.
מע פאַלגט.
— בראַנפן!.. טרינק, ציגײַנער. טרינק און דערצייל, וואָס האָט דיר דער שײַטער געהאָלפן?
— דער שײַטער... ער האָט געהאָלפן. ווען כ'האָב געפילט, אַט־אַט פאַל איך אַוועק... געווען געגנוג, איך זאָל אַ קוק טאָן אַפן שײַטער — און געקראָגן קויעך.
— ווי־אַזוי?
— דער שײַטער האָט מיר דערמאָנט, אַז ס'איז פאַראַן פײַער אַף דער ערד. אַז ס'זײַנען פאַראַן מענטשן און מענטשלעכקײַט. און דאָס האָט מיר צוגעגעבן קויעך. און נאָך האָב איך גע־טראַכט פון מײַנע הינדעלעך, וואָס דאַרפן מיך.
— גיט אים די בעסטע טעלעצע. און אַן אַרבע מיט סטרוזשעניעס מיט קאַטשענעס. גיי, קסענאָפאָן, קלײַב אַליין אויס!

אײַנגעהילט אין פעלצן ליגט דער אַלטער באַיאַר. עס איז אים קאַלט. אַלע הרובעס ווערן צעטראַסקעס פון היץ, די דינערשאַפט ציטערט, דער הויף זאָל ניט אַוועקגיין מיטן פײַער. נאָר אים איז קאַלט. עס העלפט ניט דער ווײַן, עס העלפט ניט דער קאָניאַק. ער שיקט נאָך קסענאָפאָנען.
— קסענאָפאָן, איך ווער פאַרפרוירן. פאַרוואָס איז עס?
— ס'איז דערפאַר, פּאַרעץ־לעבן, ווײַל דו האָסט קיינעם ניט ליב געהאַט, פון קיין ראַכמאָ־נעס ניט געוווּסט. און קיינער האָט דיך ניט ליב. ליבשאַפט וואַרעמט. און דו האָסט זיך איבער מענטשן נאָר איזדיעקעוועט און סינע געזייט. סינע איז קעלט. אָט די קעלט רינגלט דיך אַרום. אומזיסט דאָס הייצן, אומזיסט די פּעלצן.
דער באַיאַר איז פאַרפרוירן געוואָרן.

און איך, דער פאַרשרײַבער אַף ייִדיש־לאָשן פון דער מאָלדאַווישער פאָלקסמײַסע, וואָס געהערט האָב איך זי אויסן מויל פון אַ ליבן פרײַנט, אַ פּאַרליבטן אין אַרבעטספאָלק און אין אומדערמידלעכן שאַכטיאָר פון פאָלקסאָכמע, — אויך איך האָב ניט איין מאָל געהאַט דאָס וואַסער ביזן האַלדז. און ווען ס'האָט געהאַלטן צו שווער, פלעגט קסענאָפאָן דער ציגײַנער דער־שײַנען מיט אַ שײַטער אַפן ברעג. און — ס'האָט געהאָלפן.
האָב איך עס מיט דאַנקבאַרקײַט פאַרשריבן אַף מײַן מאַמעס לאָשן, אַלס אָנדענק פאַר דעם טײַערן מענטשן, פון וועמעס פרײַנטשאַפט כ'האָב געהאַט די זכיה צו געניסן. אַ טראָפּן נאָר פון דעם כויוו, וואָס איך בין אים שולדיק.

# פון בלאָקנאָט

## אַ געשיכטע מיט אַ האָן

בעשאַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע איז מיר אויסגעקומען הערן אָט דעם אַנעק־דאָט, מעגלעך אויך, אַז דאָס דערציילטע איז געווען אַ פאַקט.
אין אַ מיליטערישן פעלד־שפּיטאָל איז צווישן דער מאַנשאַפט געווען אַן אַל־טער דיאַדקע. דער דיאַדקע האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ האָן און אים מיטגעפירט מיט זיך, ניט כאָלילע אַף צו קוילען, נאָר סטאַם פאַר היימלעכקײַט. עס קאָן זײַן, אַז דער האָן איז אים געווען אַ דערמאָנונג אין זײַן היים, אין דער פויערשער ווירטשאַפט... ער האָט דעם האָן אָפּגעהיט פון יעדן שלעכטן ווינטעלע, פון אַ „בייז־אויג“... איינמאָל האָט מען דעם שפּיטאָל געדאַרפט איבערוואַרפן אַף אַ ווײַטן מעהאַלעך. דער דיאַדקע האָט געהאַלטן זײַן האָן אין אַ זאַק. ערגעץ אין די קאַרפּאַטן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. דער דיאַדקע עפנט דעם זאַק און לאָזט אַרויס זײַן פליגלדיקן פרײַנט. דערפילט די פרײַע לופט, האָט דער האָן זיך שטאַרק צעקרייעט. די גאַנצע מאַנשאַפט איז געבליבן פאַרכידעשט:
— זע נאָך, ער קרייעט דאָך, ווי אַ נאַסטאָיאַשטשי!
פאַר די טעג, וואָס דער האָן איז געווען אין זאַק, איז ער אין זייער פאָרשטעלונג געוואָרן אויס „נאַסטאָיאַשטשי“, נאָר עפּעס אַ פאַנטאַסטישע באַשעפעניש. און דאָ, זע נאָר, ער קרייעט דאָך, ווי אַ נאַסטאָיאַשטשי!
די געשיכטע קומט מיר אָפּט אַפן זיקאָרן, ווען איך טראַכט וועגן שאָלעם־אַלייכעמס אופטו.

א סאך יאָרהונדערטער זײַנען יידן באטראכט געוואָרן ווי פאנטאסטישע באשעפענישן, ניט קיין „נאסטאָיאשטשי“ מענטשן. האָט שאָלעם-אַליכעם אופגעבונדן דעם „זאק“, געלאָזט אויסריידן זיך זײַנע יידן. האָט מען דערזען און דערהערט מיט כידעש:

— זע נאָר, זיי זײַנען דאָך נאסטאָיאשטשי...

## פאָלק, הומאָר און שפיל

הומאָר... מע באנוצט אָפט דאָס וואָרט, אָבער מע גיט זיך אָפּ ווינציק רעכענונג, ווי פאַר־שײדנאַרטיק אָט די אייגנשאפט אנטפלעקט זיך. געוויינטלעך ווייסט מען פון גוטן, ווייכן הומאָר און פון ביטערן „גאלגן-הומאָר“. דאָס זײַנען נאָר די אלגעמיינע דעפיניציעס. עס זײַנען אָבער פאראן פיל שאטירונגען. פאראן דער הומאָר (אָדער קאָמוי-הומאָר) פונעם פעטן באלעבאָס, פאראן ספּעציפישער הומאָר פונעם קאָמצן (הארפּאגאָן, אגעוו, מערקווירדיק, ווי מען איז עס פארבײַ־גאנגען) און אויך דער הומאָר פונעם כאָכמאטש. און נאָך און נאָך.

און פאראן דער הומאָר פונעם פאָלק און פונעם עכטן קינסטלער; דעם לעצטנס שטאמט אויך פון פאָלק, פונעם פאָלקס מענטשלעכקײַט.

מוז אָבער קומען א באוואָרעניש וועגן באגריף פאָלק.

פאָלק איז — מי, האָרעוואניע.

דער לעבקאָראָביטניק (דאָס וואָרט האָב איך פון פאָלקסמויל גענומען, פון מײַן „ציגײַנער־שער גאס“), דער, וואָס אנטלויפט פון מי און זוכט „גרינג ברויט“ (אויך פון פאָלק גענומען), האָט ניט קיין בלוט-אָנקער מיטן פאָלק. ער קאָן זיך פארמאסקירן, אָבער א געניט אויג וועט דערזען, וואָס אונטער דער מאסקע. ער איז פאָלקלאָז.

דאָס פאָלק פון מי פארמאָגט דעם עכטן הומאָר. דאָס פאָלק פארמאָגט מענטשלעכקײַט. א, דאָס פאָלק איז ניט שאָוויניסטיש.

דער בעסטער סימען פון עכטן הומאָר איז ריינע מענטשלעכקײַט. און אָט דער הומאָר פאַר־מאָגט אין זיך דעם מאָמענט פון שפיל...

שאָלעם-אַליכעם וואָלט ניט געוואָרן שאָלעם-אַליכעם, ווען ניט דער וווּנדערלעכער בלוט־אָנקער מיטן זיך מיִענדיקן פאָלק.

האָט דאָס פאָלק זײַן אויסדערוויילטן, זײַן שאָליעך צו דער וועלט, באשאָנקען מיט די באזונ־דערע מײַלעס-טויוועס: מיט שפּראך און מיט עכטן הומאָר, און ער, דער געטרײַער שאָליעך, האָט זײַן מיסיע אויסגעפירט מיט ליבשאפט, דאנקבארקײַט און גרויס אכרײַעס-באוווסטזײַן.

און ער — ער האָט מיט זײַן מי און געטרײַשאפט, אין א וווּנדערלעכער, וווּנדערלעך-פּאָ־עטעשער קינסטלערישער פאָרם, אָפּגעגעבן דעם פאָלק די מאטאָנע באַרײַכערט (ווײַל קונסט הייסט באַרײַכערן) און אזוי אים דערלאנגט א קישעף-שפּיגל — דאָס פאָלק האָט דערזען און דערהערט זיך אליין און אויך די וועלט.

האָט ער באשאָנקען די אין מי און פון מי לעבנדיקע מיט די גרויסע מײַלעס-טויוועס: שפּראך, הומאָר און שפיל.

דער פאָלקלאָזער, אָדער אָף דער פעריפעריע שטייענדיקער פארשוין פארמאָגט ניט קיין לאָשן. זײַן לאָשן — איך נוץ ענגעלסעס אָן אויסדרוק — איז אָן קראפט און אָן זאפט, ער איז הומאָרלאָז און מעמיילע ווייסט ער ניט פון שפיל. פארגלײַכט שיינע-שיינדלען מיט איר שלי־מאזלניק. וואָס פאר א שעפע פון שפּראך בא דער אומגליקלעכער פרוי! און בא איר גאנצער פארביטערטקײַט רײַסט זיך דאָך דורך א שטראל פון הומאָר! דערעכאגעוו, וויל איך ארויסזאָגן מײַן קוק: שיינע-שיינדל איז דאָס געלונגענסטע פרויען-געשטאלט אין שאָלעם-אַליכעמס ווערק.

אפילע בא אזא טרוקענעם לולעוו, ווי דער ברודער עליע, און בא זײַן ווײַבל רײַסט זיך דורך דער שטראל פון הומאָר.

אָבער דעם הויכפּונקט דערגרייכט שאָלעם-אַליכעם אין „טעוויע“. דאָ האָבן מיר שוין סײַ שפּראך, סײַ הומאָר, סײַ שפיל.

שאָלעם-אַליכעם האָט, אזוי צו זאָגן, געשלאָסן א שוטפעס מיטן פאָלק. ניט סטאם ער „באשרײַבט“ דאָס פאָלק, נאָר דאָס פאָלק שאפט מיט אים צוזאמען. דוכט זיך, אזא אומגליקלעכע יידענע, ווי די פונעם „טעפּל“. די יידענע, אדאנק שאָלעם-אַליכעמען, איז, אומבאוווּסט פאַר זיך, א קינסטלערן, א קינסטלערן — א דערציילערן. זי איז שוואך אין כאָכמאס האכעזשבן, אָבער וואָס פאר א פּאנאָראמע זי דערלאנגט אין איר מאָנאָלאָג! וואָס פאר א גאלעריי פארשוינען! הײַנט דאָס

„ייִכל", וואָס זי קאַכט פאַר איר דאָווידלען!.. מע לייענט און מע פילט, אַז זי, די אומגליקלעכע, מיט איר טעפל־טראַגעדיע, האָט האַנאַע פונעם דערציילן, פונעם מאָלן... און אויב דער ראָוו, דאָס נעבעכדיקע טרוקענע רעוול פאַלט אין כאַלאָשעס, איז זי דען שולדיק? אָסער! שולדיק איז דער ראָוו. צו אַ שוואַכער ראָוו פאַר אַזאַ ייִדענע, וואָס האָט צו דערציילן און דערציילן.

אָבער, ווי געזאָגט, דעם הויכפּונקט דערגרייכט שאָלעם־אַליכעם אין „טעוויע".

טעוויע שפּילט. שפּילט פון האַנאַע־וועגן. עס איז אין זײַן נאַטור.

איך בין זייער כוישעד, אַז טעוויע ווייסט שוין דאַפקע יאָ דעם טײַטש פון זײַנע פּסוקים און מעדראָשים, אָבער ער שפּילט אויס זײַנע טײַטשונגען און שפּילט זיי אויס גוט. אין העברעיִש וואָלט איך געזאָגט: „מוציא את המקרא מידי פשוטו"[1].

און אויך בין איך כוישעד, אַז טעוויען איז גוט באַוווסט, ווער גאַרקי איז... ניט געקאָנט ניט וויסן. ער פאַרט קיין יעהופּעץ און, ווי זאָגט ער אַליין, באַגעגנט זיך מיט מענטשן. ער ווייסט, ווער גאַרקי איז, יעדנפאַלס אַזויפיל, וויפל דאָס פּראָסטע פאָלק האָט געוווסט, — אַז גאַרקי וויל ניט דעם קייסער און מעמיילע האַלט ער פון ייִדן... אָבער טעוויע שפּילט. ער מאַכט זיך קעלעיאָדע און רופט אַרויס זײַן באַליבטע טאַכטער, זײַן שטאָלץ, האָדלען, אַף רייד... ער זוכט די רעפּליק...

און דאָ, אין שפּיל, דערגרייכט דער פאָלקס־הומאָר זײַן גאַנצע שליימעס.

## די שטרוי

אַז מע טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אַפילע אין אַ שטרוי — אַזוי זאָגט דאָס פאָלק.

אויך אַף רוסיש איז פאַראַן דאָס זעלבע שפּריכוואָרט.

ווי יעדער פאָלקסשפּרוך, פאַרמאָגט אויך דאָס דאָזיקע פאָלקסווערטל בילדערישקײַט. גרויס־וואַסער. ווילדע כוואַליעס, וואָס שטורעמען און טורעמען זיך. און — דער מענטש. דער ברעג איז ווײַט, קיין הילף ניטאָ, פונוואַנען צו דערוואַרטן. די לעצטע קויכעס זײַנען אויסגעשעפּט. פאַר־צווייפלונג. און דער גוירל, ווי ציניש ער כויזעק, טראָגט אונטער — אַ שטרוי. דער אומגליקלע־כער כאַפּט זיך אָן אין דער שטרוי.

עס איז טראַגעדיע.

פאַר טראַגעדיע שטייען מיר מיט דערעכרעץ.

עס איז אָבער פאַראַן... יאָ, עס איז פאַראַן דער פאַרשוין, וואָס טרינקט זיך אין קנעכל־וואַסער. דער צעטראָגענער שוואַכלינג. דאָס קנעכל־וואַסער ווערט אין זײַן צעשראָקענער פאַנ־טאַזיע געגליכן צו אַ יאַם.

און אַז ער כאַפּט זיך אָן אין דער שטרוי, ווערט עס:

קאָמעדיע.

און נאָך פאַראַן. דער פאַרשוין, וואָס טרינקט זיך אַף דער יאַבאָשע, דער, וואָס יאָגט זיך נאָך דער שטרוי:

טראַגיקאָמעדיע.

צוויי זײַנען פאַראַן, וועמען עס איז אַבסאָליוט פאַרבאָטן זיך אָנצוכאַפּן אָן אַ שטרוי: דאָס פאָלק און דער קינסטלער.

זיי דאַרפן קעמפן.

## וועגן באַהערשן די פעדער

אָט אַזוי פלעגט עס אַמאָל קלינגען אין רוסיש: «Владеть пером».

און דער אויסדרוק לאָזט זיך פאַרשיידן טײַטשן. אַף ייִדיש זאָגט מען: האָבן אַ פען אין דער האַנט.

דאָס איז נאָר איין טײַטש. עס איז באַוווּנדערונג פאַרן קענען. אָבער מיט דער פען לאָזט זיך אַלצדינג טאָן. און ניט שטענדיק האָט דאָס טאָן ערלעך און גוט געמיינט. ניט שטענדיק איז דאָס געטאָנענע שעפעריש, אָפטמאָל איז עס פאַרדאַרבעריש... וויפל רישעס האָט שוין די פלינקע פען באַוויזן צו ברענגען! וויפל סאַם!

עס איז אויך פאַראַן סטאַם פלינקאַטשעסטווע. פונוואַנען נעמט זיך עס? פון אויבערפלעכ־לעכקײַט, פון דעם, וואָס עס פעלט טיפע איבערצײַגטקײַט. אַזאַ „פען" קאָן דינען גאָט און דעם טײַוול. עס איז ניטאָ דעריבער דער מאָראַלישער קאָנטראָל, ווײַל ווו עס פעלט איבערצײַגטקײַט, דאָרט פעלט אויך מאָראַל.

און פאַראַן אָן אַנדער טײַטש: זײַן באַלעבאָס איבער דער פעדער, ניט לאָזן זיך פאַרפירן פון דער לײַכטקײַט.

[1] — מויצי עס האַמיקראָ מידיי פּשוטוי (ער ציט אַרויס דעם טעקסט פונעם טײַטש).

דאָס פאַרלאַנגט: וויסן און געוויסן. וויסן, עמעס וויסן, איז א נייטיקער פאַרבאַדינג פאַר געוויסן באַם מענטשן, וואָס האַלט א פּען אין דער האַנט.

אָבער וויסן אָן דענקען איז א טויטער באַגאַזש. אָן דענקען איז ניט מעגלעך קיין וועלט־אָנשויונג, און אָן א וועלט־אָנשויונג איז ניט מעגלעך קיין עכטע איבערצײַגטקייט.

דעמלט בלײַבט נאָר פלינקאַטשעסטווע.

באַהערשן די פּעדער — ניט יעדן איז עס געגעבן. דער טיף־דענקענדיקער וועט שטענדיק וויסן צו אונטערשיידן צווישן עכטקייט און פלינקאַטשעסטווע.

אָבער אויך אָט די פייִקייט איז ניט יעדן געגעבן.

און דאָ מוז אינטערווענירן דער קריטיקער. און דאַפקע אַף אים, אַפן קריטיקער, פאַלן די אַלע באַוואָרענישן באַזונדערס. ער איז דער אמערסטן פאַראַנטוואָרטלעכער.

## וואָס איז כעלם?

— וואָס איז אַזוינס כעלם? — האָט מיך געפרעגט א יונגער דיכטער.

איך האָב אים געענטפערט:

— כעלם איז א פּאַראַדיז אַף דערווירקלעכקייט.

אין דער וווּנדערלעכער, פון פאָלקסכאָכמע באַשאַפענער כעלמעיאַדע איז כעלם א שטאָט ניט פון סטאַם נאַראָנים, נאָר פון טשודאַקעס, וואָס טוען אַלצדינג מיט א „סייכל"... נאָר דער „סייכל" איז א פּאַראַדיע אַפן סייכל־האַיאָשער... דער כעלמער „סייכל" איז שוין צו סייכלדיק און פאַלט דעריבער אַרויס פונעם רעאַלן.

מע קאָן זאָגן, אַז אין דער כעלמעיאַדע שפּילט כעלם די ראָליע פון א קאָלעקטיוון דאָן־קיכאָט. און דאָס פאָלק, וואָס האָט די כעלמעיאַדע באַשאַפן, האָט די ראָליע פון סאַנטשאָ פאַנטשאַ: ער האָט ליב די כעלמער, שמייכלט אָפּ פון זיי גוטמוטיק.

איז אָבער „כעלם" א לײַבלעכער ברודער פון זײַן אָפּשמייכלער, אייגנטלעך די צווייטע זײַט פון דער מאַטבייע.

איז די גאַנצע כעלמעיאַדע א געוויסער שטילער „לויב דעם וואַנזין", וואָס רופט זיך איבער מיטן גרויסן כאָכעם עראַזמוסעס באַרימטן ווערק.

קאָן, מעגלעך, כעלם ענטפערן זײַן באַשעפער דאָס, וואָס דאָן־קיכאָט זאָגט אין א געוויסן מאָמענט צו סאַנטשאָ:

— ביסט נאָך מער „מעשוגע" איידער איך.

## צוצערעס

ערגעץ אין מײַנע נאָטיצן באַנוץ איך דאָס דאָזיקע וואָרט. אָבער ניט אַלעמען איז באַוווּסט דער „טײַטש". ער איז א לאָקאַליזם און פאַרדינט דאָך צו פאַרצייכנט ווערן. עס שטאַמט פון א בעסאַראַבער אַנעקדאָט.

אין א באַלעבאַטישער אַכסאַניע איז פאַרפאָרן א פרעמדער יונגערמאַן. א שיינער, א שטאַלט־נער, מיט א ווייכן קראַגן און א שניפּס, א ברייטער כסידישער הוט און א זויבערער זײַדענער קאַפאָטע. שיינע בלאָנדע פּייעס גיסן זיך צונויף מיט א וויך בלאָנד בערדל. דעם באַל־אַכסאַניע איז דער יונגערמאַן געוואָרן אויפאַלנד און ער האָט געגנומען אויסטאַפן: ווער און פונוואַנען און צוליב וואָס? דערציילט דער יונגערמאַן: ער איז פון טראַנסילוואַניע, פון א באַוווּסטן רעבעישן הויז, אַן אייניקל... ער האָט סמיכעס אַף ראַבאָנעס, בריוו, רעקאָמענדאַציעס. געהערט, אַז די שטאָט איז א פײַנע שטאָט, איז ער געקומען זיך באַזעצן. ער וויל דאָ ווערן רעבע... דער שטאָט וועט אַרויסקומען א טויווע. כסידים וועלן קומען, אָרכים, מע וועט לייזן געלט...

דער באַל־אַכסאַניע, א געוויכערטע ליולקע, איז מאַסקים. די שטאָט איז א פײַנע שטאָט, און א רעבע דאַרף מען ווי דאָס לעבן, אָבער... יונגערמאַן, האָט איר עפּעס געלט?

— געלט? צו וואָס דאַרף א רעבע געלט? איך קען לערנען.

— לערנען איז לאַוו־דאַפקע. א רעבע דאַרף ניט קענען לערנען, ער דאַרף קענען זאָגן טוירע. אָבער געלט דאַרף מען — מע מוז דינגען צוצערעס אַף צו ווערן א רעבע.

— צוצערעס? וואָס הייסט עס?

— צוצערעס? דאָס זײַנען פּײַנע מענטשן, וואָס גייען אַרום און דערציילן מאָפּסים: אונדזער רעבע... מצ... צ... צ... אײַ־אײַ־אײַ, מצ... צ... צ...

איך האָב באַגעגנט גענוג צוצערעס. ליטעראַרישע און אַנדערע. כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער!

# העלענע

(א בלעטל זיכרוינעס)

נאָך דעם ווי די סיגוראַנצע האָט צוויי מאָל אָפּגעשטאַט א וויזיט אין מײַן דירע אַף דער ארבעט, האָט די דירעקציע פאַרגעלייגט מיר זיך פאַרנעמען פון זאַוואָד. דער דירעקטאָר האָט מיט געמאַכטן האַרצווייטעק געזאָגט:

— ס'טוט מיר זייער לייד, וואָס מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון אײַך. אַן אָנגעשטעלטער זײַט איר אַן אידעאַלער, אָבער א מענטש מיט א פּגאַם. איר פאַרשטייט...

געוויס האָב איך פאַרשטאַנען, אָבער וואָס טוט מען ווײַטער? די מישפּאָכע, קיין אײַנהאָרע, איז שוין א גרויסע. איך האָב נאָך ניט פאַרגעסן, ווי כ'האָב זיך אָנגעליטן פאַר די צוויי יאָר, וואָס כ'בין נאָכן אַרעסט אַרומגעגאַנגען אָן ארבעט, וויפל מי האָט מיך געקאָסט געפינען די שטעלע אין זאַוואָד. און איצט, וואָס טוט מען איצט?

כ'האָב געהאַט א שטיקל דערפאַרונג אין פעלדצוכט און באַשלאָסן זיך פּרוּוון פאַרנעמען דערווײַל מיט דעם. אַרענדירט א נאַכלע ערד, האָב איך זיך גענומען צו דער ארבעט: צעטיילט די ערד אַף דרײַ כאַלאָקים. אַף איינעם פאַרזייט צוקער־בוריקעס, אַפן צווייטן — זונרויזן, אַפן דריטן — קוקורוזע.

אַלץ איז אויפגעגאַנגען אויסגעצייכנט. האָט זיך אָבער דער זומער געמאַכט א הייסער און א טרוקענער. ס'האָט אַזוי געסאַרפּעט, אַז אַלטע לײַט האָבן אַזוינס ניט פאַרגעדענקט. דער אומגליק איז געווען גרויס.

איך האָב אַרײַנגעלייגט אין דעם שטיקל ערד ווו כ'האָב נאָר געהאַט א גראָשן. געמאַכט כּוויוּעס. איין האָפענונג איז געבליבן — אויב די קוקורוזע וועט אויסהאַלטן, וועלן מיר זײַן געראַטעוועט. נאָר די קוקורוזע האָט ניט אויסגעהאַלטן. די בלעטער האָבן אָנגעהויבן וועלקן, אַף די שטאַמען האָבן זיך באַוויזן קרענקלעך־געלע פלעקן.

אין מײַן דעמלט נאָך שוואַרצער טשופּרינע האָט זיך באַוויזן דאָס ערשטע זילבער. ייִעש און פאַרצווייפלונג האָבן מיך באַהערשט.

און אָט שפּאַנען מיר אום איבערן קוקורוזע־פעלד, איך און מײַן געטרײַע העלענע.

העלענע... א פּאָשעטע דאָרפיש מיידל, און דאָך שוין גאָרניט אַזאַ פּאָשעטס. ניט קיין הויכע, א דאַרלעכע, דאָס פּאָנעם — פול מיט כיין, די אויגן שמייכלען. שטענדיק ציכטיק אָנגעטאָן, אַפילע בא דער ארבעט. אַזאַ צאַרטע, און אַלץ ברענט בא איר אונטער די הענט.

ס'טרעפט, העלענע ברענגט אַפילע א כאַווערטע מיט זיך, מיר צו העלפן. האָט זי עפּעס געוווּסט וועגן מיר? אומעגלעך. צו יונג איז זי, און ס'איז נאָך דערצו אַזאַ פאַרוואָרפן ווינקל, א העק, גיכער פון אַלץ איז עס אינטויִציע.

מיר שפּאַנען אַרום איבערן קוקורוזע־פעלד, קוקן, ווי עס קומט אום אונדזער מי. מיר איז מעסוקן שווער אַפן האַרצן. די לעצטע האָפענונג רינט אויס.

פּלוצעם שטעלט זיך העלענע אָפּ, באַווײַזט אַף די געוויקסן און זאָגט:

— באַנוּיוּט...

אַף ייִדיש הייסט עס: זיי בענקען... די קוקורוזע בענקט.

אין דער זעלבער רעגע איז אין מיר א גאַנצע איבערקערעניש געוואָרן. דער אַרענדאַטאָר מיט אַלע זײַנע זאָרגן איז פאַרשוווּנדן, און דער שרײַבער, וואָס דײַגעס־פּאַרנאָסע און שווערע פיזישע מי האָבן אים געהאַט פאַרשטויסן אין הינטערגרונט, האָט אויפגעוואַכט אין מיר. ס'האָט אויפגעוואַכט דער מענטש פונעם לעבנס־געבענטשטן וואָרט, דעם וואָרט, וואָס איז די פאַרבינדונג פון מענטש מיט מענטש, פון פאָלק מיט נאַטור.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען כ'האָב מיר דערלויבט מיט צאַרטער דאַנקבאַר־קײַט א גלעט טאָן העלענען איבערן קאָפּ.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, א קוק געטאָן אַף מיר. אין זיי האָט געלויכטן א טרויעריקער שמייכל.

האָט זי מיך פאַרשטאַנען? כ'מיין, אַז יאָ.



כאנע לעווין

# א שוואַלב

א שוואלב שנײַדט דורך די לופט
אזוי פארשײַט און האסטיק,
גלײַך ווי זיך רעטן פרוווט
פון איינעם, וואָס פארהאסט זי.

זי וואַרפט זיך הער־און־הין,
דער פײַנט זאָל זי ניט טרעפן,

דאָס פיסקעלע דאָס דינס
פון מידקײַט ברייט צעעפנט.

און עפּשער פליט זי אוף,
פארשײַט אזוי און האסטיק,
ווײַל ס'שרײַט א פרײַנט און רופט
און רײַסט זיך פון דער פאסטקע.

# דאָס בעקאָוועדיקסטע אָרט

ארום דעם קײַלעכדיקן טיש פון אונדזער ערד
בעקאָוועדיק עס זײַנען אלע ערטער.
לייג צו דײַן האנט, טו דאָס, וואָס איז אין דיר געווענדט,
דאָס לעבן וואַרט אף נײַע שאפונגען און ווערטן.
אויב האָסט כאָטש עפּעס פאר דײַן ברודער אופגעטאָן,
ביסטו, דער פאָשעטער — „דאָס אייבערשטע פון שטייסל",
אף אונדזער ערד איז אומעטום אן אויבן־אָן
און יעדער מענטש פארמאָגט עפּעס,
מיט וואָס ער קאָן זיך גרייסן.

* * *

פארשטייט זיך, ס'מעג די ערד די אלטיטשקע שטאָלצירן,
זי האָט דאָס רעכט דערויף, קיין סאָפעק ניט, פארדינט.
עס שטייען אופגעפראלט דעם הימלט בלויע טירן,
עס האָבן דורכגעלייגט א וועג זיך אירע זין.
נאָר ווידער טוט דאָס הארץ דער מאמע־ערד פארקלעמען
און מיט א בענקשאפט קוקט צום מילכוועג, צו דער הייך:
ווי ווײַט עס זאָלן זיך ניט אירע זין פארנעמען,
וועט אלץ נאָך איבערבלײַבן עפּעס ניט דערגרייכט...

●

מאָטל שטורמאַן

# מאָסקווע־טײַך

דײַן רום איז צו מעכטיק
און ראכוועסדיק רײַך
אף טראָגן דעם נאָמען
געוויינלעכן: טײַך.

אף צענדליקער שפראכן –
באליבט און באקאנט
דײַן רוסישער נאָמען:
„מאָסקווע־רעקא".

א פרידלעכע, שטילע,
אין שטיינערנעם צאם, —
מיר דוכט זיך, קעסיידער
דו בענקסט נאָך א יאם.

אף וואסערן דײַנע,
אין פרישן פארטאָג
א ליכטיקער דאמפער
מיך ווײַט ערגעץ טראָגט.

זײַן נאָמען איז „שאָלעם“,
זײַן האפן איז גליק,
די זון איבער אים,
איבער כוואליעס זיך וויגט.

די לענין־בערג הויכע
צעגרינטע זיך שפרייטן.
די קרעמלשע שטערן,
די הימלען די ברייטע,

די ברעגן, די בריקן,
די בלויען, די ווײַטן
באגלייטן דעם דאמפער,
מײַן הארץ דאָס פארשײַטע.

דײַן רום איז צו מעכטיק
און ראכוועסדיק רײַך
אף טראָגן דעם נאָמען
געוויינלעכן: טײַך.



געבוירן אין 1906 אין בעלאַ־צערקאָוו (אוקראַינע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1925. וווינט אין מאָסקווע.

# א וואָרט צו דער מאמען

דאָרט ווײַט, אין א שטעטל,
אף סטעפּעס אוקראַינער,
דו לייענסט, מײַן מאמע,
די בריוועלעך מײַנע.

דו פרעגסט מיך, דו בעטסט מיך,
דו מאָנסט אָן א שיר:
ווען וועל איך שוין קומען
אף שטענדיק צו דיר...

ס'איז מאָסקווע מײַן היים הײַנט,
מײַן גליקלעכע נעסט,
איך לעב דאָ, איך שאַף דאָ,
מײַן טראָט איז דאָ פעסט.

די הויפּשטאָט באגלייט מיך
מיט זון אלע פרי,
מײַן גליק און מײַן שווונג
און מײַן אויצער — איז מי.

און טיף אין מײַן הארצן
איך טראָג אים, דײַן נאָמען,
דײַן נאָמען דײַן צארטן,
מיט ליבע דערמאָן איך.

דײַן ליבשאפט, זי ווייסט ניט
קיין גרענעץ, קיין צאמען.
איך שרײַב דיר, ווי טאָמיד,
א קארטל, מײַן מאמע.

איך ווייס, האָסט פאָעמעס
די שענסטע די ווערט.
מײַן ליבשאפט — א דענקמאָל
פאר דיר אף דער ערד.

# דאָס אייניקל

פאָרלעכווײַז,
צו צוויי, צו צוויי,
מע שטייט צום אייניקל
אין ריי.

טאטע־מאמע —
יונג און שיין,
ביידע זיידעס —
מאָלע כיין.

ביידע באָבעס —
אויך אין קאָן,
פעטערס, מומעס
קומען אָן.

נאָר איין פעטער,
ער דאָ פעלט,
אומגעקומען
ווי א העלד.

פארן היימלאנד —
אונדזער גליק.
אומגעקומען
אין דעם קריג.

טראָגט דאָס קינד
אצינד זײַן נאָמען,
אזא ליכטיקע
נעשאָמע.

שמייכלט ליב
צו יעדן איינעם,
מיט א שמייכל
אזא ריינעם.

פאָרלעכווײַז
צו צוויי, צו צוויי,
מע שטייט צום אייניקל
אין ריי.

אָט א מאזיק,
אָט א גליק,
ווײַזט א קיינדל
אָן אנטיק.

זאָלן קרוויוים
זיך ניט שרעקן,
ס'וועט פאר אלע
קיינדלעך קלעקן.

---

## מאָרדכע אווישאָול



געבוירן אין 1898 אין אונגאַרן. אָנגעזעענער פּראָזאַיִקער, דראַמאַטורג, דיכטער און איבערזעצער. אַקטיווער טוער אין דער באַוועגונג פאַר ייִסראָעל—סאָוועטישער פרײַנטשאַפט און אין דער ייִסראָעל־ליגע פאַר מענטשן־רעכט.

# אפן בוידעם-שטיבל פון רעב אמראַם דעם כאָסיד



אָמיר א ביסל זיך באקענען.

א באזונדער מין מענטשן זײַנען זיי, די יערושאָלאַיִמער (אפן ערשטן אויגנ־בליק קומט מיר אויס צו באמערקן, אז אנדערש זײַנען די מענטשן פון יעדער שטאָט, צי א קליינע אָדער א גרויסע, צי א ווייניק־באַוווסטע אָדער א וועלט־באַ־רימטער קראַך, עלע וואָס דען, דאָס מאָל האָבן מיר צו טאָן בלויז מיט יערושאָלאַיִם). און ניט וועגן דער באזונדערקײַט אין אלגעמיין געגומען מיין איך דאָ אָדער וועגן דער אנדערשדיקײַט צוליבן קלאסן־אָפּשטאם, איידע, שפּראך אאוו. אדג. נאָר וועגן א געוויסער פארשיידנקײַט פון די שטוסים, אזוי צו זאָגן, אף וועלכע די מענטשן לייגן ניט צו קיין קאָפּ.

פאראַן אין יערושאָלאַיִם מענטשן, וואָס וווינען שוין פון לאַנגע יאָרן אין די אלטע שכונעס[1] מיט די פארדרייטע קרומע געסלעך. דאָרט איז זייער אָרט און דאָרט זײַנען זיי שטעקן געבליבן, גלײַך ווי די שטיינערנע הײַזער, וואָס רירן זיך ניט פון אָרט, אָדער ווי יענער אלטער פאַר־שטויבטער איילבערט־בוים באַם עק פון דער שכונע, וואָס איז ענלעך צו א פעלד מיט... פיירעס. וואָס אָן עמעס, זײַנען זיי אליין געבענטשט מיט פּרי־האַבעטען[2] בעשעפע, און זינט זיי לעבן, האָבן זיי נאָך פאר די אויגן ניט אָנגעקוקט די נײַע פּרעכטיקע קווארטאלן, דאָס וווין־אָרט פון די כאָשעווע לײַט פון שטאָט און אירע פּאַרנייסים[3].

און פאראַן אזעלכע טוישווים אין יערושאָלאַיִם, וועלכע האָבן לעכאַטכילע זיך באזעצט, — זיי האָבן זיך געקאָנט פארגינען דערויף, — אין די שיינע קווארטאלן און דאָרטן שטעקן זיי און קרענקען ניט און ווייסן ניט פון די אלטע שכונעס, וועמעס אײַנוווינער זײַנען א מין נידעריקער סאָרט אין זייערע אויגן, זלידנע נודניקעס, וואָס פאָדערן וואסער (אוי, ברויט אויך, דעהײַנע ארבעט!) און זאָגן זיך אָפּ צו צאָלן שטײַערן לויטן ראָצן פון די פּאַרנייסים.

און פאראַן אויך אזעלכע, וועלכע האָבן אמאָל געוווינט אין די אָרעמע שכונעס, מער ניט, עס איז מעקויעם געוואָרן אין זיי דער פּאָסעק „שמנת, עבית, כשית"[4], און זיי זײַנען אוועק וווינען אין די שכונעס פון די רײַכע לײַט. זיי וועלן שוין ניט אומקערן זיך צוריק אין דער אלטער היים, זיי שעמען זיך מיט זייער אָפּשטאם און אן אייביקע מילכאָמע פלאקערט צווישן זיי און זייער באַגנדיקן זיקאָרן... מײַן צאָרן אף זיי. זיי וועלן שלעכטס טאָן ביז זיי וועלן אונטערגיין!

האָט זיך געמאכט אזוי, אז דעם זומער, פארברענגענדיק עטלעכע טעג אין יערושאָלאַיִם, האָבן מיר זיך אוועקגעלאָזט וואנדערן איבער די אלטע אונדז באקאנטע שכונעס, אָן קיין שום ציל און אפילו ניט קעדיי אָפּצופרישן אונדזערע דערינערונגען, נאָר בלויז צו באַרויִקן דאָס האַרץ. אָבער די זיכרוינעס פרעגן ניט קיין רעשוס און קומען פון זיך אליין צו גיין; זיכרוינעס, און אין די זיכרוינעס — געשטאלטן, און אין די געשטאלטן — יענע ווונדערלעכע יערושאָלאַיִמער סטירעס, וואָס זײַנען ניט פארשריבן אין קיין שום סייפער, — בלעזלען אוף אין געמיט.

און אף יעדן טריט און שריט: צי געדענקסטו? ———— געדענקסט? ———— דו געדענקסט? — — — —

---

[1] — שטאָט־קווארטאלן; [2] — קינדער; [3] — שטאָט־באלעבאטים; [4] — שאָמאַנטאָ, אָוויסאָ, קאָסיסאָ (א פּאָסעק פון כומעש דוואָרים, באַטײַט: ביסט פעט און דיק געוואָרן).

אזוי זײַנען מיר דערגאַנגען צו אַ געסל, לאָמיר עס אָנרופן „נאַכלעס שיוואָ״.

— צי געדענקסטו אַמראָם דעם שוסטער? — פרעגט מײַן פרײַנט. — דאָס איז געווען זײַן פענצטער. הינטערן פענצטער איז ער געזעסן און דאָס קלאַפּן פון זײַן העמערל האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט. פון דער אַלטער שטאָט פלעגט דער פעטער אַלעקסאַנדער ברענגען צו אים פאַריכטן די שיך. ביז הײַנטיקן טאָג איז דאָ ניטאָ קיין פאַרהענגל און אויך קיין לאָדן ניטאָ.

פאַרשטייט זיך, אַז כ׳געדענק: אָט דאָ, ווײַזט אויס אויף רעכטס פון טויער, האָט זיך געפונען בערישעס געוועלב (און די דירע אין הויף, ס׳איז געווען זײַן הויז); ער האָט אַרײַנגעשטעלט אַ וויטרינע — לעכאַטכילע איז זי געווען „פּרעכטיק״, אָבער גאָר גיך איז זי פאַרלייגט געוואָרן מיט פּושקעס, ליידיקע קעסטלעך און פלעשלעך — ווײַן און עסיק. אין דעם דאָזיקן ווינקל זײַנען געשטאַנען דרײַ גרויסע סלאָיען: גרינע און שוואַרצע איילבערטן, געזײַערטע אוגערקעס. איצט איז די קראָם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דירע פאַר „אוילים כאַדאָשים״[1] (וועלכע זײַנען לעגאַמרע שוין ניט קיין כאַדאָשים, ווי אַלע סימאָנים זאָגן איידעס דערויף).

מיר זײַנען אַרײַן אין הויף. ווי ענג דאָ איז! דאַלעד־אַמעס אויף דאַלעד־אַמעס. און דאָס איז די טיר פון אַמראָם דעם שוסטערס שטיבל און וואַרשטאַט. אַן אויפשריפט: „באַזונדערער אַרײַנגאַנג״. ווער וווינט דאָ? אַן אײַנטריט־קאַרטע אויף דער טיר: אַקאַדעמישער טיטל...

און אָט זײַנען די צעטרייסלטע הילצערנע טרעפּ, — ווונדערלעך, ביז איצט שטייען זיי נאָך, — פירן אַרויף צום צימער פון די „מיידלעך״, וואָס איבער אַמראָמס פענצטער. „דאָס בוידעם־שטיבל פון אַמראָם דעם כאָסיד״ — אַזאַ איז געווען זײַן נאָמען און אַזאַ איז פאַרבליבן דער זיכער פון מיידל־צימער. אין ווינקל — די עפענונג פון וואַסער־גרוב, אַ געבויטע פון שטיינער, מיט אַן אײַזערנעם צודעק פאַרלייגט.

מיר בליקן אַרײַן אין „בוידעם־שטיבל״. עמעצער פון אַמראָם דעם אַלטנס קלײַענטן — ס׳איז ניט באַוווּסט, ווער עס איז געווען דער לעץ: אַ באָקי אין די אַגאָדעס פון כאַז״ל[2], עפּשער איינער פון די יעשיווע־באָכערים, וועלכע זײַנען געקומען פון „רעבנס״ הויף פאַריכטן די שיך, — איז בעשײַטע אַרײַנגעקומען אין הויף אַרײַן און געטראָפן דעם אַלטן אַמראָם אין אַ מאַצעוו פון געלעכטער און קאַלוס־ראָש[3] מיט איינעם פון די מיידלעך, וואָס איז גראָד אַרויף אויף די טרעפּ. האָט דער דאָזיקער לעץ אויסגערופן: נור בעאַמראָם[4]. פון דענסטמאָל איז באַוווּסט געוואָרן דער צונאָמען „דאָס בוידעם־שטיבל פון אַמראָם דעם כאָסיד״. אָבער דער אַלטער אַמראָם האָט זיך גאָרניט געמאַכט דערפון, לאַכנדיק מיט אַלעמען צוזאַמען.

אַמראָם דער שוסטער איז געווען אַלט און קליין און דאַר, זײַן צעקנייטשט פּנים — פול שמייכלען און זײַנע אָנגעמאָזאָליעטע פינגער געגליכן צו כריין. זײַנע שיינע פאַרדרייטע וואָנצעס זײַנען שוין אינגאַנצן געווען ווײַס. אַמאָל, אין „יענע״ צײַטן, איז ער געווען אַ זעלנער באַם רוסישן צאַר, פון דאָרטן שטאַמען זײַנע וואָנצעס. אין קעגנזאַץ צו אים איז דער קרעמער בעריש געווען דיק, זײַן בויך — ווי אַ פעסל, און זײַן פּנים — ווי אַ געל־רויטער אַרבוז, צו וועלכן מע האָט אַזוי ווי צוגעקלעפּט אַ געלע ציגענע באָרד, זײַנע הענט — ווי קניידלעך, געקאַכטע אין שעמען־זאַיס[5], און זײַנע פינגער — ווי רויטע ווורשטלעך, בעקיצער: „אַלע מײַכאָלים און אַלע טאַמען״. ער האָט אויסגעזען, ווי מע וואָלט אין זײַן בויך געקאָנט פאַרבאַהאַלטן זײַן קליין ווײַבל מיט אַלע זײַנע דרײַ קינדערלעך צוזאַמען גענומען, מע זאָל זיי גאָרניט אַרויסזען. אָבער די פרוי — אַ גרויסע בעריע איז זי געווען, און כוצן מעטאַפּל זײַן באַ די דרײַ קינדער, איז זי אויך געשטאַנען אין געוועלב, אין דער צײַט, ווען בעריש האָט געקרעכצט אויף דער לעדערנער קאַנאַפּע אין זײַן צימער, ווײַל פון זוילעל־וועסויווע זײַן האָט ער געקרענקט אויף די קישקעס לוי אָליינו.

ווען אַמראָם פלעגט אַרויסגיין אין הויף אָנשעפּן וואַסער פון דער שטיינערנער גרוב, האָט בעריש טייקעף־אומעיאַד זיך געשטאַרקט און איז געשווינד אַראָפּגעקראָכן פון דער קאַנאַפּע צום פענצטער צו, — דערבײַ פלעגט אים די יאַרמלקע פון קאָפּ אַראָפּפליִען, — קעדיי אַ בליק צו טאָן, אויב אַמראָם קוקט ניט אַמאָל אַרויף אין דער הייך — ניט צו דער הייך, וואָס איז ביבכינאַס הייך, נאָר צו דער אַליִע, וואָס פירט אַראָפּ אין אונטערשטן געהענעם אַרײַן! עלע וואָס דען, אַמראָם האָט לעגאַמרע ניט געקוקט. און עס איז דאָך פאַר בערישן געווען קלאָר, אַז אַמראָם האָט געוואָלט אַ קוק טאָן, מאַשמאָעס, אַז אַמראָם האָט אין די מאַכשאָוועס זיך אַליין טאָמע געמאַכט מיט דער אומריינער קרענק פון סוינע, ראַכמאָנע־ליצלאַן, דעם יעיצערהאָרע... ווען ער, בעריש, וואָלט ניט געווען אַזוי פויל און ווען ניט די טײַנעס און קריגערײַען פון זײַן ווײַבל,

---

[1] — נײַע אײַנוואַנדערער; [2] — כאַזאַל — כאַכאָמיינו (אונדזערע דענקער) זיכרוינאָם ליוורָאַכאָ (זאָל זײַן געבענטשט זייער אָנדענק); [3] — לײַכטזין; [4] — אַ פײַער איז אַרײַנגעפאַלן אין הויז פון אַמראָם; [5] — קלאָרער בוימל.

וואָלט ער געשטאַנען טאָג און נאַכט באַם פענצטער, ניט דאַפקע, קעדיי אָפּצוהיטן די טריט פון אַמראַמען, נאָר קעדיי אָנצוזעטיקן זײַנע אויגן מיטן פאַרבאַטענעם, מיט די לײַכטע טריטלעך פון זײַנע קוואַרטיראַנטקעס, ווען זיי גייען אַרוף אין דער הייך און די הילצערנע טרעפּ סקריפּען אונטער זיי... און אָט, ווי נאָר איינע פון זיי דערהערט אַ קלונג פון בלעכענעם עמער אין אַמראַמס האַנט, אַזוי שפּרינגט זי באַלד אַרויס אין דרויסן: „רעב אַמראַם, וואַרט אַ ווײַלע!" און זי גייט אַראָפּ פון די טרעפּ — עפּשער אַ „ליליס" און עפּשער אַ „באַסמאַלקע" — גייט זי אַראָפּ, טאַנצט אונטער, שפּרינגט צו און שעפּט אָן וואַסער פאַרן אַלטן.

און ווער און וואָס זײַנען געווען די יעניקע מיידלעך? איינע אַ שנײַדערקע אין אַ געוועלב אויף יאַפאָ־גאַס — אַ שוואַרצע ליליס, אירע אויגן, ווי ברילייאַנטן, און געהייסן האָט זי יאַמימאַ; און די צווייטע, איר כאַווערטע, די פּרוי רות, אַ גאָלדהאָריקע, לאַכנדיקע בריזע, וואָס קויפט צוקערלעך בא בערישן און צעטיילט זײַנע קינדערלעך, — זי לערנט אין אוניווערסיטעט, און אירע באַוועגונ־גען, ווי בא אַ באַסמאַלקע, וואָס שעמט זיך גאָרניט מיט דעם, אַז זי פּוצט אויס אַלע פענצטער אויפן האַר האַצופים, ווײַל דאָס איז די פּאַרנאָסע פון דער סטודענטן, — זי פּוצט די פענצטער, קעדיי צו באַצאָלן סכאַר־לימעד. מיסטאָמע פלעגן דאָרטן אויך אַרײַנגיין און אַרויסגיין באַכורים, אַלע אַזעלכע ליבלעכע אין די אויגן פון אַלטן אַמראַם און אַלע — „שקאָצים" אין מויל פון בערישן.

האַקיצער, אין יענער נאַכט זײַנען אַראָפּגעפאַלן שטאַרקע רעגנס — דעהײַנע, די נאַכט, וואָס מיר ברענגען אַרויף אין אונדזער זיקאָרן, בייס אונדזער שפּאַציר אין דער דאָזיקער שכונע, — רעגנס, וואָס האָבן אָפּגערייניקט דאָס געסל און די הויפן פון גאַנצן קויט און די לופט איז געוואָרן ריין און דופטיק; גייט אַרויס אַמראַם פאַרן טויער און זעט, ווי בעריש שטייט אַנטקעגן זײַן וויט־רינע און קוקט זיך צו מיט אַ פאַרקרימט פּאָנעם אויף די קידעש־לעוואָנעדיקע אויסיִעס, אויפגע־שריבענע מיט אַ רויטער פאַרב: „זאָל לעבן די אַקטיאַבער־רעוואָלוציע!"

ווינד און ווי איז צו די אויגן, וואָס זעען עס!

קוקט בעריש אויף דער אויפשריפט, גיט אַ בליק צו אַמראַמען, און ווידער אַ קוק דאָ און דאָרט, גלײַך ער וואָלט געזוכט אַ לייזונג צו דער רעטעניש, און זאָגט מיט אַ וויינענדיק קאָל: „נו? נו?" און צעשפּרייט זײַנע הענט אין ייִעש.

אַמראַם דער שוסטער שטעלט אָן זײַנע אויגן אויף בערישן, דרייט די וואָנצעס, עס זעט זיך קוים אַרויס אויף זײַנע צעקנייטשטע באַקן אַ שמעץ פון כויזעק, ער טוט ווידער אַ קוק אויף דער אויפשריפט, שאָקלט צו מיטן קאָפּ אַהער און אַהין און זאָגט:

— אײַ! אײַ! אײַ!

פלוצלינג צעקאָסט זיך בעריש. לעבן אים איז געשטאַנען אַ קרוג מיט מילך, וואָס ער האָט געהאַלטן באַם אַרײַנטראָגן אין געוועלב אַרײַן. ס'האָט אויסגעזען, גלײַך ער וואָלט אופגעריסן די קייטן פון זײַן שטוינונג, און זײַן גוף, וואָס איז אָן דעם געווען גענוג רויט און אָנגעשוואָלן, האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אָן אינדיק, זײַנע פויסטן האָבן זיך אופגעבײַלט, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פײַער, און ער האָט אַרויסגעברילט אַנטקעגן דער אויפשריפט:

— טאַמעדיקע שקאָצים, מאַמזיירים זעטיקע, זאָל זיי די נעשאָמע אַרויסגיין, מאַמזיירים! די געדערים זאָלן זיי פּלאַצן!

דרייט זיך אַמראַם זײַן ווײַסע וואָנץ, די באָרד, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און רופט זיך אָפּ: — אײַ! אײַ! אײַ!

עפּשער בייזערט ער זיך, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: הימל און ערד, וואָס טוט זיך דאָ עפּעס?! עפּשער וווּנדערט ער זיך און מיינט צו זאָגן: זעט נאָר, ס'אַרא קונדייסים! עפּשער וויל ער גאָר זאָגן, אַז ער גלייבט ניט אין דעם, וואָס זײַנע אויגן זעען?

— אײַ! אײַ! אײַ!

ער גיט אַ קער זײַן בליק צו דער וואַנט, וואָס אַנטקעגן, און בעריש כאַפּט אויך דאָרט אַ קוק. אויך דאָרט, באַם טויער, איז אופגעשריבן מיט קידעש־לעוואָנעדיקע אויסיִעס: „זאָל לעבן די אַקטיאַבער־רעוואָליוציע!"

גיט זיך אַמראַם אַ ווענד צו דער שטיינערנער וואַנט, וואָס באַם עק פון געסל, — די וואַנט פון מוסולמענישן בייס־האַקוואָרעס: „זאָל לעבן די אַקטיאַבער־רעוואָליוציע!"

— אײַ! אײַ! — זאָגט אַמראַם. — עפּעס האָבן זיי שטאַרק ליב באַקומען אונדזער געסל. און ער דרייט זיך אויס און גייט אַרײַן צו זיך אין שטיבל.

ווי געוויינלעך, איז באַנאַכט דאָס געסל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלאָטע און קאַליוזשעס; און ניט בלויז דאָס געסל, נאָר אַלע געסעלעך פון יערושאַלאַיִם, אָבער די דאָזיקע סוויווע זינקט באַזונדערס אײַן אין בלאָטע און קויט. אַמראַם ווייסט, אַז פאַר אים איז געקומען דער סעזאָן, אַז ער וועט האָבן אַ סאַך אַרבעט, ווײַל אַזוי איז דער וועג פון די קאַפּצאָנים, — און זיי זײַנען ס'ראָוו פון זײַנע קלייִענטן, — אַז זיי שלעפּן אָפּ ביז דער לעצטער מינוט און יעדערער, וואָס האָט ניט

פאריכט זײַנע שיך אלע טעג פון א גאנץ יאָר, אויב ער פאַרמאָגט נאָך די פּרוטע אין קעשענע, איז ער הײַנט געצוווּנגען אָנצוקומען צום שוסטער, אפילע שטארק בעטן און כאַנפענען, מע זאָל אים פאריכטן טאקע באלד, די רגע, די שיך, ווײַל ס'איז מאַמעש פּיקועך־נעפעש.

ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעזעצט אף זײַן בענקעלע, ארײַנגענומען אין מויל א ביסל הילצערנע שטיפטלעך, ארײַנגעשטעלט די אײַזערנע קאָפּעטע צווישן די פיס און אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין דער פאָדעשווע: איינס־צוויי, איינס־צוויי, איז באלד ארײַנגעקומען א הויכער באָכער מיט א פארקעמטער בלאָנדער טשופרינע, אין א גרויסן סוועטער ביז צום האלדז ארוף, אָבער אין דינע כאַקי־הויזן און שיך. — זײַנען זיי נאָך ראָע צו טראָגן אזא נאָמען? — און דער באָכער — ער איז א ביסל באַקאַנט אמראָמען דעם שוסטער, ס'הייסט, ער איז איינער פון די כעוורעלײַט, וואָס קומען ארײַן צו די מיידלעך, וועלכע זײַנען אים אזוי ליב און וואָס אין בערישעס אויגן זײַנען זיי „שקאָצים". אזא, אף וועלכן מע זאָגט: „א פײַנער יונגערמאַנטשיק".

— א גוטער־מאָרגן! — האָט ער פריילעך אויסגעזונגען. עפשער איז ער א מעקורעוו פון דער פרוי רוט, טראכט זיך אמראָם, זי איז דאָך אויך א פריילעכע בריָע; באלד ווערט ער פול מיט ראכמאָנעס אפן באָכער: אוי, די דאָזיקע שיך! און ניט געקוקט אף דעם, ביסטו נאָך פריילעך, יינגל, ווײַל די הימלען זײַנען שיין, אפילע ווען זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין די מיִעסע בלאָטעס־קאַליוזשעס פון „נאכלעס־שיווא", דעהײַנע, קאָלזמאַן דער מענטש האָט קויעך אין זײַנע יונגע לענדן...

קורץ געערעדט, זיצט דער באָכער — יודע איז זײַן נאָמען — אפן שטול דעם שטענדיק גרייטן פאר קליענטן, קוקט זיך לאנג אײַן אין דער באלייע פול מיט שטיקלעך לעדער, גלײַך ער וואָלט דאָרט געזען ארומשווימען אויסטערלישע פיש, דערנאָך הייבט ער אוף די פיס און ווײַזט אָן אמראָמען אף די פאָדעשוועס פון זײַנע שיך.

— עפשער קאָן מען עס באלד פאריכטן, רעב אמראָם?

— באלד? באלד?

— יאָ, רעב אמראָם, הײַנט נאָכמיטיק דארף איך ארויסגיין... ס'הייסט, איך דארף גיין ערגעץ אף אן אָרט...

רעב אמראָם הייבט אוף די אויגן און גלײַך, ווי דורך א צופאל, קוקט ער ארויס אין דרויסן, אין פענצטער, וואָס אנטקעגן, אף דער וואנט פון דער צווייטער זײַט, ווו עס זעט זיך יענע רויטע אופשריפט. ער שמייכלט.

— איז אויב אזוי, טו אויס, באָכער, טו אויס!

אמראָם נעמט אין די הענט ארײַן דאָ איין שוך, דאָ א צווייטן שוך, באטראכט די זוילן און רופט זיך אָפּ:

— אײַ־אײַ־אײַ!

— איך וואָלט ארופגעגאנגען אין דער הייך, — ענטפערט יודע אפן אײַ־אײַ־אײַ, — און דאָרט צוגעוואַרט. יאָ?

— יאָ, יאָ, — זאָגט אמראָם און קערט איבער דעם רעכטן שוך, קעדיי בוידעק צו זײַן דאָס לעדער, א דריק דאָ, א מרעשטשע דאָרט, אזוי ווי מע באטאפּט א לעבל ברויט. פּלוצלינג, גלײַך א פאראליטש וואָלט ארײַן אין זײַן אָרעם, — אויך דער שוך, ווי ער וואָלט געבליבן הענגען אין דער לופט, — זײַנע אויגן האָבן זיך פארשטאָכן אין א פלעק פון רויטער פארב, וואָס אפן אָפּגע־טראָגענעם שפּיץ פון שוך. אן אויגנבליק און אויך יודעס אויג פאלט אפן אייל־פלעק, און איידער ער האָט נאָך באוויזן זיך אליין צו טרייסטן, ווי איינער זאָגט, אָט ס'איז א גאָרניט־שעבעניט, א טראָפּעלע, קוים וואָס מע זעט עס אָן, ווערט זײַן פּאָנעם רויט ווי א בורעק. ער וואַרט, אז אמראָם זאָל אופהייבן זײַן קאָפּ, קעדיי ער זאָל זען, וואָס עס זאָגן דעם אלטנס אויגן. אָבער אמראָמס אויגן זאָגן גאָרנישט.

— דו ווילסט, איך זאָל ארופלייגן א לאטע אויך דאָ, אויבן? — פרעגט דער אלטער. — 15 פיאסטער וועט ניט זײַן צופיל? איז גוט. אין א האלבער שאָ, אָדער בעסער אין א שאָ ארום!

יודע שטייט אוף און וויל ארויסגיין אין די בלויזע שקאַרפּעטקעס, קעדיי ארופצוגיין אין מיידל־שטיבל.

— אײַ־אײַ־אײַ! — בייזערט זיך דער אלטער און שרומפּט אײַן די אויגן־ברעמען. — אָט האָב איך פאר דיר א פאָר אלטע שקראבעס, טו זיי דערווײַל אָן, דער הויף איז דאָך פול מיט קאַליוזשעס. אײַ־אײַ־אײַ, די לײַכטזיניקײַט פון דער יוגנט!

אין א שאָ ארום איז יודע געקומען נאָך די שיך. רעב אמראָם האָט אים ארופגעקלאַפּט נײַע פּאָדעשוועס. דאָס איבערשטע לעדער האָט ער קונציק פארלאטעט און פארטשוועקלט ארום שפּיץ פון זויל. די אָפּצאַסן ארומגעקלאַפּט מיט אײַזנדלעך. אָבער דאָס אלץ איז נאָך גאָרניט, אָדער אין יעדן פאל ניט דער איקער. און וואָס איז דער איקער? ער האָט זיי ארומגעפּוצט! — גלאַנצן זיי; קיינמאָל האָבן זיי נאָך אזוי ניט געגלאַנצט. ניטאָ קיין זייכער פונעם רויטן פלעק.

קוקט אריַין דער באָכער אין דעם אלטנס אויגן; וואָס איז דאָרט פאַרבאָרגן? דער זאָקן הייבט אוֹף צו אים די בלויע אויגן, די העלע און גליַיכגילטיקע, ווי דער ריינער הימל, און שוויַיגט. איז ניטאָ אין דער דאָזיקער בלויעניש עפּעס א ווונק פון א שמייכל?

ער ווייסט! — טראַכט יודע בא זיך אין האַרצן און אף זײַן שטערן גיט א בלינצל א קאַלטער שווייס. ער ווייסט אלץ, דער כיטרער זאָקן! איך מוז מיט אים ריידן. עפּשער איז ער ניט אַזוי כיטרע, עפּשער וועל איך אים איבערריידן. סאָפּקאָלסאָף איז עס ניט קיין געלעכטער! אפילע מיט א צופעליק וואָרט קאָן ער ברענגען אַן אומגליק — נו, אוואָסער־ניט־איז אומאָנגענעמלעכקייַט... ניט בלויז אף מיר, נאָר... צוערשט אף די מיידלעך, און דערנאָך, דערנאָך — ווער קאָן וויסן, וואָס וויַיטער קאָן זײַן! זאָל איך עפּשער צוערשט א לויף טאָן אהיים, באַזײַטיקן פון צימער? אָדער, ווער ווייסט, עפּשער איז שוין צו שפּעט? עפּשער איז שוין דער אלטער געהאַט אוועק און אלץ אויסגעפּלוידערט? דער מערכאַק ביזן מיגראָש האַרוסים[1] איז דאָך אפילע פאַרן אלטנס שוואַכע פיס א קלייניקייַט... און איך, דער אידיאָט, נעם און גיב אים אין דער האַנט אריַין מיַין שוך, שלאָף זיך רויִק אין דער הייך א שאָ צייַט, ווי ס'וואָלט... אוי, שויטע איינער אין דער וועלט, וואָס שטייסטו נאָך דאָ, גולעם, וואָס שטייסטו מיט א צעעפנט מויל. מע דאַרף זיך רירן!

— וואָס, עפּעס ניט אין אָרדענונג? — פרעגט דער אלטער אמראַם. וויַיל יודע איז געשטאַנען, ווי א סלופּ, און די צוויי שיך אין זײַנע הענט, ווי זיי וואָלטן געבליבן הענגען אין כאַלעל. זײַנע אויגן שטאַרן ווי אויסגעליידיקטע.

— ניין, ניין, — שטאַמלט יודע. — א־א־א... איר האָט זיי אפילע אויסגעפּוצט...

— איַי־איַי־איַי! — ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן: א גרויסע זאַך האָסטו מיר דאָ אויסגעפונען, איך זאָל זיך אין איר אָנכאַפּן. — איַי־איַי־איַי! — הייסט עס, אז דו ווילסט, מיַין באָכערל, אָפּלאַכן פון מיר... און דערנאָך גיט ער צו — כאָטש איין מאָל אין יאָר, צום ווייניקסטנס, דאַרף מען אויספּוצן א שוך? האַ? און, ווי עס וויַיזט אויס, איז טאַקע הײַנט דער טאָג.

— פאַרוואָס, קלערט איר, איז עס דאַפקע הײַנט?

— איַי־איַי־איַי, סטאַם א קלאָצקאַשע! דאָס איז הײַנט, וויַיל הײַנט האָסטו מיר געבראַכט דײַנע שיך, דערפאַר, וויַיל הײַנט דאַרפסטו אַרויסגיין, ס'הייסט גיין ערגעץ אף אַן אָרט, הײַנט איז עס, גאָר פאַשעט און פּראָסט. איַי־איַי־איַי — און ער גיט א טרייסל זײַן האַנט מיט אַזא גיכקייַט, אז זי זעט אויס, ווי זי וואָלט געציטערט. — סטאַם א קלאָצקאַשע! — רופט ער אויס מיט ניצאָכן.

— עמעס, עמעס, — זאָגט יודע מיט א שוואַך קאָל. אַן אייזל בין איך, טראַכט ער בא זיך. ער ווייסט, דער כיטרער זאָקן! יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב אַרויסגעלאָזט פון מיַין מויל אַרויס, האָט ער פאַרהיט אין זיקאָרן. ער געדענקט, און איך שטיי דאָ און קלאַפּ מיט דער צונג. איך דאַרף לויפן אהיים אין מיַין צימער. ניטאָ קיין ברייִרע.

יודע טוט אָן אין איַילעניש די שיך, שפּרינגט אוֹף פון אָרט, גיט א זאָג „שאַלאָם“ און לויפט אַרויס אין געיעג. ער האָט פאַרגעסן צו באַצאָלן. אין עטלעכע געציילטע רעגעס, ביז ער האָט באַוויזן צוצולויפן צום זאַל „ציִען“ און צוריקקומען, שטייט ער שוין ווידער אין שטיבל פון אלטן אמראַם. ערשטנס, דערפאַר, וויַיל ער האָט פאַרגעסן צו באַצאָלן; צווייטנס, דוכט זיך אים, אז ער האָט זיך א ביסל באַרויִקט... און דריטנס, דריטנס, וואָס? דריטנס, ניט אהיים, אין זײַן צימער, דאַרף ער לויפן, נאָר דאָרט, אין דער הייך, צו די מיידלעך, פון דאָרט דאַרף ער באַזײַטיקן וואָסערע־עס־איז קיילים און סימאָנים...

— כ'האָב פאַרגעסן צו באַצאָלן, רעב אמראַם, — זאָגט ער, פאַרשאַרנדיק מיט די פינגער זײַן טשופּרינע, א צעטומלטער, מיט א זויערן שמייכל.

— איַי־איַי־איַי, דאָס איז אויך א געשעפט? און אגעוו האָב איך א מאַשקן אין האַנט.

— א מאַשקן? — פרעגט יודע; זײַן מויל איז געבליבן אָפן.

— ניט איינעם בלויז. אָט, לעמאָשל, — אין זײַנע אויגן גיט א פינטל א פּילבאַדײַטנדיקער קונדייסישער שמייכל, — די מ־ייי־ד־ע־ל־ע־ך דאָרט אין דער הייך, די ליבע מיידעלעך, וואָס אין בוידעם־שטיבל. איינע — א שוואַרצער בריליאַנט; און די צווייטע, זאָג איך דיר, אַזא פּערל ציט מען אַרויס פון יאַם איין מאָל אין הונדערט יאָר. אָט האָסטו דיר די צוויי מאַשקאָנעס. צי האָט מיר דען געקאָנט קומען אפן זינען, אז דו וועסט זיך ניט אומקערן?

דער זאָקן איז אַנשוויגן געוואָרן. יודע האָט איַינגעביסן די ליפּן. „איך מוז אַרויסבאַקומען פון אים קלאָרע דיבורים“. ער לייגט אַרוף אפן טיש דרײַ שילינגען.

— א סאַך אַרבעט, — פּרוּווט ער פאַרציִען א שמועס, — און די פּרײַז..

— איַי־איַי־איַי! אַן אַרבעט אף א שאָ און ניט מער.

[1] א ראַיאָן, ווו עס געפינט זיך די געהיים־פּאָליציי.

— א שאָ? — פרעגט יודע, ווי איינער, וואָס איז גרייט זיך צו דינגען. — א גאנצע שאָ? א רעגע ניט ווייניקער? — פרוווט ער זיך סטאם א וויצל טאָן.

— ניט ווייניקער, מײַן באָכער, ניט ווייניקער, ווען איך זאָג א שאָ, איז עס א שאָ. קאָנסט זיך אָף מיר פארלאָזן, אָן קיין שום מינדסטן סאָפעק. ווועסטו מיר גלייבן?

יודע איז ארויסגעגאנגען פון שטיבל פארזונקען אין די מאכשאָוועס.

און נאָך איינער האָט שטארק געשוויצט — בעריש. קיינער געדענקט גאָר ניט, ווען בעריש האָט צום לעצטן מאָל אויסגעפוצט זײַן וויטרינע. אויך איצט האָט ער מיט גרויסע שוועריקײַטן גויוער געווען זײַן פוילקײַט, מאכמעס די קלִיענטן האָבן אים לעבן ניט געלאָזט. נאָך דעם, ווי איינס פון די יונגע ווײַבעלעך האָט מיט איר שארף צינגעלע א כויזעק געטאָן: „בעריש, וואָס איז געשען, וואָס באטײַט עס, וואָס דעקאָרירט איר עפּעס די וויטרינע, וואָס פאר א יאָמטעוו איז הײַנט בא אײַך?" און אז די צווייטע האָט דערבײַ דערציילט, ווי די גאנצע יאפע־גאס רוישט, ווײַל אָף א לאמטערן־סלופּ פלאטערט א רויטע פאָן, האָט ער זיך ווידער צעקאָכט: „מאמזיירים! די נעשאָמע זאָל זיי אויסגיין!" דערנאָך קומט ארײַן א כוצפּעדיק באָכערל און טײַטלט מיט א פינגער אָף דער וויטרינע און הייבט אָן מיט א באגריסונג: „א גוטער־יאָמטעוו, רעב בעריש! טכי מעהאפייכאס אָקטיאבער!"[1] דאן האָט זיך בעריש געשטארקט ווי א לייב, און אזיווי זײַן ווײַבל איז גראָד געהאט אוועק אין מארק קיין מאכנע־יעהודע אײַנצוקויפן סכוירע, האָט ער ארויס־געשלעפט א שמאטע, אָן אײַנגעווייקטע אין וואסער, און געמעקט און געסקראָבעט און געשמירט די אופשריפט מיט אלע זײַנע קויכעס, ביז דאָס גאנצע פענצטער איז פארברודיקט געוואָרן נאָך מער ווי עס איז געווען, — פארצויגן געוואָרן מיט א רויטלעכער שמירעכץ. די וויטרינע האָט פארלאָרן דאָס לעצטע ביסל דורכזיכטיקײַט.

און דערווײַל — וואָס איז געשען? בעריש בלײַבט שטיין אינמיטן האָרעווען און הערט זיך צו צו די מאָדנע קוילעס, וואָס טראָגן זיך פון אמראָמס שטיבל. — אמראָם זינגט זיך אונטער בע־קאָל, ס'הייסט דער זעמער גייט ארויס פון זײַנע נאָזלעכער, ווײַל זײַן מויל איז דאָך פארנומען מיט די הילצערנע שטיפטלעך, וואָס ער האלט צווישן די ליפּן. א מיזמער אָן ווערטער — אָבער דער ניגן, דער ניגן איז געווען אנדערש און אויסטערלישער פון אלע ניגונים, וואָס זײַנען אים, בערישן, געווען באקאנט. און עס הערט זיך דאָס קלאפּן פון העמערל, א פריילעך קלאפּן, גלײַך אמראָם קלאפּט צום טאקט פון זײַן אונטערזינגען.

וואָס דארף מען דאָ א סאך ריידן, אמראָם האָט אליין ניט געוווּסט, פארוואָס אים איז הײַנט אזוי פריילעך אפן הארצן. ווען ער וואָלט וועלן, אשטייגער, אויסדריקן זײַן כעדווע אין ווערטער, וואָלט ער עפּשער געזאָגט, אז ער איז געגליכן צו יענעם, צו וועמען עס האָט זיך אומגעקערט די ליבשאפט פון דער יוגנט און אים א קוש געטאָן אין שטערן, אָדער — — — — אָבער ער האָט לעגאמרע ניט געזוכט קיין פארווען און פארוואָס, נאָר ער האָט סטאם זיך געפרייט מיטן לעבן אָן שום קאוואָנע אָדער אויסרעכענונג, די הענט זײַנען עפּעס גרינג געווען, די ארבעט גייט ווי א מיזמער און אין הארצן שוועבט דער דאָזיקער נײַער אויסטערלישער ניגן און הערט ניט אוף.

פלוצלינג — א שטילקײַט. ניט קיין קאָל און ניט קיין קלאפּן פון העמערל. בעריש שטייט און הערט זיך אײַן. עס עפנט זיך די טיר פון רעב אמראָמס שטיבל און עס באווײַזט זיך טאקע ער, דער אלטער שוסטער, אָנגעטאָן אין דער שווארצער זשופּיצע מיטן שאבעס־היטל אפן קאָפּ.

בעריש צעעפנט ברייט זײַן מויל.

— וואָס איז געשען, רעב אמראָם? וווּהין? שאבעס הײַנט? פייסעך?!

— אזוי, סטאם, בעריש, מיר האָט זיך פארוואָלט א ביסל ארויסגיין שפּאצירן.

און ער קערט זיך שוין אוועק אין דער ריכטונג צו יאפע־גאס, שטעלט די טריט אין נאכעס, יאָמטעוודיק, ניט געײַלט. בעריש שטייט ווי אָן ארײַנגעשלאָגענער טשוואָק און קוקט אים נאָך. ווען איז עס געשען אזא מין זאך, אז אמראָם זאָל איבערײַסן די ארבעט אינמיטן העלן טאָג?!

קיינער ווייסט ניט, ווען דער אלטער איז צוריקגעקומען. אין א שאָ אָדער צוויי ארום האָט זיך ווידער געהערט זײַן קאָל. — דארידא־דארידא־דארידא, — זינגט אונטער רעב אמראָם.

פארנאכט־צו, ווען די מיידלעך זײַנען געקומען אהיים, איז רעב אמראָם געשטאנען אין הויף. ער באגעגנט זיי מיט א ליכטיק פּאָנעם, און זײַ זיכער, אז בעריש לויערט שוין הינטערן פאָרהאנג. אָבער וועמען ארט עס, וועמען גייט עס אָן? דארידא, דארידא, וועמען ארט עס, דארידא, וועמעס אייסעק איז עס, דארידא! אנטקעגן יאָמימען האָט ער אפילע א מאך געטאָן מיטן מיטלסטן פינגער און אָף דער פרוי רוט — הערט נאָר, הימלען! — ער האָט איר אפילע געדראָעט מיט דער האנט, צומאכנדיק דאָס רעכטע אויג, בעשאס מיט דער לינקער פינטלט ער פרײַנטלעך צו, קעמוי דעם שפּײַז־קוישל, וואָס אין איר האנט.

---

[1] — זאָל לעבן די אָקטיאבער־רעוואָליוציע (געזאָגט אין א כויזעקדיק־צעקאַליעטשעטן העברעיִש).

קורץ פון דער זאַך, וויַהי ערעוו[1].

גאַר גיך ווערט אנשוויגן דאָס געסל און ס'ווערט אינגאַנצן פינצטער. די שוואַכע שיַין, וואָס דערגייט פון ראָג גאָס, — מער ווי זי באַליַיכט, מאַכט זי נאָך גרעסער די שאָטנס. בא בערישן אין דער דירע איז שטיל און רויק. פאַרשטומט געוואָרן די געשרייען. די קינדער שלאָפן. בעריש שנאָרכט און זיַין פרוי פאַריכט עפּעס אָן אַלטן בעגעד באַם נאַכט־לעמפּל, וויַיל קיין עלעקטרישע ליכט איז נאָך צו בערישעס הויז ניט דערגאַנגען. פאַרנאַכט־צו צינדט בעריש אָן דעם „לוקס". דאַן שטראָמט דאָס ליכט בעשעפע אַף דער גאַס אַרויס און פאַרטריַיבט מיט גיַיווע און ברייטהאַרציקיַיט די שאָטנס פון זיַין דריַיעק. איצט איז דער „לוקס" פאַרלאָשן.

דער טויער איז פאַרמאַכט מיט א ריגל־איַיזן, אָבער אמראַם דער שוסטער האָט גוט געהאַט געהערט די פּאַרזיכטיקע טריט באַם אריַינגאַנג; דאָס איַיזן איז אָפּגערוקט געוואָרן איין מאָל און נאָך א מאָל.

דער אַלטער אמראַם זיצט באַם טיש. א שווער געררוך פון אַלטע שקראַבעס און די רייכעס לעדער, קליי און נאַפט פילן אָן די לופט פון קליינעם שטיבל; דער זאַקן האָט געדאַוונט מיַירעוו און איצט טרינקט ער טיי. ער קוקט אריַין א האַלבע שאָ אין סייפער „אורחות צדיקים"[2], ווי זיַין מינהעג איז יעדן אָוונט, און לייגט אים באַלד אַוועק צוריק. בא וואָסער פּיירעק ער האַלט, האָט ער פאַרגעסן. אויך בעשאַס לייענען האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיַין קאָפּ איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערס, אַז דער יעיצערהאָרע צעטומלט אים; ער פּרוווט לייענען איין מאָל און נאָך א מאָל און ווידער זיַינען די כושים צעמישט געוואָרן; ער זעט די אויס׳עס און פאַרנעמט ניט זייער פּיירעש. האָט ער פאַרמאַכט דעם סייפער און קימאַט אַראָפּגעלאָזט פון די ליפּן א קלאָלע, סטאַם, אָן קיין שום קאַוואָנע; איינע פון יענעם מין באַהאַלטענע טיף־טיף אין זיַין זיקאָרן קלאָלעס פון דער ציַיט, ווען ער האָט געדינט אין מיליטער פון דעם דאָזיקן צוירער, וואָס זיַין ראָשע־נאָמען זאָל פאַרפוילט ווערן! אוי, די זיכרוינעס פון יענער ציַיט!..

אין אַזעלכע אָוונט־שאָען טרעפט, ווען די שרעק פון איינזאַמקיַיט באַשווערט אים אַפּן האַרצן; איינזאַם איז ער אין דער וועלט, איינזאַם איז ער מיט זיַינע זיכרוינעס. אין זיַין לעבן האָט ער שוין געזען ווילדע וועלף מאַמעש, וואָס פון זייערע ציין האָט געטריפט דאָס בלוט; מיט זיַינע אויגן האָט ער געזען אָפּיצערן און פריצים, וואָס צעטרעטן מיט די שטיוול די פּענעמער פון אָרעמעליַיט; מיט זיַינע אויגן האָט ער געזען, וויאַזוי דאָס פיַיער פון ביקסן האָט פאַרשניטן אַרבע־טער מיט צעאַקערטע פּענעמער און מאָזאָליעדיקע הענט, וואָס זייער גאַנצע זינד איז באַשטאַנען אין פאָדערן א שטיקל ברויט פאַר די קינדער און א שמאַטע אַף צודעקן די נאַקעטקיַיט.

און ליגנדיק אַפּן געלעגער, איז ער אָפּטמאָל געווען געצוווּנגען צו ראַנגלען זיך מיט די דאָזיקע פינצטערע זיכרוינעס, גליַיך זיי וואָלטן געשטאַנען פאַר אים אין זייער אַכזאָריעסדיקער פּאַרקערפּערונג; א כאַפּ טאָן זיי קלוימערשט פאַרן גאָרגל און אריַינשליַידערן אין טהאָם פון פאַר־געסנהיַיט... און דאַן פלעגט ער א קער טאָן דאָס האַרץ צום ביסעלע ליכטיקע טעג, די אריַינגע־שיַינטע אין אויצער פון זיַין לעבן, און וויַיטער וועבן זייערע פּעדעם אין פּאַרהאַנג פון זיַינע כאַ־לוימעס... און איַינדרימלען אין זיסער שאַלווע, וויַיל באַם סאַמע איקער זיַינעם, אין וואָרצל פון זיַין לעבן, האָט ער געזויגן פון עפּעס א פאַרבאָרגענער לעבנס־פרייד אין זיַין נאַטור און יעדער שטראַל ליכטיקיַיט האָט געקאָנט פאַרטריַיבן דעם אומעט פון האַרצן. דאָס בילד פון די גוטהאַר־ציקע מיידלעך מיט די שטראַלנדיקע געזיכטער, בא אים איבערן סופיט, אַפּן בוידעם־שטיבל, דערפרייט זיַין געמיט. אין דער שטילקיַיט דערהערט ער ווידער ליַיכטע טריט; דאָס ריגל־איַיזן איז ווידער אָפּגערוקט; ער פרייט זיך און ווייסט ניט, פאַר וואָס און פאַר ווען.

עפנט ער פונדאַסניַי אוף דעם סייפער באַם סימען, וואָס ער האָט געמאַכט צווישן די בלע־טער, און לייענט מיט א שטילן שעפּטשען און האָט האַנאָע פון זיַין פריילעכן אונטערזינגען. „דאָס איז, וואָס שלוימע האָט געזאָגט... דארידא, דארידאַן, און מיַינע געהירן וועלן באַפרידיקט ווערן. דארידא, דארידא! ווען דיַינע ליפּן וועלן ריידן גליַיכקיַיטן — דארידא, דארידא! און אין יעדער ציַיט און אין יעדער רעגע גלוסטיקט זיַין ליבע און געדענקט אים באַנאַכט אַפּן געלעגער; דעמלט שיקט איר האַשעם־ייִסבאָרעך כיישעק און סימכע, און דאָס האַרץ וועט זיך אָנצינדן און צעפלאַ־קערן פון גרויס גלוסטונג און ליבע, דא־רי־דא, דארידא!"

ווען אמראַם האָט געענדיקט טרינקען טיי, איז ער אופגעשטאַנען פון טיש, קעדיי א שפּאַציר צו טאָן דריַי טריט אהין און דריַי טריט צוריק. שטייט ער, פאַרהאַלט זיך אין גאַנג, פאַרדרייט א שפּיץ וואָנץ און לאַכט צו זיך אליין; און מער ווי ער האָט געלאַכט צו זיך, האָט ער געלאַכט צו יענעם באָכער, יודע, מיט די צעריסענע שיך. איַי־איַי־איַי, א רעמאָנט האָב איך אים געמאַכט אין זיַינע שיך לעקאָוועד יאָמטעוו! — אָדער קעמוי די צוויי מיידלעך דאָרט אויבן — יענע ריינע

---

[1] — און עס איז געוואָרן אָוונט; [2] — אוירכויס צאַדיקים (די וועגן פון צאַדיקים).

פערלען; יאָ, יאָ, עכטע פערלען! ווען איינע פון זיי קומט אָן פון עק געסל, נאָך אײדער זי גייט אַרײַן אין שטוב, שײַנט איר פּאָנעם פון דער ווײַט, און ווען זי קומט אַרײַן, באַלײַכט זי דעם גאַנצן הויף. אָבער יענער באָכער! יענער באָכער — וואָס? וואָס קלערט ער זיך, יענער באָכער? און וויִאַזוי שטעלט ער זיך אין גרויסן קלוימערשט? אווו... איז ער געווען דאַן, דאַן אין 1905־טן יאָר? אין קיין שום אָרט איז ער ניט געווען. הההאַ!

גייט אַרויס אַמראָם פון זײַן שטיבל, שטעלט פּאַרזיכטיק די טריט אין דער פינצטערניש פון הויף, אין דער ריכטונג צו די טרעפּ. בײַ די אונטערשטע טרעפּ פאַרהאַלט ער זיך: אַ רע־וואָליוציע? אַ רעוואָליוציע, יאָ, אַ רעוואָליוציע — אַ גוטע זאַך איז זי. ווער נאָך, ווי איך, ווייסט עס? צופיל צעריסענע שיך זײַנען פאַראַן בײַ די אָרעמעלײַט. און אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן צום מיניען די באָרוועסע? צופיל קאַפּצאָנים און צופיל גאַנווענען די פאַרנייסים. און וואָס איז נייטיק דער וועלט? אַ ביסעלע סימכע און יאָמטעוו. אָבער קעדיי עס זאָל זײַן יאָמטעוו — — — — — גיט ער צו מיט אַ פריילעכן ניגן, דאַרידאַ, דאַרידאַ, דאַרף צו זײַן דאַרידאַ, דאַ־רי־דאַן. און אָט שטייט ער אַף די פּאָדערטרעפּ, וועלכע זײַנען אַ מין באַלקאָן פאַר דער טיר.

לייגט ער צו זײַן אויער צו דער טיר פון די מיידלעך און האָט ניט קיין מוירע, טאָמער וועט מען אים כאַפּן; אַדעראַבע. וואָס איז ער, אַן אונטערצינדער? פון אינווייניק הערט זיך אַ לאַכנדיק קעלכל, ווי דאָס קלינגען פון קליינינקע, זילבערנע גלעקעלעך: אַ פידעלע טרעלט אין איר גאָרגל — דאָס איז די גוועריס רוט מיט איר געלעכטער, דאַרידאַ, דאַ־רי — — — — — אַ קלונג פון צוקלאַפּנדיקע קויסעס; עס הערט זיך אַ באָכערישע שטים, אַ טיפע שטים: „לעכאַיִם!“.

יאָ, די פרייד פון דער יוגנט!

אַ יאָמטעוו בײַ זיי, בײַ די יונגע מענטשן, דאַרידאַ... דאַ־רי־דאַן.

באַם עק פון באַלקאָן, נאָענט צום דאַך, סטאַרטשעט אַ דרײַגאָרנדיקער טויבנשלאַק מיט דרײַ אָפּטיילונגען, אָבער בלויז אין פּאָר טויבן געהערט צו יאָמימען. אַמראָם שאַרט זיך צו פּאַמעלעך צום טויבנשלאַק, איין טראָט און נאָך אַ האַלבער; זײַנע אויגן האָבן זיך שוין צוגע־ווינט צו דער פינצטערניש, אָבער ער קאָן זיי אַפילע אין דער פינצטער אָנטאַפּן. ער שטעקט אַרײַן די האַנט אין טויבנשלאַק, אַ ווייכע וואַרעמקײַט און אַן אומרויִק גערויש גיט אים אַ ווייע אַנטקעגן. ער טאַפּט מיט די פינגער אין צווייטן, אין דריטן אָפּטייל. ניין. הינטער דעם טויבנשלאַק רירט ער אָן אַ בלעכענע קײלע. דאָס האָט ער עס געזוכט און געפונען. אין זײַן האַרצן — אַ פרייד און אַ געזאַנג; כ׳וועל אים שוין ווײַזן, יענעם באָכער! כ׳וועל אים ווײַזן. דער אַלטער אַמ־ראָם — ווי אַ הירש היפּערט ער איבער די טרעפּ — לויפט אַראָפּ מיטן טראָפּיי אין זײַנע הענט. צו אַ הירש איז ער ענלעך, ענלעך, ען־ען... דאַרידאַאַאַ!

און אָט איז דאָס פענדזל; זיי האָבן ניט באַוויזן אַרויסצונעמען עס פון דער פאַרב. פאַרגעסן.

אַמראָם גייט אַרויס פון טויער, קוקט זיך אַרום דאָ און דאָרט, אַרופצו און אַראָפּצו פון געסל. די שטילקײַט איז עטוואָס באַלויכטן מיט פּאַסיקלעך שײַן, גלײַך צעשאָטענע זאַנגען, וואָס פאַלן אַראָפּ פון גאַס־לאַמטערן. ער גייט אַרויס אין דרויסן, קומט צו צום פענצטער פון זײַן שטיבל. דו־מאַ־דו־דו — — — — — אײַ־אײַ־אײַ! ער טונקט אײַן דאָס פענדזל אין אייל־פאַרב — — — — —

אין האַלבער נאַכט האָבן צוויי אָדער דרײַ באָכערים זיך אַרויסגעגליטשט פון הויז. איינער פון זיי — יודע — האָט אָוועקגעקערט אַף רעכטס; זײַנע שיך האָבן געגלאַנצט. ניט ווילנדיק האָט ער אַ בליק געגעבן צום שטיבל פון רעב אַמראָם — — — — — און זײַנע אויגן האָבן זיך ברייט פאַנאַנדערגעעפנט: וואָס איז עס? אַפן פענצטער פון אַלטן שוסטער איז אויפגעשריבן מיט ניט קיין געניטער האַנט אַן אויפשריפט — ניט איך האָב עס געצייכנט — די אויסיִעס קרומע, וואַקלען זיך אַ ביסל, ניט קיין אַרומגעפוצטע, אַפילע קינדערשע, אָבער זיי לײַכטן אַזוי קלאָר מיט זייער רויטקײַט:

„זאָל לעבן די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע!“

יודע מאַכט אַ צייכן צו זײַנע כאַווײרים, זיי זאָלן צוגיין.

אין דער פינצטערניש פון שטיבל שטייט אַמראָם דער שוסטער לעבן פענצטערל און קוקט אַרויס אין דרויסן צו יודען און זײַנע כאַווײרים — זיי זעען אים ניט, אָבער ער זעט; קוקט ער און פאַרדרייט זיך אַ שפּיץ וואָנץ און שמייכלט צו.

פון העבעריִש — פּ. בינעצקי.



# אלעקסאנדער פען



געבוירן אין 1901 אין ניזשני־קאָלימסק. גרונטלייגער פון דער רעוואָליוציאָנערער דיכטונג אין ייִשראל. רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער זײַט פון „קאָל האאם".

## די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע

דער צאָרן פון פאָלק — אירע פליגל,
וואָס האָבן זיך מעכטיק צעפאָכעט,
דעם אומרעכט צעקלאַפּט ווי א קריגל,
געפלאַסטערט דעם וועג צום ניצאָכן.

די מענטשן, פאַרליבטע אין פּראַצע,
געוויזן א ליכטיקע צוקונפט:
פאַר הערשער אין רײַכע פּאַלאַצן
ניט שטיין מיט געבויגענעם רוקן.

איר שײַן וויפל יאָרן געוועלטיקט,
זי רופט און זי קלאַפּט אין די טויערן.
ווי גוט איז אין אירע געצעלטן!
געבענטשט איז איר טאָג פון געבוירן.

ניטאָ אזא קראַפט, וואָס זאָל קאָנען
צעשמעטערן אונדזערע זיגן,
דער נאָמען דער רומפולער לענין
אָקטיאַבערשע פאָנען באַפליגלט.

פון העברעיִש — י. לערנער.

## א ליכט פאַר דער נעשאָמע

דעם אָנדענק פון די קינדער פון אונדזער פאָלק, וועלכע זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אין דער צײַט פון גרויסן כורבן.

די בלייכקײַט פון די בעקלעך דײַנע, כאַנעלע,
געגעבן האָט א סאַך אונדז צו דערפילן און צו אַנען,
געמאָרדעט האָט מען דיך
נאָר ניט דערמאָרדעט, כאַנעלע,
ווײַל פון דײַן שמייכעלע די שײַן
איז טויזנט גענעמס אויסגעשטאַנען.
און ווען אין דיר, מײַן שטילע טויב,
זיך אײַנגעביסן האָבן בייזע שלאַנגען,
א זון האָסט אָנגעצונדן אין דער געטאָ־שויב,

און דיר איז ערשט דאָס דריטע יאָרעלע געגאַנגען...

און ווי צוויי ברונעמס פול מיט פײַער —
אזוי די אויגן דײַנע, דײַנע בליקן
אַרײַן זײַנען אין האַלדז פון די,
וואָס האָבן דיך געשטיקט און ניט געקאָנט דערשטיקן!

איז האָבן זיי אַף דיר געטראָטן, כאַנעלע,
געפּרוווט אזוי דײַן זויבער־ליכט פאַרלעשן, נאָר אומזיסט —
ניט געמינערט אין דײַן ריינקײַט דו געבליבן ביסט!
און אָנשטאָט דאָס בעטעלע דיר אויסצובעטן, כאַנעלע,
אליין דײַן ברודער האָט פאַר דיר א קיווערל געמאַכט.
און נאָר די האַנט, וואָס טוט דיך בענטשן, כאַנעלע,
צעריסן האָט די שפּינוועבס פון דער נאַכט.

נאָר דו ביסט אופגעשטאַנען פון דעם שטויב,
דײַן אויסגעשריי דעם הימל שפּאַלט...
עס לויפט פון דיר א סטעזשקעלע צום וואַלד,

און דו ביסט קוים־קוים פינף יאָר אַלט...

און ווי צוויי ברונעמס
פול מיט פלאַם פון דער נעקאָמע,
אַזוי די אויגן דײַנע — ס'גליט אין זיי די שווערד,
קעדיי פאַרטיליקן דעם סוינע אַף דײַן ערד.

די בלייכקײַט פון די בעקלעך דײַנע, כאַנעלע,
איין טאָג געצוויטעט בלויז —
און אויס.
עס האָט געריפן דיך דײַן פרײַהײַט, כאַנעלע,
איר רוף האָסט ניט דערהערט,
ס'האָט נאָר די שײַן פון שמייכל דײַנעם,
אָנגעצונדן זיך ווי יאָרצײַט־ליכט
אַף גאָרער ערד.

ביסט בײַגעקומען דײַנע ראָצכים,
דוכט זיך, לײַכט, ווי אין א שפּיל,
נאָר ניט דערלעבט די פרײַהײַט, ניט געהערט איר האָרן.
עס האָבן דײַנע אויסלייזער געפונען דיך,
געלעגן ביסטו שטיל,

און יאָרעלעך ערשט זעקס ביסט אַלט געוואָרן...

ווי יאַמען צוויי, וואָס שוימען
אין ראַכוועסדיקע רוימען, —
די אויגן דײַנע, כאַנעלע, ביז הײַנט
אין הארצן טיף בא דײַנע פרײַנט.

פון העברעיִש — י. לערנער.

# עס דראָט דײַן יעדע סטעזשקע...

(פראַגמענט)

עס דראָט דײַן יעדע סטעזשקע: שטיי!
עס וואָרנט מיך א שטים, כ'זאָל קניִען! —
און מיר — די פעלקער־שכיינים צוויי —
ווי ברידער פאַרן ברויט זיך מיִען.
מיר איז פאַרווערט צו בלײַבן שטיין,
פאַרבאָטן איז מיר אויך צו קניִען.

אין נעכט געשאַלט עס האָט מײַן ליד,
דײַן שלאָף געהיט ביז דעם באַגינען —
מיט לאָפּעטעס, אין שווערער מי
דעם שאָלעם כ'וועל פאַר דיר געפינען.
אין נעכט עס שאַלט, עס שאַלט מײַן ליד,
דײַן שלאָף איך היט ביז דעם באַגינען.

צערײַס פון פאַלשע רייד די נעץ,
וואָס סאַמען דײַנע קוואַלן ריינע.
ישמאָעל־ייִצכאָקס זין — באַנעצט
מיט שווייס זיי האָבן דײַנע שטיינער.
צערײַס פון פאַלשע רייד די נעץ,
היט אָפּ פון זיי די קוואַלן ריינע.

אין די שוואַרצאַפּלען הונגער ברענט,
נאָר ס'פאַלט ניט אָפּ די האַנט פון אַקער.
און מיזרעך־מײַרעוו זיך געענט,
אין נעגעוו־זאַמדן אופגעאַקערט.
אין די שוואַרצאַפּלען הונגער ברענט,
נאָר ס'פאַלט ניט אָפּ די האַנט פון אַקער.

איך זע ווי עס קומט אוף דאָס ליכט,
צום בונד פון פעלקער זיך דערשלאָגן.
אַז וויל, אויב אין מײַן לעבן איך
וועל נאָך דערזען דעם שאָלעם טאָגן!
איך זע ווי עס קומט אוף דאָס ליכט, —
צום בונד פון פעלקער זיך דערשלאָגן.

פון העברעיִש — פּ. בינעצקי.

---

אלבערט בעני



געבוירן אין 1922 אין בולגאריע. אנגעהויבן זיך דרוקן אין 1945.

# א הויף

דאָס איז געווען פראָסט און פּאָשעט א הויף אין יאפע. אזעלכע זײַנען דאָ פאראן אין די הונדערטער. דער הויף איז אלע מאָל קלענער געוואָרן: פון צײַט צו צײַט פלעגט א ניט־אויסגעשלאָפענער בליק פון די פרי־אופשטייענדיקע זיבן מישפּאָכעס — אײַנוווינער פון הויף — אָנשטויסן זיך אין א הינער־שטײַג, וואָס איז ביגנייווע אופגעשטעלט געוואָרן אינמיטן נאכט, אין א קליין שאָטן־דעכל אָדער אין א שטיקל ערד, אָפּגעצוימט פאר א גערטנדל. דאָס האָט אומפארמײַדלעך געפירט צו א סקאנדאל. ס'ראָוו האָט זיך עס פארענדיקט מיט א געשלעג אָדער מיט אן אויסברוך פון פלייצנדיקע קלאָלעס, קעגנזײַטיקע זידלערײַען, בוכענישן און נעקאָמע־דראָונגען.

די טעג האָבן זיך גיך געביטן. אף דער וועלט איז געקומען א נײַער מענטש, און אין די נעכט האָט מען געקאָנט הערן זײַן קאָל פון די האלב־צעפוילטע הילצערנע באראקן ארויס.

דעם סטודענט האָט זיך אויסגעדאכט, דעם עמעס זאָגנדיק, אז דאָ געשעט עפּעס א נעס, ווײַל פלוצלינג האָט ער באמערקט אין הויף א קליינע באשעפעניש מיט אויסגעקרימטע פיסלעך און א נאקעטן הינטערכיילעק, וואָס האָפּסלט ארום מיט קאָמישער כשיוועס צווישן דעם רעשט פארשמוציקטע, קימאט נאקעטע הויף־קינדער.

דער סטודענט האָט געהאט א געוווינהײַט א פאטש טאָן מיט די הענט: וואָרעם וואָס? צי קאָן מען דען באזײַטיקן דאָס געשטאנק פון א קאָל־גרוב? און צי קאָן מען דען פארבאָטן זיי צו פּרוכפּערן זיך און מערן, ווי די פליגן מאמעש? — פלעגט ער ציניש צושמייכלען און אָנהייבן ארומשפּרײַזן הין און צוריק אין זײַן קליינעם באראק, ווו דאָס גאנצע ביסל מעבל איז באשטאנען פון א טיש, א שטול און א ראַדיאָ־אפּאראט. די איינציקע באצירונג אין דעם צימער איז געווען א בלעטל פון אן איליוסטרירטן זשורנאל — א קינאָ־אקטריסע טוט אויס די זאָקן.

דער סטודענט פלעגט אופשטיין דרײַ אזייגער נאָך כצאָס[1], כאפּן אין אײַלעניש זײַן וועלאָסיפּעד און לויפן פאנאנדערטראָגן איבער די הײַזער די דײַטשישע צײַטונג. דאָס איז געווען זײַן פּארנאָסע. ער פלעגט זיך צוריקקערן אהיים אזייגער זיבן אינדערפרי, אינגאנצן א פארשוויצטער, א פארמאטערטער. אזוי פלעגט ער א פאל טאָן אין בעט און אָפּכראָפּען ביז אזייגער צוועלף באטאָג. דערנאָך פלעגט ער אין נאָענטסטן רעסטאָראנדל אָפּעסן מיטיק און זיצן ביז שפּעט און זוברעווען. קיין פרײַנט האָט ער ניט געהאט. דער ראַדיאָ־אפּאראט איז געווען דער איינציקער כייפעץ, וואָס האָט פארטריבן א ביסל די איינזאמקײַט, האָט ער אים טאקע געלאָזט ברענען די גאנצע צײַט, ווען ער איז נאָר געווען אין דער היים.

דער סטודענט פלעגט ארומשפּאצירן אין צימער לאנגע שאָען, ארײַנקוקן אין די לערנביכער און אין די איליוסטרירטע זשורנאלן איין אײן און דער זעלבער צײַט, פארהאלטן זיך אמאָל באם אָפענעם פענצטער און ארויסקוקן אין הויף ארויס. אין די ווינטערדיקע טעג איז ער ניט איין מאָל אין דער אלטער היים געשטאנען בא א פארפרוירענער שויב און מיטן קליינעם פינגערל אויסגעצייכנט דאָס קישעף־וואָרט „סילוואנא“. סילוואנא מאנגאנו, די קינאָ־אקטריסע, איז געווען די, וועלכע ער האָט ליב געהאט מער פון אלץ אין דער וועלט.

ווינטער זײַנען געשען אין הויף שרעקלעכע זאכן: נאָך א שטארקן רעגן איז דאָס וואסער ארײַנגעדרונגען אין אלע באראקן און ס'האָבן נישט געהאָלפן ניט קיין פארצווייפלטע געשרייען און ניט קיין זעק מיט זאמד, וואָס מע האָט אוועקגעלייגט בא די שוועלן. די אלטע מעקלערקע האָט ביטער געשריִען, געשאָטן מיט קלאָלעס אף אראביש און צום סאָף אויסגעבראָכן אין א

---

[1] — האלבע נאכט.

געווײן. איר באַראַק איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס, קישעלעך און קלײנע צעריסענע טעפּעכער. די אומגליקלעכע איז אַרומגעקראָכן אַרום איר אָרעמען פֿאַרמעגן, געוואַלגערט זיך אין די קאַליוזשעס וואַסער און גערופֿן צו הילף. פֿאַרשטײט זיך, אַז קײנער האָט ניט געלײגט קײן אַכט אויף אירע געשרײען. איר שוועסטער, אַ גאַסן־פֿרוי, פֿלעגט אַמאָל אַרײַנפֿאַלן צו איר אין די נאַכט־שעהען, זי פֿלעגט קומען צו פֿאָרן אין אַ טאַקסי, אַ שיכּורע, אַ בײזע, און איבערשלאָפֿן אַ נאַכט. דער סטודענט פֿלעגט צושמײכלען צו זי, אָבער זי האָבן אים אַרויסגעשטעקט אַ צונג...

דעם בעקערס קינדער האָבן זיך צונױפֿגעקאָרטשעט לעבן דעם קלײנוואַרג פֿונעם „גריך". פֿון אָנהײב זײַנען זײ געווען שטיל־שטיל, נאָר דערנאָך זיך צעיאָמערט אָן אָן אופֿהער. דאָס וואַסער האָט פֿאַרטרונקען די באַראַקן. גאָר נעבעכדיק האָבן אויסגעזען די פֿאַרבלאָטיקטע טישטעכער, וואָס האָבן זיך געווייקט אין די קאַליוזשעס וואַסער באַם אַרײַנגאַנג אין דער שכנעסדיקער דרוקערײַ. די זון איז באַלד אַרויסגעקומען פֿון הינטער די וואָלקנס אַרויס, אַ בריִענדיקע און אַכזאָריעסדיקע, און דאָס וואַסער איז גיך נעלעם געוואָרן. אָבער די פֿײַכטקײַט איז פֿאַרבליבן. ביז נאָך פֿרילינג אַפֿילו האָט זיך געהאַלטן דער שימל אויף די ווענט פֿון די באַראַקן.

אויף די קאַליוזשעס וואַסער האָבן זיך באַלד באַוויזן פּאַפּירענע שיף־פֿלאָטיליעס. די קינדערשע געשרײען האָבן אומגעקערט צוריק די לעבהאַפֿטיקײַט פֿון הויף, גלײַך ער וואָלט צוריק יונג געוואָרן. די שיפֿן זײַנען אַוועקגעשווומען ווײַט־ווײַט, און יעדער שיף, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן, איז געווען אַ שווערער פֿאַרלוסט.

דער סטודענט פֿלעגט זיך דערמאָנען אין אַ קלײן שטעטעלע אין פּוילן און באַלד אַ פּאַטש טאָן שטאַרק מיט די הענט, און אין דעם דאָזיקן פּאַטש איז געווען אָן אויסדרוק פֿון לײַכטן ביטל לעגאַבע דער פֿאַרגאַנגענהײַט, קעגנוואַרט און צוקונפֿט אינאײנעם.

אין שכנעס מיטן סטודענט האָט געוווינט דער אינוואַליד מיט זײַן פֿרוי. דער אינוואַליד איז געווען אַ מענטש אין עלטער פֿון בערעך פֿינף און פֿופֿציק יאָר. זײַנע פֿיס זײַנען אים אָפּגעפֿרוירן געוואָרן נאָך אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ערגעץ אין די הויכע בערג פֿון מאַקעדאָניע. מע האָט אַראָפּגעצויגן פֿון אים די שטיוול צוזאַמען מיט דער הויט פֿון די פֿיס. ווען מע האָט געוואָלט אינגאַנצן אים אָפּשנײַדן די פֿיס, האָט ער זיך אָנגענומען מיט קויעך אויסצושרײַען מיט אַ שרעקלעך אײמעדיק קאָל: „אום גאָטעס ווילן, האַרגעט מיך, האַרגעט מיך אַוועק, איך בעט אײַך!" — האָט מען אים בלויז אָפּגעשניטן די פֿינגער פֿון בײדע פֿיס. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער געקראָגן אַ דערלויבעניש צו פֿאַרקויפֿן פּאַפּיראָסן. אין אײנעם אָן אָוונט האָט ער פֿאַרשפּילט אין קאָרטן זײַן גאַנצע קראָם. האָט ער זיך געפּרוּווט נעמען צו זײַן פֿאַך — סטאָליערײַ, אָפּגעאַרבעט מיט אַקשאָנעס אַ וואָך־צוויי און פּלוצלינג פֿאַרלאָרן די אַרבעט צוליב עפּעס אַ מײדל — ער האָט זיך פֿאַרליבט ביז איבער די אויערן אין אַ יונגער שנײַדערקע, אַ פֿלוידערזאַק, נאָר יענע האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון אים. אינגיכן האָט מען אים פֿאַרגעלײגט עפּעס אַ שידוך, האָט ער לאַנג זיך געוואַקלט און אין צוויי וואָכן אַרום געפּראַוועט אַ באַשײדענע חתונה. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס ווײַבל לײַדט פֿון אַ שווערער מלאַנכאָליע. וואָכן גאַנצע פֿלעגט זי ניט אַרויסלאָזן קײן קלאַנג פֿון מויל. צום יאָר נאָך זײער חתונה האָט זי געבוירן אַ טויט קינד. דער אינוואַליד האָט דערווײַל אָנגעהויבן צו הוסטן און די פֿודעלעך אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן האָבן זיך פֿאַרמערט פֿון טאָג צו טאָג. דער מאַן און די פֿרוי האָבן זיך ניט דורכגעוואָרפֿן מיט קײן אײן וואָרט — ניט צום גוטן, ניט צום שלעכטן — לאַנגע חדשים. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט אויסברעכן אַ שטורעם צווישן זײ. דער אינוואַליד פֿלעגט ווערן אינגאַנצן בלוי, זײַנע אויגן שרעקלעך ברײט און הילפֿלאָז צעעפֿנט. ער פֿלעגט אַ כאַפּ געבן אַ מעסער און שרײַען צום ווײַב: „שטעך אַרײַן! שטעך אַרײַן!" זי פֿלעגט אַרויסרײַסן דאָס מעסער פֿון זײַן האַנט און אים, דעם אינוואַליד, אַוועקלײגן אויפֿן שטרויענעם מאַטראַץ. פֿון אָנהײב האָט דער סטודענט געפּרוּווט זיך אַרײַנמישן, אָבער שוין בײַ דעם צווייטן מאָל האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז זײַנע פּרוּוון האָבן ניט קײן שום זין. שפּעטער האָט ער זיך צוגעוווינט צו די דאָזיקע שטורעם־אויסברוכן און פֿלעגט פֿאַרמאַכן דאָס פֿענצטער, אײַנשליסן דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אָנהײבן צו לײענען בעקויל ראָם[1], ביז דער אָנגריף וועט אַדורכגײן.

ווען דער אינוואַליד פֿלעגט זיך באַרויִקן, פֿלעגט ער כאָלעמען וועגן זײַן מאַמען. וויפֿל צײַט איז שוין אַוועק פֿון דאַן?! זי איז געווען דער אײנציקער מענטש, וועמען ער האָט אין זײַן לעבן ליב געהאַט, בעעמעס ליב געהאַט. זי האָט אים דערלאַנגט גרויסע שטיקער אַרבוז: „עס, מײַן זון, עס..." דער אינוואַליד וויינט, הײבט אָן צו הוסטן. אַ לאַנגער אָסטמע־אָנפֿאַל, פֿינף, צען, פֿופֿצן מינוט, אָן אַן איבעררײַס. ער ווערט אינגאַנצן בלוי, באַגאָסן מיט שווייס, הילפֿלאָז, אַ פֿײגער. אָבער דער דאָזיקער פֿײגער קען שטאַרק פֿײַנט האָבן. ער בעט, אַז דער מלאך־המוות זאָל

[1] — הויך אויף אַ קאָל.

קומען צו זײַן שאָכן דעם „גריך", ער זאָל שטאַרבן אַט אַזוי, פּלוצלינג, דערשטיקט ווערן פון רויך, פון געדיכטן רויך, וואָס קנוילט ארויס פון פאַבריק־קוימען. דער אינוואַליד פלעגט טפילע טאָן אין זיך, אַז דער „גריך" זאָל זיך ניט אַנידערשטעלן באַם פענצטער און ניט ארויסלאָזן קיין רויך פון דער פּיפּקע פּונקט אַנטקעגן אים, — דאָס קלענסטע ביסל רויך האָט אים אופגערעגט. דער „גריך" פלעגט שרײַען: „דאָ איז מײַן שטוב און כ'וועל רייכערן וויפל מיר וועט זיך גלוסטן!"

אַף לעוווינסקי־גאַס[1] איז דער „גריך" געווען, ווי עס זעט אויס, דער שטאַרקסטער צווישן אַלע טרעגערס. ער לעבט שוין דאָ אין לאַנד אַריבער צוואַנציק יאָר. זײַן פּאָנעם איז שטענדיק פול מיט א ברייטן שמייכל. זײַן פרוי איז געווען די שענסטע אין גאַנץ קאַבאַלאַ. ער האָט איר גע־קויפט אַלץ, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. דער אומגליק איז געשען מיט פיר יאָר צוריק. מע פלעגט אַריבערפירן קאַלערלײַ מאַשינעס. עמעס, אויך פריִער פלעגן זיי אַריבערטראָגן אַף די פּלייצעס אַזעלכע שווערע זאַכן, אָבער אַז עס דאַרף געשען אַן אומגליק... דער „גריך" האָט געמאַכט אַן אַנשטרענגונג אויסצוגלײַכן די מאַסע, נאָר א שטאַרקער ווייטעק האָט פּלוצלינג דורכגעשניטן זײַן פּלייצע, א גליטש געטאָן זיך דורך זײַן רוקן און אים אומגעוואָרפן אַף דער ערד. פון זײַן קאָפּ האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען בלוט. דער דאָקטער האָט אים פאַרבאָטן צו אַרבעטן אַלס טרעגער. האָט ער דעריבער אופגעעפנט א קליינע קראָם אַף צו פאַרקויפן עפּל, פּושקעס קאָנ־סערוון. ער האָט אויך געהאַנדלט אַפן שוואַרצן מאַרק. ער האָט אָנגעהויבן צו טרינקען, און דאָס געלט האָט אָנגעהויבן אויסצורינען. ס'איז אים בלויז נאָך פאַרבליבן זײַן כוצפּעדיקער בליק און די שטאַרקײַט אין זײַנע הענט. ער האָט אָנגעהויבן צו כוישעד זײַן און מאַטערן זײַן פרוי. און זי — זי האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן דער רויטער פאַרב, מיט וועלכער זי איז געוווינט געווען צו באַשמירן די ליפּן באַלד ווי זי האָט זיך נאָר אופגעכאַפּט פון שלאָף, נאָך אין בעט ליגנדיק. אַפן דראָט, וואָס איז געווען אָנגעצויגן איבערן הויף, איז איר וועש געווען דאָס שענסטע און דאָס ריינסטע פון אַלעמענס. איר פינפיאָריק טעכטערל פלעגט זיך אוועקשטעלן באַם דראָט און אָפּ־היטן דאָס גרעט ביז עס פלעגט טרוקן ווערן. איז געשען איין מאָל, אַז די „איראַקערן" האָט ניט ווילנדיק אַראָפּגעוואָרפן פון דראָט אַן אונטערקליידל, האָט די „גריכן" אַזוי גרויזאַם געשלאָגן די אַלטע, ביז די אומגליקלעכע פרוי האָט געכאַלעשט. ווען די זקיינע איז געקומען צו־זיך, האָט זי געדראָט דער שלעגערן, אַז דער זון אירער וועט איר באַלד איינס־צוויי אַרײַנשטעכן א מעסער אין ברוסט אַרײַן. די „גריכן" האָט זיך אויסגעלאַכט...

איינמאָל האָט אין הויף זיך באַוויזן א נײַ פּאָנעם. פּונקט צווישן די באַראַקן פון ביידע זקיינעס, דער „איראַקערן" און דער מעקלערקע, האָט זיך געשאַפן אַן אָפענער שעטעך, הינטער אים האָט זיך ארויסגעזען א נידעריק שאָטן־דעכל. ביז מיט א קורצער צײַט צוריק איז דאָרט געשטאַנען א גרויסער הילצערנער קאַסטן, און די „איראַקער" האָבן זיך געגרייט אײַנצואָרדענען דאָרט א שטײַג פאַר קראָליקעס. ווען דער שלאָסער איז אין באַגלייטונג פון זײַן פרוי און פינפ־יאָריקן זון געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט ער דערזען א שלאָפנדיקן מענטשן. „ער שלאָפט זיך", האָט דער שלאָסער ארויסגעבראַכט.

דער סטודענט האָט זיך צוריקגעקערט פון זײַן נאַכט־אַרבעט. דערזעענדיק דעם אַלטן, האָט ער צוגעשמייכלט: „ס'אַרא סקאַנדאַל זיי וועלן אים מאַכן, דעם אומגליקלעכן... געפונען אַן אָרט, דער דאַזיקער היימלאָזער, ווו זיך צו באַזעצן!"

אָבער קיין סקאַנדאַל איז ניט אויסגעבראָכן. די זקיינע איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און זינט צוויי טעג איז זי ניט אַריבער די שוועל פון איר באַראַק. דער אומבאַקאַנטער האָט ערגעץ־ווו אויסגעפונען א בעזעם און אָנגעהויבן צו פאַרקערן — צוערשט דאָס אָרט אַרום זיך און דערנאָך לעבן די אַלטע לײַט און ווײַטער פאַרקערט אין דער זײַט פון דער מעקלערן און דעם בעקער. צום סאָף האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז ער האָט אויסגעקערט דעם גאַנצן הויף. די מעקלערן האָט מיט כויזעק זיך באַגריסט און ארויסגעשטעלט א צונג דערצו. דער „גריך" האָט געוואָרפן אַף אים א שטומען בליק. „מירן נאָך זען, וואָס פאַר א פויגל ער איז", — האָט ער געקלערט.

אַפּצומאַרגנס האָט זיך די זאַך איבערגעכאַזערט. איצט האָט דער אַלטער באַגאָסן דעם הויף און אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט א מין גראַבליע, מיט וועלכער ער האָט דערנאָך אונטערגעגראָבן לעבן באַראַק עפּעס א בוים, וואָס איז שוין פון לאַנג פאַרלאָזט און פאַרוועלקט געווען. די פעט־לײַביקע פולע פרוי פון דעם בעקער האָט געפרעגט דעם אַלטן, צי ער איז הונגעריק. דער אַלטער האָט איר צוגעשאָקלט פאַרשעמט מיטן קאָפּ אַף יאָ, און אין א ווײַלע אַרום האָט זי אים ארויס־געטראָגן ברויט מיט קאַווע.

— פונוואַנען ביסטו? — האָט געפרעגט די פרוי.

— פון טעל־אַוויוו, — האָט דער זאָקן א ביסל צעטומלט געענטפערט.

---

[1] — א האַנדלס־צענטער.

— און קיין קרויוויס האָסטו ניט? — האָט זי ווײַטער געפרעגט מיט נײַגעריקייט.

ער האָט א הייב געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אוועקגערוקט פאַרטראַכט אין זײַן ווינקל, דאָס געשפּרעך איז אים געוווען דערווידער.

דער זאַקן איז אַלט געוווען בא די זעכציק בעערעך, הויך, דאַר, עטוואָס אײַנגעבויגן, אָבער עס האָט זיך געפילט אין אים די נעטיע אויסצווען אויסגעלײַכט און רויק. נאָר די צוויי הענט זײַנע האָבן איידעס געזאָגט וועגן א שטענדיקער אינערלעכער אָנשטרענגונג. קיין איין רעגע האָט ער ניט געקאָנט פאַרבלײַבן אין שאַלווע. אפילע ווען ער האָט דערציילט די קינדער מײַסעלעך, האָט ער ניט אופגעהערט צו שניצן די צוגעזאָגטע הילצערנע שיף, וואָס האָט באַקומען אַלץ מער און מער א צורע. און די קינדער האָבן געלאַכט צו זייער דערוואַקסענעם פרײַנט, אַזוי קאָמיש איז געוווען זײַן העברעיִשע אויסשפּראַך. נאָר זיי האָבן אים ליב באַקומען און האָבן זיך שוין ניט געקאָנט באַגיין אָן אים.

„עפּעס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן מענטשן", — דער סטודענט פלעגט אַרומשפּרײַזן אין זײַן באַראַק, בלײַבן שטיין, ווי זײַן געוווינהײַט איז, באַם פענצטער און זיך צוקוקן צום זאַקן.

אין איינעם א טאָג האָט דער סטודענט אַרויסגעקוקט אין הויף אַרויס צום זאַקן. דער אַלטער האָט געשפּילט און געלאַכט מיט די קינדער. אין ראַדיאָ האָט מען גראָד געענדיקט לייענען די ניַיעס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מעלדונגען:

„פון שפּיטאָל פאַר גײַסטיק-קראַנקע אין אַקו מעלדעט מען, אַז דעם אַכצעטן הײַנטיקן כוידעש איז אַנטלאָפן א מענטש מיטן נאָמען יִצחאָק ווײַנטרויב אין עלטער פון צוויי און זעכציק יאָר. זײַן הויך — א מעטער מיט זיבעציק, בלויע אויגן. לעצטנס האָט מען אים געזען אָנגעטאָן אין שוואַרצע הויזן און אין א גרויער מאַרינאַרקע. רעדט יִידיש, דײַטש, רוסיש און א ביסל העברעיִש. ווער עס ווייסט, ווו ער געפינט זיך, ווערט געבעטן צו וויסן געבן וועגן דעם אין שפּיטאָל, אָדער אין דער נאָענטסטער פּאָליצײַ-סטאַנציע".

— וואָס? — דער סטודענט האָט איבערגעכאַזערט אין געדאַנק די דאָזיקע מעלדונג. — פּונקט אַזוי... „זעכציק יאָר אַלט, בלויע אויגן, רעדט יִידיש, דײַטש, רוסיש און א ביסל העברעיִש". דאָס איז ער דאָך, דער זאַקן. — דער סטודענט האָט זיך עטוואָס א טרייסל געגעבן. — דאָס איז ער, דער אַלטער, און ניט קיין אַנדערער!

ער האָט פאַרפירט מיטן אַלטן א שמועס אין יִידיש. אַלץ איז געגאַנגען גלאַט. ער איז אַריבער אַף רוסיש... דער אַלטער האָט באַהערשט די שפּראַך. האָט ער געפּרוּווט ריידן צו אים אַף דײַטש, דער אַלטער איז אַנשוויגן געוואָרן. וואָס זאָל דאָס הייסן? אין דער מעלדונג פון שפּיטאָל איז בעפּיירעש געזאָגט געוואָרן, אַז דער זאַקן רעדט אויך דײַטש... נאַרישקײַטן, וואָס בין איך עפּעס באַוווּרקט פון דעם... דאָס איז אָן אומגליקלעכער זאַקן, וועלכן די מישפּאָכע האָט אַרויסגעטריבן. מעשוגע?! ווער קאָן דען אונטערשיידן צווישן א מעשוגענעם און נאָרמאַלן? זווייניק מעשוגאָיִם דרייען זיך אַרום אין די גאַסן פון יאַפע. צי וועט זיך געפינען עמעצער, וועלכער וועט זיי פאַרהאַלטן? און וואָס קערט עס זיך אָן צו מיר? — דער סטודענט, ווי זײַן געוווינהײַט, גיט א פּאַטש מיט די הענט.

עס זײַנען אַדורכגעגאַנגען צוויי וואָכן. דער זאַקן איז ווײַטער פאַרבליבן ווױנען אין הויף. די מעקלערן האָט געפונען אָן אַלטן מאַטראַץ, וואָס האָט שוין פון לאַנג אַויסגעשאָטן פון זיך קימאַט די גאַנצע שטרוי, און געגעבן דעם אַלטן אַף אונטערצובעטן. די פרוי פון דעם שלאָסער האָט אים יעדן פרימאָרגן אַרויסגעטראָגן א גלאָז טיי און ערעוו-שאַבעס אים פאַרבעטן צום טיש. דער זאַקן פלעגט זיך אָפּזאָגן, אָבער אין איינעם א הייסן אָוונט איז ער געקומען. דער שלאָסער איז געוווען א פריילעכער מענטש און צום סאָף פון דער סודע האָט ער פאַרזוּיגן א ליד. דער אַלטער איז געזעסן אַרײַנגעטאָן אין זיך און ס'האָט אויסגעזען, ווי עפּעס רעגט אים אוף. מיט זײַן ביינערדיק-אָדערדיקער האַנט האָט ער געגלעט דאָס אַרומגעשאָרענע קעפּל פונעם פינפיאָריקן ייִנגעלע. קיין קלאַנג האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט פון זײַן מויל, און אין א קורצער צײַט נאָך דעם האָט ער זיך געזעגנט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— אין זײַנע אויגן האָבן געברענט טרערן!

— וואָס האָט ער פאַרלאָרן, דער מענטש?

— אָן אומגליקלעכער!

דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט זיך איבערגעקוקט און פּלוצלינג א פאַל געטאָן איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס אַרײַן און זיך שטאַרק אַרומגענומען, גלײַך עס וואָלט זיי אויך געקאָנט טרעפן אָן אומגליק און זיי צעשיידן.

אַף מאָרגן אינדערפרי איז פאַרן אַרײַנגאַנג אין הויף אַרײַן, אַף דער וואַנט פון דעם נאָענטן וואַרשטאַט, געוווען אופגעקלעפּט א גרויסער פּלאַקאַט: „בירגער פון יִיסראָעל! דעמאָנסטרירט אײַער פּראָטעסט קעגן ווידער-אופשטעלן די נאַצי-אַרמיי".

אונטער די גרויסע שווארצע אויסיעס זײַנען אפן פלאקאט געווען אָפּגעדרוקט עטלעכע בילדער: א גאז־קאמער, קערפּערס פון דערמאָרדעטע מענטשן, באטאליאָנען היטלעריסטן מאר־שירן אין די רייען. אדענאוער נעמט אויף די דעפילאדע פון נײַגעבוירענעם היטלעריסטישן מיליטער, א דעמאָנסטראציע פון טעל־אוויווער בירגער קעגן די נאציס, פאר שאָלעם.

דער אלטער, ווי זײַן געוווינהײַט איז, האָט אויסגעקוקט דעם הויף. דער „גריך" איז הײַנט גאָר פרי אופגעשטאנען. ער האָט זיך פארהאלטן לעבן פלאקאט און אָנגעהויבן ארויסשטאמלען ווערטער פון אונטער דער נאָז. דערנאָך האָט ער עפּעס גענומען שרײַען. דער אלטער האָט זיך דערנעענטערט און גענומען לייענען דעם פלאקאט. פלוצלינג האָט דער „גריך" אויסגעריטשעט:

„נארישקײַטן: קאָמוניסטישע פּראָפּאגאנדע!" און אויסגעשטרעקט ענערגיש די האנט אַף אראָפּצורײַסן דעם פלאקאט.

דער אלטער האָט ארויסגעלאָזן דעם בעזעם פון האנט. זײַנע בלויע אויגן זײַנען פאר־שטארט געוואָרן. ער האָט זיך פלוצלינג אויסגעדרייט און אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט דעם פעטלעכן קארק פון „גריך". די הענט זײַנען געווען שטארקע, זייער שטארקע. דער „גריך" האָט א דערשראָקענער ארויסגעלאָזן מעשונעדיקע כריפּענדיקע קוילעס.

דער זאָקן האָט אים אלץ געדריקט דעם האלדז. פון הויף איז געקומען צו לויפן דעם בעקערס פרוי און אָנגעהויבן ארויסצולאָזן ווילדע קוילעס. אין איין אויגנבליק האָט זיך אָפּגעזוכט דער שלאָסער. די מעקלערן די מארשאס האָט געציטערט פון אופרעגונג. מיט גרויסע שוועריקײַטן האָט מען אָפּגעריסן דעם זאָקן פונעם „גריך". זײַנע בלויע אויגן זײַנען איצט געווען באַלויכטן מיט עפּעס א באזונדער ליכט. זײַן מויל איז געווען ברייט צעעפנט און פון אינווייניק האָבן ארויסגעשטארצט עטלעכע געלע פארפוילטע ציינער. דער אלטער האָט געלאכט אָן אן איבער־רײַס. ער האָט געלאכט און אָנגעוויזן אַף עפּעס א זאַך. דאָס געלעכטער האָט זיך פארשטארקט און דער זאָקן האָט א הילפלאָזער זיך א וואָרף געטאָן אין די אָרעמס פון שלאָסער.

— ער איז מעשוגע געוואָרן, דער אומגליקלעכער!

אין דער זעלביקער רעגע האָט זיך אומגעקערט אהיים דער סטודענט.

— דער אלטער איז מעשוגע געוואָרן.

— ער איז געווען מעשוגע... איך פארוועט זיך מיט אײַך, אַף וואָס נאָר איר ווילט. דאָס איז א פּסיכיש־קראנקער, וואָס איז אנטלאָפן פון ערגעץ, לאָמיר באלד רופן די פּאָליציי...

דאָס געלעכטער פון אלטן איז געבליבן ליידיק.

דעם שלאָסערס יינגעלע האָט געפרעגט בא דער מאמען, ווו איז דער זאָקן אהינגעקומען.

— ער איז אוועקגעפאָרן צו זײַן מישפּאָכע!

— פארוואָס?

— וואָס הייסט „פארוואָס?" ער האָט געוואָלט זײַן צוזאמען מיט זײַן פרוי, מיט זײַנע קינדער.

אין הויף, אין יעדן באראק, האָט מען געהאלטן אין איין ריידן וועגן דער אכזאָריעסדיקײַט און נידערטרעכטיקײַט פון די נאציס. דער פלאקאט באם ארײַנגאנג אין הויף איז געבליבן הענגען ווי פריער, דער „גריך" איז פארבײַגעגאנגען און זיך ניט דערוועגט אפילע א קוק צו טאָן אַף אים. אָבער אן אומעט פלעגט אים א נאָג טאָן באם הארצן.

— מײַן ווײַב, איך וואָלט וועלן זען דעם אלטן... לאָמיר פאָרן קיין אקו.

שאבעס האָט א קליינער טענדער געוואַרט לעבן הויף. דער ערשטער איז ארײַנגעשטיגן דער „גריך", וואָס האָט אויסגעשטרעקט די האנט צום בעקערס פרוי מיט אירע דרײַ קינדער. די „איראקערן" האָט צוגעטראָגן א סלאָיִקל מיט זיסווארג. די מעקלערן האָט געבראכט צו טראָגן שיינע שווארצע הויזן.

דער סטודענט האָט געקוקט פון פענצטער ארויס. דער טענדער האָט א סקריפּע געטאָן און זיך געריִרט פאמעלעך פון אָרט.

— א גרוס דעם אלטן יִיצכאָק...

— לאָזט גריסן, — האָט דער סטודענט אויסגערופן און א פאטש געטאָן מיט די הענט.

פון העברעיִש — פ. בינעצקי.





## פּייסעך בינעצקי

געבוירן אין 1910 אין ביאַליסטאָק. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1938. איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע פּראָגרעסיווע שרייבער אין ישׂראל.

# יאַמען

דער טעל-אוויווער יאַם איז שיין,
דער שוואַרצער יאַם איז בלויער.
דער טעל-אוויווער — מאָלע-כיין,
דער שוואַרצער אויך אַזוי ער...

און ביידע יאַמען האָב איך האָלט,
אַ כּעס אין באַגינען,
ווען כ'גיב אַ קום צום ברעג אַמאָל
די שטילקייט אָפּגעפינען...

נאָר ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד
צווישן ביידע יאַמען,
מע זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד,
ווי ס'טרעפט זיך צווישן מאַמעס:

איז איינע אַ שטיק שלעכטס און גאָר —
זי ציילט אויס יעדן ביסן.
אַ צווייטע — אונדז שוין אַזאַ יאָר —
פון שלעכטס זי וויל ניט וויסן...

דער טעל-אוויווער יאַם איז שיין —
גרויסאַרטיקע האָטעלן.
נאָר פּרווון דיר אַריינצוגיין
זאָל גאָר זיך ניט פאַרוועלן!

ווי אַלץ מיט גאָלד איז דאָרט געצירט,
נאָר ניט פאַר דיינס אַ גלייכן...
צום טעל-אוויווער יאַם היינט פירט
די קעשענע פון רייכן.

דער שוואַרצער יאַם, אַ, ברודער, הער:
גאָר אַנדערע דיבורים! —
אַזאַ מין שיינע, גוטע ערד,
ווו ס'שטייט אַ פריינטשאַפט-טורעם

באַם סאַמע ברעג פון עכטן גאָלד —
אַזאַ איז אויך זיין נאָמען...
צו קומען דאָרטן נאָכאַמאָל,
גייט אויס מיר די נעשאָמע!

אַ היים פאַראַן איז אָפן ברעג
פאַר אַמכאָ שער און שייבע...
און ניט פאַר אָנגעשטאָפּטע זעק —
דעם לאַנגווייל צו פאַרטרייבן.

דער טעל-אוויווער יאַם איז שיין,
דער שוואַרצער יאַם איז שענער!
נאָר קומען וועט די צייט צו גיין —
ניט ווייט די טעג שוין יענע,

ווען אַמכאָ באַלעבאָס איז הי,
באַ אונדזער ברעג דעם שיינעם,
ווען ער וועט נאָך אַ טאָג פון מי
זיך אויסרוען די ביינער...

# די גרענעץ צווישן וואָר און כאָלעם...

די גרענעץ צווישן וואָר און כאָלעם
זוי אָפּט, ווי אָפּט איך שפּרייז אריבער...
אַ בילד אַזאַ — איך מאָל און מאָל אים,
מיט גלי-קאָלירן דעק עס איבער,
מעק אויס דאָס שלעכטס און מאָל דאָס גוטע...
דאָס גוטע אייביק זאָל זיך מערן!
און ווו נאָר ס'האַלט אַ וווּנד אין בלוטן —
איך וואַש זי איבער מיט די טרערן.
און מער פאַר אַלץ איך וויל, ס'זאָל דער עלנט
בלויז זיין אַ כאָלעם ניט-געדאַכטער,
און טאָג און נאַכט איך וואָלט נאָך וועלן,
פון הערצער-טירן אופגעמאַכטע
דאָס אייז פון פרעמדקייט זאָל אַנטרינען.
די איינזאַמקייט. פון מענטש פאַריאָגן,
ער זאָל באַ יעדער שוועל געפינען
אַ ברודער-האַנט צו אים זיך טראָגן, —
זאָל פרילינג זיין אין אויגן טריבע...

די גרענעץ צווישן וואָר און כאָלעם
ווי אָפּט, ווי אָפּט איך שפּרייז אריבער —
אין בילד, וואָס כ'האָב זיך אויסגעמאָלן...

## עסטער פראַנק

געבוירן אין 1913 אין טשעכיע. טרעט אַקטיוו אַרויס אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע.



# מיניאַטורן

## א

## דער ציגלטרעגער

גייענדיק צו דער אַרבעט, האָב איך זיך פֿאַרהאַלטן אַ לענגערע ווײַלע לעבן דעם גרויסן בנין, וואָס איז אויסגעוואַקסן מאַמעש פֿאַר די אויגן. נאָך מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז דאָ געווען אַ ליידיקער פּלאַץ, אַ פֿאַרוואַקסענער מיט שטעכלקעס. און הײַנט — הײַנט הייבן זיך שוין אַרויף עטלעך־שטאָקיקע ווענט און מענטשן האַווען אַרום פֿאַרשוויצטע, פֿאַרסאָפּעטע, אַרויף און אַראָפּ, גלײַך זיי וואָלטן מוירע געהאַט עפּעס צו פֿאַרשפּעטיקן. אַלע זײַנען זיי פֿאַרשטויבטע, די דאָזיקע מענטשן, און פֿונדערווײַטנס זעען זיי אויס ווי איין מאַמע וואָלט זיי געבוירן, — די שווערע פּראַקשנטע מי... נאָר פֿאָרט, ווען איך האָב זיך צוגעקוקט אַ ביסל נענטער, האָט זיך מיר געוואָרפֿן אין די אויגן אַ טונקלהויטיקער באָכער, ווי ער לייגט זיך אָן אַ שטאָס מיט ציגל אויף זײַן „סאַבילקע“[1]. ער לייגט די ציגל, און איך צייל: זעקס, צוועלף, אַכצן... און מער. גאָט מײַנער, צי וועט ער אַרופֿשלעפּן אויף זײַנע פּלייצעס אַזאַ מאַסע? אינגאַנצן איז עס אַלט, דאָס דאָזיקע באָכערל, אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. אַליין איז ער אַ שוואַרץ אָפּגעברענטער, אָנגעטאָן אין שוואַרצע קורצע הייזלעך און אין אַ שוואַרץ צעריסן העמדל, אַ דורכגעווייקטס פֿון שווייס. אַלץ אויף אים איז שוואַרץ, אויך די אויגן, אויך די געקרײַזלטע האָר. נאָר גיט ער אַ שמייכל, ווערט אַלץ העל אויף אים, גלײַך ער אַליין וואָלט געווען אַ שטיק ליכטיקע זון... און ווען ער שמייכלט, שמייכלען אַלע אַרום, אַלע ציגלטרעגער...

נאָר אָט האָט זיך דאָס באָכערל אײַנגעבויגן, די שווערע פֿול־אָנגעלאָדענע „סאַבילקע“ איז אויסגעוואַקסן אויף זײַנע פּלייצעס, ווי אַ רויטער מעשונעדיקער הויקער... און זײַן שמייכל איז מאָמענטאַל אויסגערונען, אַזוי ווי קיינמאָל ניט געווען. זײַן פּאָנעם איז ווידער געוואָרן גרוי־פֿאַרשטויבט און ענלעך צו אַלע פּנעמער פֿון זײַנע כאַווייריִם.

פֿול־איבערפֿול איז די „סאַבילקע“. אַ ציגל אײַנגעקלאַמערט אין אַ ציגל און אַלע צוזאַמען — אַזוי ווי אַרײַנגעוואַקסן צווישן דעם באָכערלס אַרויסשטאַרצנדיקע רוקנביינער — איין צונויפֿגעגאָסענע נעסיִע פֿון כוימער און מענטש...

און אַזוי הייבט אָן דאָס באָכערל זײַן נײַעם וועג אַרויף איבער די סקריפּענדיקע רישטעוואַניעס. די זון סמאַליעט אומבאַרעכמאָנעסדיק — זי בריט דאָס לײַב, דרינגט אַרײַן אין בלוט. זײַן אָטעם איז הייס, די אויגן פֿאַרגאָסן מיט שווייס און עפּעשער מיט זאַלציקע טרערן, ווער ווייסט? די קני בייגן זיך אונטער דער שווערער מאַסע, די ברעטער אונטער די טריט קרעכצן, צי וועט ער אויסהאַלטן ביזן פֿינפֿטן שטאָק?

אָבער דער טונקלהויטיקער ציגלטרעגער איז נאָך יונג און שטאַרק. אַראָפּלאָזנדיק זיך פֿון פֿינפֿטן שטאָק צוריק, גייט ער לאַנגזאַם, טראָט באַ טראָט, גלײַכט אויס דעם רוקן, ווישט אָפּ דעם שווייס פֿון פּאָנעם. אַ קיל ווינטל טריקנט אויס זײַנע נאַסע האָר אויפֿן קאָפּ, און ווען ער קומט אַראָפּ אונטן, ווערט ער ווידער פֿאַרוואַנדלט אין אַ זוניקן שמייכל... און אַלע שמייכלען מיט אים.

יאָ, שווער איז דער וועג ביז צום פֿינפֿטן שטאָק און ניט דער לעצטער בנין איז עס אין דער שכונע, וואָס וואַקסט אויס פֿאַר די אויגן. אַ סאַך ציגל וועט נאָך אויסטראָגן אויף זײַנע אַקסל דאָס באָכערל... צי וועלן אים די שמייכלען נאָך סטײַען אויף לאַנג?

---

[1] — ציגל־בענקעלע.

## ב

# דרײַ טיימענער



רײַ טיימענער רײַטן אַף בידנע אויסגעהאָרעוועטע אייזלען. דער מידבער־ווינט האָט אויסגעאַקערט טיפֿע קנייטשן אַף זייערע קויל־פֿאַרברענטע פּנעמער און אויסגעטריקנט זייער געביין. די צעקנייטשטע פּאָלעס פֿון זייערע כאַלאַטן האָבן זיך צעשפּיליעט און אָפּגעדעקט דאָס פֿאַרצערטע לײַב, וואָס האָט אויסגעזען ווי אָנגעצויגענער פּאַרמעט.

די טיימענער טרײַבן אונטער די אייזלען, וועלכע האָפּסלען אוועק מיט די דאַרע שטעקלפֿיסלעך. די טאָרבעס מיטן מאָגערן עסן באָמבלען זיך אַף זייערע אָפּגעקראָכענע רוקנס. דאָס אײַלן זיך די טיימענער צום צענטער פֿון דער רײַכער שכונע, ווו דער גרויסער קאַבלען[1] בערמאַן בויט שיינע ווילעס און לוקסוס־קאָטעדזשן פֿאַר די גווירים פֿון דער שטאָט.

געקומען אַפֿן אָרט, קריכן אַראָפּ די טיימענער פֿון די אייזלען, וואַרפֿן אַריבער איבער די אויסגעמאָגערטע רוקנס פֿון די באַלעכאָים גרוי־פֿאַרשטויבטע זעק און פֿון פֿינצטער ביז פֿינצטער שלעפּן זיי זיך איבער בערג מיט זאַמד און שטיינער.

כאַדאָשימלאַנג ציִען זיך די הייסע זומערדיקע אַרבעטסטעג. ביזן אָנקום פֿון די רעגנס דאַרף דער קאַבלען בערמאַן פֿאַרענדיקן די ווילעס. טרײַבט ער פֿון די טיימענער דעם זיבעטן שווייס. די פֿאַרשטויבטע אָנטרײַבער מיט זייערע אייזלען יאָגן פֿון זיך אַרויס די לעצטע קויכעס, אַבי צופֿרידנשטעלן דעם בייזן באָס. און אַז די האָרעוואַניע איז שוין טאַקע ניט אויסצוהאַלטן, צעשרײַט זיך אַן אייזל אַפֿן גאַנצן קאָל, ווי ער וואָלט זיך באַקלאָגן אַף זײַנעם און אַף זײַן באַלעבאָס' גוירל... האַ־האַ־האַ!

די גאַנצע געגנט ציטערט אוף פֿון די אייזלשע געשרייען, אָבער די טיימענער אַליין — קאָנען ניט שרײַען... זיי קרעכצן שטילערהייט און מורמלען מיט די ליפּן. האַשעם יעראַכעם, האַשעם יעראַכעם[2]!

און דער שעם איז זיך מעראַכעם אַף זיי. די שווערע האָרעוואַניע גייט ווײַטער אָן. וואָס נעענטער צו די יאָמטויווים, ווערט דער קאַבלען בערמאַן אַלץ אופֿגערעגטער און יאָגט נאָך שטאַרקער ווי פֿריִער. יאַלאַ, יאַלאַ[3] — שרײַט דער צערייצטער באָס, און די טיימענער שלאָגן די אייזלען מיט וואָס נאָר עס לאָזט זיך, אַבי זיי זאָלן וואָס גיכער אַנטרונען ווערן פֿון בערמאַנס שפּיזיקע אויגן...

און אָט איז געקומען אַ טאָג, און די פֿאַרענדיקטע שײַנענדיקע ראַכוועסדיקע ווילעס זײַנען גרייט אַרײַנצונעמען אין זייערע ווענט די, וואָס האָבן אַראָפּגעלאָזט אין בערמאַנס טיפֿע קעשענעס פּעקלעך מיט שפּאָגל נײַע קנאַקעדיקע אַסיגנאַציעס... עס געדויערט ניט לאַנג און שימערירנדיקע קעגן דער זון לימוזינען גליטשן זיך איידל אַרײַן אין די אופֿגעעפֿנטע שטאַכעט־טויערן, אויסגעקעכלטע מענער מיט רײַך־געקליידטע פֿרויען פֿילן אָן מיט גערויש און אומרו די ביז איצט ניט באַווינטע געגנט. אַ זאַטקײַט און זעלבסטצופֿרידנקײַט איז קענטיק אַף די טוישווים פֿון די נײַ־אופֿגעבויטע הײַזער, אַ פֿריילעכע היימישע געמיטלעכקײַט גיט אַ טראָג פֿון די ראַכוועסדיקע טעראַסעס און אַ צעזונגענער כאָר פֿון זאַטע קינדערישע קעלכלעך פֿאַרקלינגט די ערעוו־יאָמטעוודיקע לופֿט...

די טיימענער, פֿאַרשטויבטע און מידע, שטייען לעבן זייערע אייזלען, די פּאַרנאָסע־ברענגער, און קוקן זיך נײַגעריק צו צו די נײַע באַלעבאַטים פֿון די ווילעס.

— יאַ־אַלאַ! — רופֿט זיך איינער אָן. — דער שעם־ייִסבאָרעך האָט טאַקע געבענטשט אונדזערע ברידער די שאַכנאָזים[4] מיט אַלדאָס גוטס, מיט כאָכמע און מיט שיינע פֿרויען...

— ניט קיין פֿרויען זײַנען עס, נאָר מאַלאָכים פֿון הימל, — רופֿט זיך אָן אַ צווייטער טיימענער. און ער טשמאָקעט צו מיט די ליפּן...

דער דריטער טיימענער שטייט אין אַ זײַט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און ס'איז קענטיק, אַז די נײַע באַלעבאַטים מיט זייערע שיינע פֿרויען גייען אים קנאַפּ וואָס אָן. ענדלעך גיט ער אַ זאָג מיט אַ הייזעריקער שטים:

— שוין! געענדיקט די אַרבעט. און וואָס וועט זײַן ווײַטער?

די אַנדערע צוויי, זײַנע כאַווײרים, גלײַך זיי וואָלטן זיך אופֿגעכאַפּט פֿון אַ כאָלעם:

---

[1] — אונטערנעמער; [2] — גאָט וועט זיך דערבאַרעמען; [3] — גיכער (אַראַביש); [4] — פֿון וואָרט אשקענאַזים (דײַטשישע ייִדן).

— שוין! — כאפן זיי אונטער. — געענדיקט די הארעוואניע, און וואָס טוט מען ווײַטער? אויך די אייזלען האָבן מיסטאָם דערפילט די שווערע זאָרג פון זייערע באַלעבאָטים, ווײַל אַלע מיט איין מאָל האָבן זיי זיך צעריטשעט:

הא־הא־הא־הא!

* * *

דרײַ טיימענער רײַטן אָף זייערע אויסגעמאָגערטע פאַרשטויבטע אייזלען. דאָס האָפּסלען זיי צוריק אהיים, אין דער מאַאַבאַראַ[1]. הונגעריק זײַנען די בידנע באַשעפענישן, וואָס האָבן אַ גאַנצן זומער אַזוי שווער אָפּגעאַרבעט פאַרן ביסל טרוקענעם שטרוי... אײַלן זיי זיך צו די פּוסטע קאַרעטעס אהיים. די אויסגעצויגענע פיס פון די טיימענער גרייכן קימאַט ביז צו דער ערד. די שיטערע בערדלעך סטאַרטשען אָף זייערע קינבאַקן ווי אָפּגעסמאַליעטע פעדערן, די אויגן זײַנען בײַ זיי פאַרלאָפן מיט זאָרג, נאָך די ליפּן שעפּטשען אַלץ אַרויס מיט ביטאָכן:

— האשעם יערכעם, האשעם יערכעם!

פון העברעיִש — ש. טאל.

---

[1] — לאַגער פאַר אימיגראַנטן.

---

אכיעם נויף

# צו מײַנע פרײַנט—אַראַבער

(פראַגמענט)

צי וועלן מיר ווען קאָנען אופהייבן די אויגן
אַ ברודער אָף אַ ברודער?
ניט לאַנג צוריק האָב איך געזען דײַן דאָרף
פאַרזונקען אין פאַרפלייצנדיקן רעגן...
איך בין דאַן מײַן דערמאָנונג
אַרויסגעגאַן אַנטקעגן
און ניט געקאָנט דײַן הויז געפינען,
וואָס אייביק איז פאַרקריצט בלויז
אין מײַן זינען —
פעלאַכין —
אָן אַ היים און אָן אַ נאָמען...
און דו, מײַן כאַווער מוסא, מיט די
קוילן־אויגן,
וואָס ביסט אַ ברודער מיר פאַרבליבן
אייביק, —
אוי, ווו ביסטו,
אין וועלכער ווײַט פאַרפלויגן?
און דו, סעאַדאַ,
באַרג־טאָכטער,
וואָס האָסט אָן אויצער מיר געשענקט —
דײַן ליבע,
ווען ס'האָט געבושעוועט אַרום אַ טײַך
פון סינע, —
צי וועל איך ווידער אײַך געפינען?
ווען וועט זיך אומקערן די שאַלווע
פון די טכיילעס־כוואַליעס
צו אונדזער יאַם?
ווען זײַן וועט אונדזער ברעג
אַ היים פאַר אַלעמען צוזאַם,
אין פריידן אופגעהילכט?..
ווען רינען וועט דער האָניק
און דאָס מילך פון רינדער
פאַר אַלע קינדער,
אַלע קינדער,
אַלע קינדער?

פון העברעיִש — פ. בינעצקי.



געבוירן אין 1915 אין ווין. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1955.

---

## כאנא איבראהים

געבוירן אינעם אראבישן דאָרף באנא (יִשׂראל). ארבעט אין א שטיינהעקערײַ. מיטארבעטער פונעם אראבישן פראָגרעסיוון ליטעראַרישן כוידעש־זשורנאל „אל־דושאדיד", וואָס דערשײַנט אין כײפע.

# „שמוגלערס"



אָרע האָט א קוק געטאָן אפן זייגערל, און איר שטערן האָט זיך פאַרצויגן מיט קנייטשן, ווען זי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ צום טונקעלן הימל. גרויע אומעטיקע וואָלקנס האָבן אָנגעכוואליעט פון מײַרעוו־זײַט, גלײַך זיי וואָלטן ארויסגעקנוילט פון א זידנדיקן טאָפּ. א קילער ווינט האָט געווייט און אראָפּגעריסן דאָס ביסל טרוקענע צווײַגלעך פון פײַגנבוים.

עס האָט אויסגעזען, אז עפּעס ערנסטעס האָט שמועלן פאַרהאַלטן לענגער ווי געוויינלעך, אויב ער האָט זיך ניט צוריקגעקערט אהיים אין דער באַשטימטער צײַט. זי האָט א ביסל מוירע געקראָגן. בלײַבן א גאנצע נאכט אליין אין א פאַרוואָרפן הײַזל פון דאָרף, וואָס ליגט אזוי נאָענט צו דער גרענעץ, — בא דעם דאָזיקן געדאנק איז איר אדורך א ציטער איבערן לײַב.

און די פינצטערניש איז אלץ גרעסער און געדיכטער געוואָרן, אראָפּלאָזנדיק א שווארצן געדיכטן פאָרהאנג. אָט האָט אויך א פּאמעלעכער רעגן אָנגעהויבן צו שמײַסן. א ציטערנדיקע פון קעלט, איז סאָרע ארײַנגעגאנגען אין צימער, אָנגעטאָן אפגיך דעם מאנטל, פאַרוויקלט דעם האלדז אין א שאַל. אירע אויגן האָבן גענישטערט איבער דער שטוב, זוכנדיק די שיך. נאָר באַם אראָפּבייגן זיך נאָך די שיך, וואָס אונטערן בעט, האָט זי דערהערט א גערודער פון א פאָרנדיקן אווטאָ. איר האַרץ האָט א זונג געטאָן פון פרייד: „שמועל האָט זיך צוריקגעקערט". זי איז באלד ארויסגעלאָפן אף דער טעראַסע און דערזען די זיך פאַרהאַלטנדיקע טאקסי. דער שטאַרקער רעגן האָט געשלאָגן איבערן דאך פון דער מאשין און א ניט־דורכדרינגלעכער נעפּל האָט פאַרפולט דעם כאָלעל פון דער נאכט. פון טאקסי האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ א פּאָליציי־אָפיצער. אָן אנטוישטע האָט זי א זאָג געטאָן „שאלאָם", און ער, גלײַך ער וואָלט גאָרנישט ניט געהערט, האָט זיך אָנגערופן: „שמועל וועט די נאכט בלײַבן אין שטאָט. ער וועט זיך אומקערן אהיים מאָרגן פאַר מיטיק. נעמט, ביטע, די צײַטונג".

זי האָט גענומען די צײַטונג און מיט א פרירנדיקער שטיינונג נאָכגעקוקט דער זיך דערווײַטערנדיקער טאקסי. אָבער דער גוסרעגן האָט איר ניט געלאָזט לאנג שטיין אין דרויסן, און זי איז א דענערווירטע און אומעטיקע צוריק ארײַן אין שטוב. דאָס איז איר צום ערשטן מאָל זינט איר כאסענע אויסגעקומען צו דערפילן אזא מין איינזאמקײַט. ביז וואָס־ווען האָט זי זיך אוועקגעזעצט אפן ראנד פון בעט און מיט א ציטערנדיקער האנט ארופגעדרייט דאָס פײַער אין הויכן טישלאָמפּ, דערנאָך האָט זי אראָפּגעטרײַסלט די רעגן־טראָפּנס פון דער צײַטונג און זי אויסגעשפּרייט אפן טיש. פּלוצלינג איז זי צוגעפאלן צו דער צײַטונג און אירע בליקן האָבן זיך אָנגעכאפּט אָן א קליין קעפּל: „שמוגלערס באפאלן א הויז אין קפאַר־עלִיאָהו און הארגענען..." איר האַרץ האָט שטאַרק א שלאָג געטאָן און די קלעפּ האָבן אָפּגעקלונגען אין אירע אויערן. א שטאַרקער צוגווינט האָט זיך ארײַנגעריסן דורך דער טיר און א וויג געגעבן דאָס פײַער אין לאָמפּ. זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר און מיט א הילכיקן קלאפּ זי צוגעמאכט. א שרעק האָט ארומגעכאפּט איר גאנצן וועזן.

סאָרע האָט זייער אָפט געהערט און געלייענט וועגן אזעלכע נײַסן, אָבער הײַנט האָט זי

צום ערשטן מאָל דערפילט א מאַמאַשעסדיקע שרעק. פריִער איז זי געווּינט געווען אפילע מיט פרייד אופנעמען א יעדיִע פון דער צײַטונג, אז מע האָט געכאַפּט אָדער דערהאַרגעט שמוגלערס, ווײַל זי האָט זיך געפונען אונטערן אײַנפלוס פון די צײַטונגס־מיטיילונגען. שמועלס דערציילונגען — פאַר זייער כאַסענע האָט ער געאַרבעט אלס געהילף פון א מיליטערישן קאָמענדאַנט אין די גרענעץ־געביטן — וועגן די אַנגריפן פון די שמוגלערס האָבן דערוועקט אין איר א פּאַכעד, און ער, שמועל, פלעגט לאַכן און באַרוּיִקן זי. ער פלעגט זי פאַרזיכערן מיט נעמאָנעס, אז דער איניִען מוז זיך פאַרענדיקן מיט אַרעסטירן אָדער דערהאַרגענען די אַנפאַלערס. ריכטיקער געזאָגט, זײַנע ווערטער פלעגן איר צוריקגעבן א געפיל פון זיכערקײַט אַף אזוי ווײַט, אז איר האַרץ האָט א סאַך מאָל ווי געטאָן פאַר די אומגליקלעכע, וועלכע זײַנען ענלעך צו יענע פאַרביקע שמעטערלינגען, וואָס ציִען זיך צום פײַער און ווערן פאַרברענט. און דאָך האָט זייער לעבן, סאַרעס און שמועלס, אוועקגעשפּאַנט אַף א פרידלעכער סטעזשקע, און זיי זײַנען געווען גליקלעך. זי האָט געלייענט די אָוונט־צײַטונגען און מיט אן אופריכטיקן שטאָלץ געטראַכט וועגן דער צוקונפט פון איר לאַנד, אין וועלכן זי איז געבוירן און וועלכן זי האָט ליב אָן קיין שום כעזשבוינעס. זי האָט געגלייבט אין דער ענערגיע, קענטעניש און אונטערנעמונגס־קראַפט פון איר פאָלק. און אלס באַלערנדיקער בײַשפּיל צו דעם אלעם האָט איר געדינט איר מאַן שמועל, וואָס פון איר מויל האָט ער געלערנט די אַראַבישע שפּראַך, אריבערשטײַגנדיק נאָך א האַלב יאָר די לערערן... נאָך דער כאַסענע איז ער געווען באַשעפטיקט אלס לערער אין איינעם פון די גרענעץ־דערפער. אַט וויאַזוי זי האָט פון שטאַטישן געטומל אויקער געווען צו דעם דאָזיקן שיינעם הײַזל, וואָס באַם ראַנד דאָרף. עטוואָס ווײַטער פונדאַנען געפינט זיך דער שיינער שול־בּיניִען, אן אײַנגעטונקטער אין איילבערט־ביימער. אַנדערהאַלבן יאָר זײַנען שוין אדורכגעלאָפן, אָבער דאָס דאָרף האָט נאָך ביז איצט ניט געוווּסט פון די שמוגלערס.

סאַרע האָט זיך צוניפגעקאָרטשעט אין בעט. אַראָפּדרייענדיק דעם פלאַם אין לאָמפּ, האָט זי אומבאַמערקט אַנגערירט דעם רעוואָלווער און דערפילט די פרייד פון זיכערקײַט באַם אַנטאָפּן דאָס קאַלטע שטאָל. שמועל האָט זי געלערנט, וויאַזוי זיך צו באַנוצן מיט אזוינע זאַכן. זי האָט זיך גוט אײַנגעדעקט, פאַרמאַכט די אויגן און פעסט באַשלאָסן אײַנשלאָפן...

...סאַרע האָט ניט געוווּסט, וויפל צײַט עס איז אוועק, ווען זי האָט זיך פּלוצלינג אופגעכאַפּט און דערהערט עפּעס מאָדנע קוילעס. דער ווינט איז שטיל געוואָרן און דער לופט־רוים האָט זיך אויסגעשפּרייט רויִק און שווער. גלײַך עמעצער וואָלט זי א שטויס געטאָן, האָט זי זיך אופגעזעצט אפן בעט און אין דער זעלביקער רעגע מאַמעש אופגעכאַפּט א שאַרך הינטער דער טיר. עס איז זי באַפאַלן א שטאַרקער ווילן צו שרײַען, נאָר א שוואַרצע שרעק האָט איר פּאַראַליזירט די גלידער און געבונדן דעם גאָרגל. אַט האָט זי צום צווייטן מאָל אופגעכאַפּט א שורשרײַ, ווי עמעצער וואָלט זיך געריבן באַ דער טיר. אין איר דימיען זײַנען אופגעקומען בילדער פון געשפּענסטער און די אופטועכצן פון די שמוגלערס. באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר רעוואָלווער, א נעם געטאָן אים אין דער האַנט און אָנגעצילט אַנטקעגן דער טיר. זי האָט צוגעוואַרט, אײַנהאַלטנדיק דעם אָטעם... די האַנט ציטערט און וויל ניט אופהערן צו טרייסלען זיך... פּלוצלינג — וואָס איז עס?! — זי האָט דערהערט א שאַרף געשריי פון א זויגקינד און האָט פרײַער און גרינגער אָפּגעאָטעמט: שמוגלערס קומען ניט מיט קיין זויגקינדער... אַט הערט זיך אויך א הוסטנדיקע שטים פון א מאַן, ווי ער וואָלט זיך באַקלאָגט אַף דער שטעכעדיקער קעלט... סאַרע האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן... שוואַכע, קוים הערבאַרע קלעפּ, גלײַך עמעצער וואָלט געבעטן, מע זאָל אים עפענען, האָבן זיך דערהערט הינטער דער טיר... מיט איין גיכן שפּרונג איז זי שוין געווען באַ דער שוועל, אָפּווענדנדיק דעם רעוואָלווער אָן א זײַט. פרווונדיק צוגעבן איר שטים א רויִקן, זיכערן קלאַנג, האָט זי א פרעג געטאָן אַף העברעיִש: „ווער איז עס?..“ און א קאָל אַף אַראַביש האָט איר אָפּגעענטפערט — א קאָל פון א פרוי: „עפנט. איך בעט אײַך, עפנט!..“ און ווידער א יאָמערלעך געוויין פון א זויגקינד און א באַרויִקנדיקע שעפּטשערײַ פון א פרוי.

פאַמעלעך־פאַמעלעך האָט סאַרע אופגעעפנט די טיר, אַנעמענדיק אלע פאַרזיכטיקײַט־מיטלען — ווער ווייסט?!.. זי איז געשטאַנען גרייט, געוואָרפן א דורכדרינגלעכן קוק צו דער טיר און באַפוילעריש אויסגערופן: „אַרײַן!..“ אין צימער האָט זיך ווי אַרײַנגעקוילערט א פרוי, אן אײַנגעוויקלטע אין שוואַרצע אַרומגעפליקטע קליידער, מיט א קאָפּ א פאַרדעקטן אין אן אלטן מאַנטל. אין אירע אָרעמס האָט געצאַפּלט און געשריִען א זויגקינד. טראָפּנס רעגן האָבן אַראָפּגערונען פון די דורכגעווייקטע שמאַטעס, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו איר גוף. אהינטער דער פרוי איז געשטאַנען אן אײַנגעבויגענער מאַן מיט א נעבעכדיק אויסזען. זײַן ווײַסע באָרד האָט דער געלער שײַן פון לאָמפּ אַנגענומען דעם קאָליר פון וואַקס. אין זײַנע ציטערדיקע הענט

האָט ער געהאַלטן אַ נאַסע קופּיע[1]. איידער ער איז אַרײַן אין צימער, האָט ער זיך עטוואָס אײַנגעבויגן, פּרוּווּנדיק אויסקוועטשן דאָס וואַסער פון זײַנע בעגאָדים. סאָרע האָט מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעקוקט אַלע זײַנע באַוועגונגען. דורך דער אָפענער טיר האָט זי געזען, ווי די שײַן פון דער לעוואָנע, וואָס האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די צווײַגן, פאַרשווענקט דאָס שלאָפנדיקע דאָרף. דער אַלטער מאַן איז נאָך אַלץ געשטאַנען, אויסקוועטשנדיק זײַנע מאַלבושים און פאַנאַנדערשפּריצנדיק גרויסע גלאַנציקע טראָפּנס וואַסער. זײַן קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבן און אַ רגע האָט זיך געדאַכט, אַז ער פאַרלירט דאָס גלײַכגעוויכט. סאָרעס בליק איז געפאַלן אַף זײַן לינקן באָרוועסן פוס. ווען ער האָט געמאַכט אַ טראָט, האָט זיך גוט געהערט דאָס בולקען פון וואַסער אין זײַן רעכטן שוך.

סאָרע האָט צוגעמאַכט די טיר, צוגעגאַנגען צום טיש און אַרופגעדרייט דעם קנויט אין לאָמפּ, דערנאָך גוט זיך צוגעקוקט צו אירע ניט דערוואַרטעטע אָרכים. די פרוי האָט מיט דער גאַנצער שווערקייט אַראָפּגעלאָזט זיך אַפן שטול, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער קיך־טיר. ווען זי האָט אַראָפּגענומען דעם מאַנטל, וואָס האָט געהאַט פאַרדעקט איר קאָפּ, איז אַנטבלויזט געוואָרן איר פאַרצאָגט פּינצטער געזיכט. זי האָט געקוקט אַף סאָרען מיט אַ פאַרלאָשענעם בליק, אַראָפּבייגנדיק איר קאָפּ צום זויגקינד, וואָס האָט אַלץ געוויינט מיט זײַן פאַרשטיקט קעלכל. פּלוצלינג האָט די פרוי אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. אַרום איר שטול איז פול געוואָרן מיט וואַסער, וואָס האָט אַראָפּגערונען פון אירע קליידער. לעם איר, בײַ דער זײַט, איז געשטאַנען שווײַגנדיק דער אַלטער מאַן, איבערטרעטנדיק פון איין פוס אַפן צווייטן. פון מאָל צו מאָל האָט ער אויפגעהויבן דעם לינקן באָרוועסן פוס און געריבן אָן דעם רעכטן, קעדיי אַ ביסל צו דערוואַרעמען די פאַרשטײַפטע פון קעלט גלידער. זײַן גרוי פּאָנעם און די מאַטע בלאָנדזשענדיקע בליקן האָבן אַנטפּלעקט אומענדלעכע ליידן.

סאָרע האָט צו איר גרויסער שטוינונג דערפילט, אַז זי האַלט נאָך אין האַנט דעם רעוואָלווער, און ווען זי האָט באַשלאָסן אים אַוועקצולייגן אַפן טיש, האָט זי שוין געוווּסט וואָס ווײַטער צו טאָן. זי האָט זיך אַ קער געטאָן צום אַלטן מאַן און אים באַפוילן אַראָפּצונעמען פון קאָפּ די קופּיע. זי האָט אַלץ געטראַכט וועגן די פאַרשיידענע אײַנפאַלן פון די שמוגלערס, וועלכע טוען זיך איבער אין פאַרשיידענע זאַכן און פאַרשטעלן זיך אַף קאַלערליי אויפאַנים, קעדיי אויסצופירן זייערע פּלענער. דער אַלטער האָט באַלד זיך אונטערגעוואָרפן איר פאַראָרדענונג, זוכנדיק אַן אָרט, וווּ אויפצוהענגען די קופּיע. זײַנע ציין האָבן געקלאַפּט פון קעלט און זײַנע אויגן האָבן געקוקט דאָ אַף דער וויינענדיקער פרוי און דאָ אַף סאָרען. צוויי גרויסע טרערן זײַנען אַרויסגערונען פון די ווינקלען פון זײַנע אויגן און אַראָפּגעפאַלן אַפן צעקנייטשטן געזיכט, אײַנזאַפּנדיק זיך אין דער ווײַסער באָרד. מיטאָמאָל איז די קופּיע אַרויסגעפאַלן פון זײַנע הענט. ווען ער האָט זיך אײַנגעבויגן זי אויפצוהייבן, האָט ער זיך אײַנגעבראָכן און איז אומגעפאַלן אַפן דיל.

סאָרע, ווי זי וואָלט ערשט איצט דערזען, מיט וועמען זי האָט דאָ צו טאָן, האָט אַוועקגעשלײַדערט דעם רעוואָלווער אַפן בעט, איז אַרויסגעלאָפן נאָך נאַפט און אָנגעצונדן פײַער אין אייוועלע. דערנאָך איז זי ווידער אַרויסגעלאָפן אין צווייטן צימער און אַרײַנגעבראַכט טרוקענע קליידער. מיט אַ ווייכער איידעלער באַוועגונג האָט זי צוגעוואָרפן דער פרוי עטלעכע זאַכן, זי זאָל זיך איבערטאָן און איבערוויקלען דאָס קינד. די פרוי האָט זיך עפּעס ניט דערוועגט צו טאָן דאָס. דאַן האָט סאָרע אַ נעם געטאָן דאָס זויגקינד, אַראָפּגעצויגן די נאַסע שמאַטקעס און אײַנגעוויקלט עס אין איר מאַנס בעגאָדים. ניט געקוקט אַפן אָפּזאָג פון דער פרוי, האָט סאָרע איידל זי אַ שטויס געטאָן אין דער ריכטונג צו דער קיך און געהאָלפן זיך איבערטאָן. דער זאָקן ווידער האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט אַראָפּציִען פון זיך דאָס נאַסע אָנטועכץ און ער איז געבליבן זיצן לעם נאַפט־אייוועלע.

...אין דער צײַט, ווען זיי האָבן געזופּט די טיי נאָכן איבערבײַסן, מיט וועלכן סאָרע האָט זיי מעכאַבעד געווען, האָט די פרוי אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס מיט זיי איז פאַרלאָפן. דער דאָזיקער אַלטער איז איר פאָטער און דאָס זויגקינד — איר אייגנס. כייפער אײַנוווינער, זײַנען זיי בייס דער מילכאָמע געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן זייער היימשטאָט. אין דער פרעמד, בייס דער וואָגל־וואַנדעריש, איז איר געשטאָרבן די מוטער. זי, די טאָכטער, איז געווען פאַרקנאַסט צו אירן אַ שוועסטערקינד, אַ פאַרבליבענעם אין ייִסראָעל. אָט פאַרוואָס זיי האָבן באַשלאָסן אומקערן זיך אין לאַנד אַרײַן. דאָ, אין ייִסראָעל, האָבן זיי טאַקע כאַסענע געהאַט, אָבער די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן אַף זייער כאַסענע געקוקט מיט אַ שלעכט אויג, און אונטער דער באַשולדיקונג פון שמוגלערײַ אַרויסגעשיקט זי צוזאַמען מיטן אַלטן פאָטער אויסער די גרענעצן פון ייִסראָעל.

---

[1] — קאַפּטוך.

נאָר צי קאָן עס געמאָלט זײַן, אַז זי זאָל לעבן אין דער פרעמד און איר מאַן זאָל בלײַבן אין לאַנד? האָבן זיי ווידער זיך אומגעקערט אין לאַנד אַרײַן — זי און איר זון, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יִשׂראל. אין איינער אַ נאַכט האָבן פּאָליציאַנטן אַרײַנגעריסן זיך צו זיי אין שטוב און אַלעמען אַרעסטירט. איר מאַן איז אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין טפיסע אױף זעקס כאָדאָשים פאַרן פאַרברעכן צו געבן אַ מיקלעט די שמוגלערס — זײַן אייגענער פרוי און זײַן אייגענעם קינד מיטן אַלטן שווער. נאָך דעם, ווי זי מיטן זויגקינד און דער טאַטע זײַנען אָפּגעזעסן פיר כאָדאָשים אין געפענקעניש, האָט די פּאָליציי זיי צוגעשטעלט צו דער גרענעץ. אָט טאַקע הײַנט איז עס געשען. אָבער די גרענעץ איז געווען פאַרהילט אין אַ שווערן נעפּל, און זיי האָבן געבלאָנדזשעט אין וועג. דער שטאַרקער רעגן האָט זיי פאַריאָגט אַזש אַהערצו. זוכנדיק אַ באַהעלטעניש, האָבן זיי אַרײַנגעטראָפן אַהער אין שטוב...

הינדאַ (אַזוי הייסט די פרוי) האָט עס אַלץ דערציילט מיט אַ מאָנאָטאָנער שטים, גלײַך זי וואָלט געכאָלעמט אױף דער וואָר. פון מאָל צו מאָל האָט זי געווענדט איר בליק צום פינצטערן פענצטער־צו און געקוקט אױפן הימל, ווי זי וואָלט געזוכט אַ באַשטעטיקונג פאַר אירע רייד. פון אָנהייב האָט דער אַלטער באַשטעטיקט אַלץ, וואָס זי האָט דערציילט, מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, אָבער דערנאָך איז ער אַנדרעמלט געוואָרן, אַדורכגענומען מיט דער וואַרעמקײַט פון גלײַכן איי־וועלע. „און אַזוי זײַנען מיר פאַרבליבן אָן אַ היים, שוואַכע און גערודיפטע, קיינער דאַרף אונדז ניט האָבן. אַלע באַציִען זיך צו אונדז, גלײַך מיר וואָלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שעדלעכע ווערעם, אַזוי וועלן מיר אויך שטאַרבן, און קיינער וועט אױף אונדז קיין ראַכמאָנעס ניט האָבן".

הינדאַ איז אַנשוויגן געוואָרן. אַ שווערע שטילקײַט האָט אָנגעפילט דאָס צימער. דאָס זויג־קינד האָט זיך אַ ריר געטאָן אין די אָרעמס פון דער מוטער און געלאָזט צו הערן אַ שוואַך קעלכל. אין דרויסן האָט דער רעגן געפּויקט אין אַ בלעכענעם טאָוול. דער זאָקן האָט אַ זיפץ געטאָן, אופגעהויבן זײַן קאָפּ און אַ פרעג געגעבן: „וויפל איז איצט דער זייגער?" סאָרע האָט אים אָפּגעע־ענטפערט: „שוין פאַר באַגינען". דאַן האָט דער אַלטער זיך געווענדט צו זײַן טאָכטער: „הינדאַ, מיר דאַרפן שוין גיין". נאָר סאָרע האָט זיך אָפּגערופן: „וווּהין וועט איר גיין אין אַזאַ פינצטערער נאַכט? וואַרט צו ביז ס'וועט ליכטיק ווערן". דער זאָקן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „מיר קאָנען ניט, מיר קאָנען ניט פאַרבלײַבן. לויטן געזעץ זײַנען מיר שמוגלערס. און אויב מיר וועלן זיך פאַרהאַלטן בא אײַך אַ ביסל לענגער, וועט עס אײַך פאַרשאַפן גרויסע שוועריקײַטן. מיר דאַנקען אײַך פאַר אײַער גרויסהאַרציקײַט". אַ ווײַלע איז ער אַנשוויגן געוואָרן און דערנאָך ווײַטער פאָרגעזעצט: „מײַן זון איבראַהים פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז מיר קאָנען לעבן בעשאָלעם און אין ברידערשאַפט מיט די ייִדן. ווען אונדזערע מאַנהיגים האָבן נאָך דיר־יאַסין[1] גערופן צו אויסשעכטן די ייִדן, האָט מײַן זון געטײַנעט, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פאַרברעכנס פון אַ הײַפל מענטשן. דערפאַר האָבן אים די מאַנהיגים באַשולדיקט אין בעגידע[2] און אַרײַנגעשלײַדערט אין טפיסע. פון דאַן אָן האָבן מיר מער שוין ניט געהערט פון אים... איך צווייפל, צי מײַן זון איז נאָך צווישן די לעבעדיקע..." ער האָט פאַרענדיקט, אָפּגע־ווישט די נאַז מיטן ראַנד פון זײַן קופיע און זיך אופגעשטעלט אוועקצוגיין.

סאָרע האָט אײַנגעוויקלט אין אַ צײַטונג עטלעכע פּאָמעראַנצן, ברויט און עס אַרײַנגערוקט דעם אַלטן אין די הענט. ער האָט איר אָפּגעדאַנקט מיט אַ שוואַך צעבראָכן קאָל. אין דער שווערער פינצטערניש, וואָס האָט זיי אַרומגעהילט באַם אַרויסגיין אין דרויסן, האָט סאָרע ניט געקאָנט זען די גרויסע טרערן, וואָס דער זאָקן האָט אַראָפּגעווישט מיט זײַן צעשטשערבעטער האַנט.

צומאָרגנס האָט סאָרע זיך אופגעכאַפּט נאָך שווערע גרויליקע כאַלוימעס. זי האָט זיך אָפּ־גיך אָנגעטאָן און געקליבן זיך גיין אין דער שול. די צײַט האָט זיך דערנעענטערט צו אַכט. סאָרע האָט געדאַרפט מעלדן דעם שול־דירעקטאָר, אַז שמועל וועט הײַנט ניט קאָנען קומען צו דער אַרבעט.

דער טאָג איז אופגעקומען אַ שיינער און לינדער. פון דער ערד איז אופגעגאַנגען אַ פרישער אָנגענעמער רייעך. פון נאָענטן הינערשטײַג האָט זיך געטראָגן אַ פריילעכער קריי פון אַ יונגן האָן. באַם אַנדערן עק פון דער גאַס האָט זיך געזען אַ פור, אײַנגעשפּאַנט אין צוויי פערד. דער באַלעגאָלע האָט זיי געשלאָגן מיט דער בײַטש, און פון אונטער די רעדער האָבן אַרויסגעשפּריצט שטיקער בלאָטע. סאָרע האָט זיך געהאַלטן בא דער זײַט פון וועג, קעדיי אַדורכצולאָזן די פור.

— שאַלאָם, סאָראַ! — האָט זיך אָפּגערופן יִצכאָק דער פורמאַן. ער איז געווען אַ דעמאָבי־

[1] — אַן אַראַביש דאָרף, ווו די פאַשיסטישע לײַט האָבן אויסגעשאָכטן די גאַנצע באַפעלקערונג פון קליין ביז גרויס; [2] — פאַראַט.

ליזירטער זעלנער מיט א זון־געשפרענקלט פּאָנעם. — הײַנטיקע נאַכט זײַנען דערהאַרגעט געװ־אָרן צװײ שמוגלערס. מע זאָגט, אַז דאָס זײַנען געװען איבערגעטאָנענע שפּיאָנען.

— װוּ?

— דאָרט, ניט װײַט פון אײלבערט־גאָרטן, — האָט ער געזאָגט, אָנװײַזנדיק מיט דער האַנט צום שול־בינין.

סאָרע האָט ניט געענטפערט און זיך אומגעקוקט. אין אײמע, ניט װיסנדיק פאַר װאָס, האָט ארומגעכאַפּט איר גאַנצן װעזן. לעבן פאַרקן פון שול־בינין האָט זי אָנגעטראָפן אַף א געזעמל מענטשן. א ביקס מיט אן אַרײַנגעשטעקטן באַגנעט האָט א גלאַנץ געטאָן אין די שטראַלן פון דער זון. איר בליק איז געפאַלן אַף צװײ גופים, אױסגעצױגענע אַף דער פײַכטער ערד. א ברענענדי־קער פאַרדאַכט האָט דורכגעשניטן איר דימיען... די דאָזיקע שמוציקע בעגאָדים... די דאָזיקע װײַסע באָרד... דאָס זײַנען דאָך הינדא און איר פאָטער... סאָרע איז געשטאַנען א פאַרגליװערטע און אַלץ געקוקט מיט אױסגעשטאַרטע מאַטע אױגן. די פרױ איז געלעגן אַף דער ערד. אירע אױגן זײַנען געװען אָפן, װי זײ װאָלטן אַרופגעקוקט צום הימל, און אירע הענט זײַנען געװען צונױפגעלײגט, גלײַך זי װאָלט עפּעס טײַערס אַרומגעאַרעמט. אירע קלײדער זײַנען דורכגעװײקט געװען מיט בלוט. דער זאָקן איז געלעגן אױסגעצױגן אָפן בױך מיט דער באָרד פאַרזונקען אין דער בלאָטע. פון דער אָפענער װוּנד אָפן רוקן האָט נאָך אַרױסגעפּלײצט דאָס בלוט. לעבן דער קופּיע האָט זיך געװאַלגערט א פעקעלע מיט צװײ פּאָמעראַנצן. אײנער פון די אַרומשטײענדיקע מענטשן האָט זיך אײַנגעבױגן און גענומען די צײַטונג.

— זעט נאָר, א העברעיִשע צײַטונג! װי עס שײַנט, האָבן זײ געפּלאַנט צו אַנטלױפן פון לאַנד. די יאַרדאַנישע שפּיאָנען־אַגענטור װעט דאָרטן װאָרטן אומזיסט, — האָט ער געזאָגט און אַרױסגעשאָסן מיט א קורץ געלעכטער. א צװײטער צושױער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און עפּעס אן אומפאַרשטענדלעכן װאָרטשע געטאָן. א דריטער מענטש איז געקומען צו־זיך פון דער ער־שטער איבעראַשונג און דײַטלעך אַרױסגעקרעכצט:

— אומגליקלעכע... אומשולדיקע קאָרבאָנעס...

— װוּ איז דאָס זױגקינד? איז געװען מיט זײ א זױגקינד?! — האָט סאָרע אױסגערופן און דער קאָפּ האָט איר געשװינדלט. א מענטש מיט א רױטן קאָפּ האָר האָט געפרעגט:

— פונװאַנען װײסט איר, אַז עס איז געװען מיט זײ א זױגקינד?!

סאָרע האָט געװאָלט דערצײלן װעגן די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט, נאָר זי האָט זיך באַהערשט און, קוקנדיק אַף דער געהאַרגעטער פרױ, געענטפערט:

— זי איז א זױגנדיקע. אװדאי איז געװען מיט איר א זױגקינד. זעט נאָר, װי עס רינט נאָך דאָס מילך פון אירע בריסט. — מער האָט זי ניט געהאַט קײן קױעך צו רײדן און איז אַװעקגע־לאָפן צו זיך אַהײם.

פאַרנאַכט איז שמואל געקומען אַהײם. דערזעענדיק דאָס אױסגעצערטע געזיכט פון זײַן פרױ, האָט ער זיך אַלײן באַרױקט מיטן געדאַנק, אַז דאָס האָט זײַן אָפּװעזנהײַט אַזױ שלעכט מאַשפּיִע געװען אַף סאָרען. ער האָט דעריבער געפרוּװט זי צעשטרײען, קעדײ אומצוקערן איר די פרײלעכע שטימונג. שטײענדיק אַנטקעגן שפּיגל, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איך האָב געלײענט אין דער צײַטונג, אַז צװײ שמוגלערס זײַנען געהאַרגעט געװאָרן אַף דער גרענעץ פון אונדזער דאָרף. פאַראַן א סװאָרע, אַז דאָס זײַנען געװען שפּיאָנען. — ער איז געװען פאַרנומען מיט א קנעפּל פון העמד, װאָס האָט געהאַלטן באַם אַראָפּפאַלן, און ניט באַ־מערקט, װי זײַן פרױ איז געװאָרן װײַס, װי קאַלך. זי איז געשטאַנען אַנטקעגן פענצטער, מיט די אױגן פאַרשטאַכן אין װײַטן האָריזאָנט. ברײט אױפגעריסענע, האָבן אירע אױגן דורכגעשפּיזלט די לופט, ניט זעענדיק די פרײלעך־פינקלדיקע שטערן. אירע אױערן האָבן ניט געהערט דאָס קװאַקען פון די זשאַבעס אין נאָענטן זומפּ און אַפילע ניט די שטים פון איר מאַן, װעלכער האָט זיך געבעטן באַ איר צומאַכן דאָס פענצטער צוליבן צוגװינט, װאָס האָט זיך אַרײַנגעריסן אין צימער.

סאָרע האָט גאָרנישט ניט געהערט...

איבערגעזעצט פון אַראַביש — ש. ט.



1 — געװירקט.



## דאָרע באַראַנאָווסקי

געבוירן אין 1921 אין באַגוסלאַוו (אוקראַינע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1955.

# פרילינג

צי הערסטו, ווי ס'קלינגען פון פרילינג די טענער
אין וואלד און אין פעלד?
צי הערסטו, ווי ס'רוישן אין ווינטן די פענער
בא אונדז אף דער ערד?

עס שפּראָצן שוין גראָזן
און בלומען זיך ציִען
צום הימל אַרויף,
און פייגעלעך־מענגעס,
צום צאַפן זיי פליִען —
פאַרלאָזן מײַן הויף —

צו היימען,
ווו פראַסטיקע ווינטערן האָבן
פאַרטריבן זיי ווײַט, —

זיי בענקען
און זינגען פון בענקשאַפט די לידער. —
ס'איז פרילינג, ס'איז צײַט...

אוי, ווו נעמט מען פליגלען? —
מײַן בענקשאַפט די אלטע
פונסנײַ זיך צעוויינט:
איך וואָלט מיטגעפלויגן
מיט פייגעלעך פרײַע
צוריק צו מײַן היים.

---



## מייער פאַקנטרעגער

געבוירן אין קאַליש (פוילן). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1929.

# באַם שפּיגל...

אין שפּיגל האָב איך זיך דערזען —
א שטאלטנער הירש —
דערזען די דורכגעפלויגענע, ווי פײַל פון בויגן,
פערציק יאָר...
די אקסלען מײַנע קרעפטיק־יונג
און פריש דער בליק,
פונקט ווי א לויטערער קאַיאַר.
און שטארק בין איך נאָך, ווי א דעמב
אין וואלד.
און שיין איז מײַן געשטאלט.
מײַן טראָט איז אלץ נאָך גרינג —
א אינד,
וואָס נעמט דעם העכסטן בארג —
מיט לויף,
מיט שפּרונג,
אריבער אלע טיפסטע טיפן, אומעטום,
און ס'הארץ אין מיר אלץ זינגט:
אין פערציק יאָר ארום
כ'וועל זײַן נאָך אזוי שטארק,
כ'וועל זײַן נאָך אזוי יונג,
ווי הײַנט
באַם שפּיגל...

---



## כאווע סלוצקא־קעסטין

געבוירן אין 1900 אין ווארשע. געענדיקט דעם פילאָסאָפיש־
פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט פון ווארשעווער אוניווערסיטעט.

# אין די באַנעקע־טעג

מיט א לײַכט געמיט האָט זי זיך הײַנט געזעצט צום איבערבײַסן. מיריאָם האָט גע־האט עפּעס אזא פריידיק געפיל, אז, אָנהייבנדיק פון הײַנט, פארקערעוועט איר לעבן, דאָס לעבן פון א פיר־און־צוואנציקיאָריק מיידל, וואָס האָט ערשט מיט פיר יאָר צוריק אײַנגעוואנדערט אין לאנד, אין א נײַער ריכטונג. עפּעס א קליינקײַט? הײַנט, נאָך לאנגע כאדאָשים פון אָפּקלאפּן די שוועלן פון דער לישקאס־אווידאָ[1], גייט זי ענדלעך דעם ערשטן טאָג צו דער ארבעט! וויפל ביטערנישן, קרענקונגען און אנטוישונגען זײַנען פאר־בונדן מיט דעם דאָזיקן טאָג, אָבער אויך מיט וויפל האָפענונגען און דערווארטונגען אף א נאָר־מאל מענטשלעך לעבן...

מיריאָם שפּרינגט ארײַן אין פולגעפּאקטן אווטאָבוס; זי טאָר ניט פארשפּעטיקן צו דער ארבעט. הײַנט איז דאָך איר ערשטער טאָג! מיט קויעך שטופּט זי זיך אדורך אין געדראנג, שטייט קימאט אף די שפּיצפינגער און האלט זיך אָן אין לעדערנעם רימען, וואָס איבערן קאָפּ, קעדיי ניט ארופצופאלן מיטן גאנצן געוויכט פון איר קערפּער אף די מיטפאָרער. זי קוקט זיך ארום: יונגע טיימענער מיידלעך, נאָך קינדער קימאט, פאָרן מאסנווײַז צו די פארמעגלעכע שכונעס פון דער שטאָט אָנצודינגען זיך אף שטוב־ארבעט. די טיימענקעס האָבן ארומגעבונדן די קעפּ מיט ראשיק־קאָלירטע, אָראנזשעווע, רויטע און געלע טיכלעך, וואָס א פרעמדע מאָדע האָט זיי ארײַנגעבראכט אין לאנד אינמיטן ברענענדיקן זומער. ערשט ווינטער איז די דאָזיקע מאָדע דערגאנגען אויך צו די טיימענער שכונעס. מיט זייערע קלינגענדיקע קעלכלעך און יונגן געלעכטער איז פול דער גאנצער אווטאָבוס, און מיריאָם אליין האָט שטארק כיישעק אײַנצושליסן זיך אין דער אלגעמיי־נער אופגעלעבטקײַט... זי וואָלט וועלן ארײַנלאָזן זיך מיט עמעצן אין א שמועס, טיילן זיך מיט וועמען־עס־איז מיט איר פרייד. איר האָט זיך אזוי שטארק געגלוסט צו דערציילן, אז פון הײַנט, טאקע פון דעם דאָזיקן שיינעם, וואונדערלעכן פרימאָרגן, וועט זי געפינען צוריק די רעכט אף איר אייגן לעבן, אז מענאשע איר שטיפפאָטער וועט שוין מער ניט האָבן קיין שליטע אף איר גוירל. דאָס אלץ זעט איר שוין איצט אויס אזוי ווײַט, ווײַט...

אמשווערסטן פלעגט איר זײַן דעמלט, ווען ער, מענאשע, פלעגט אין די שטיקנדיקע כאמ־סין־טעג[2] א צעבראָכענער און מידער קומען פון פאָרט אהיים. א בייזער פלעגט ער איז אָנטועכץ א פאל טאָן אפן בעט און אָנהייבן צו שילטן אף וואָס די וועלט שטייט, דעריקער אָבער אָנפאלן אף איר, מיריאָמען, גלײַך זי וואָלט שולדיק געווען אין זײַן שווער לעבן.

— אזא גרויסע מויד און האָט נאָך ניט כאסענע! בא אונדז אין איראק וואָלסטו שוין אוואדע געניאנטשעט אייניקלעך. אף וועמען וואַרטסטו? אָן עפּענדי זאָל דיך עפּשער אויסכאפּן? שוין ניט געפונען קיין שענערע פון דיר... נו, רייד א וואָרט, וואָס האָסטו פלוצלינג באקומען די שטומעניש?

— ראָכל, — פלעגט זיך מענאשע א נעם טאָן צו דער מאמען, — עפּשער ווייסטו, וועגן וואָס דײַן טעכטערל כאָלעמט, הא? דער סולטאן פון טויזנט און איין נאכט איז פארבליבן אין באגדאד, ראָכל, ער האָט דאָרטן שענערע פרינצעסנס פון דײַן מיריאָמל, כא־כא...

די אָרעמע דערשלאָגענע מאמע שטימט צו, אז עס איז שוין די רעכטע צײַט פאר איר מיריאָ־מען כאסענע צו האָבן, אָבער דאָס פלעגט נאָך מער אופרייצן מענאשען:

— ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אזא זאך? אנדערע מיידלעך געפינען זיך א וועג צו א לײַכט לעבן, און זי וואָס? אָט כאָטשבי די דעיזי...

[1] — ארבעטס־ביוראָ; [2] כאמסין — הייסער מידבער־ווינט.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען נעכטן. געווען! הײַנט איז דער ערשטער טאָג פון איר אייגן זעלבשטענדיק לעבן. מיט אומגעדולד וואַרט זי שוין אַף דער מינוט, ווען זי וועט דערפאָרן צו איר אַרבעט.

ווען דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן דרײַפערטל אַף אַכט, איז מיריאָם אַריבערגעטראָטן די שוועל פון בינין און אַרײַנגעגאַנגען אין זעלביקן צימער אַפן צווייטן שטאָק, ווו די בלאָנד־אויסגעפוצטע ליאַלקעוואַטע פרײַלן פון ביוראָ האָט זי מיט אַ פּאָר טעג צוריק געהאַט אַרײַנגעפירט באַווײַזן איר אַרבעטספּלאַץ.

— שאַלאָם, כאַווערא![1] — האָט באַגעגנט זי אַ מאַן, וואָס איז אַרײַנגעקומען מיט אַ פּאַק העל־גרינע טאָוולנע טעקעס, פון הינטער וועלכע עס האָט זיך קוים אַרויסגעזען זײַן געזיכט. דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַריבער די זעכציקער, מיט אַן אָנגענעם קלוג פּאָנעם, מיט אַ פּאָר פריילעכע אויגן.

— לאָמיר זײַן באַקאַנט: מײַן נאָמען איז כאַנאַן. איך האָב אײַך געבראַכט אַ באַרג מיט אַרבעט. באַלד וועט אַרײַנקומען דער ווירטשאַפטס־פאַרוואַלטער אַדאָן יִיסראַעל און געבן אײַך די נייטיקע אָנווײַזונגען, און טאָמער וועט אײַך זײַן עפּעס ניט קלאָר, טאָ ערגערט זיך ניט, איך בין שטענדיק דאָ אין דער נאָענט.

און מיריאָם האָט אין דער שטים פון דעם דאָזיקן עלטערן מענטשן דערפילט עפּעס אַזאַ וואַרעמקײַט און דערבײַ אויך אַן אומרו, צי וועט זי זיך אַן אייצע געבן מיט דעם דאָזיקן שטאָס פאַרשטויבטע פּאַפּירלעך. ווי גוט איז איר געווען צו פילן, אַז גלײַך באַם אָנהייב פון איר נײַעם לעבן האָט זי אָנגעטראָפן אַף אַ פרעמדן מענטשן, וואָס ווינטשט איר גוטס און זאָרגט וועגן דעם, אַז זי זאָל מאַצליִעך זײַן אין איר אַרבעט.

טאָדאַ, טאָדאַ ראַבאַ[2], — האָט זי מער געענטפערט מיט די בליקן, ווי מיט איר מויל, ווײַל קיין רעגע האָט ניט גענומען און הינטער אירע פּלייצעס האָט אַ קלונג געטאָן אַ צווייטער „שאַלאָם!“ — דאָס איז אַרײַנגעקומען דער אָדן יִיסראָעל.

— אײַער אַרבעט איז אַ גאַנץ פּאָשעטע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויסשפּראַך, גלײַך אונטערן צונג וואָלט אים געלעגן אַ קאַרטאָפל. — דאָס, וואָס איר זעט אין די טעקעס, זײַנען בריוו, דאָקומענטן, כעזשבוינעס אַאַוו. איר דאַרפט אויסאָדערן יעדן דאָקומענט לויטן זאַכלעכן קענצייכן... איר פאַרשטייט... צוויִטנס... — ער האָט פאַריכט די גאָלדענע פּענסנע אַף זײַן לאַנגער דאַרער נאָז, געגלעט מיטביידע הענט די גראָווע זילבער־גלאַנציקע האָר אַפן קאָפּ און, פאַרטראַכטנדיק זיך אַ ווײַלע, ווײַטער גערעדט: — יאָ, צוויִטנס, יאָ, — האָט ער זיך דערמאָנט, — קוידעמקאָל לויט די יאָרן אין די טעקעס גופע, און דאָ האָט איר ליידיקע טעקעס. נאָך דעם, ווי איר וועט דאָס אַלץ ענדיקן און אוועקלייגן אַף די פּאָליצעס לויט די סימאָנים, — איר זעט? דאָ זײַנען פּאַנאַנדערגעקלעפּט צעטעלעך, — וועט כאַנאַן אַרײַנברענגען נאָך מאַטעריאַל, זיי זײַנען שוין אַ ביסל פאַרשטויבט, די טעקעס. עפּעס אַ קלייניקײַט, 12 יאָר וואַרטן זיי שוין אַף אײַך, — ער האָט אָנגעשטעלט אַף מיריאָמען אַ פרעגנדיקן בליק און כאַנאַן האָט אונטערגעזאָגט: „מיריאַם כאַרוזי“, — קיין, קיין[3], מיריאַם כאַרוזי, די דאָזיקע פּאַפּירלעך. כאַנאַן וועט אײַך אַרײַנברענגען באַלד אַ כאַלאַט און אַ שטויבטוך און זאָל אײַך די אַרבעט גרינג זײַן, שאַלאָם.

* * *

ווען מיריאָם האָט געענדיקט איר ערשטן טאָג אַרבעט, האָט די ווינטער־זון געהאַלטן באַם פאַרגיין. בייס זי האָט פאַרלאָזט דאָס אַרכיוו־צימער און זיך געקליבן גיין אַהיים, האָט אין גאַנצן בינין געהערשט אַ טויטע שטילקײַט. זי האָט זיך אַפילע געוווּנדערט, וואָס דער איינציקער מענטש, וועמען זי האָט באַגעגנט, איז געווען כאָנאָן. ער איז געזעסן באַם אַרײַנגאַנג לעם אַ טישל און אַף איר „שאַלאָם“ האָט ער עפּעס אַזוי פײַערלעך געענטפערט: שאַלאָם, שאַלאָם, כאַג סאַמייאַך![4]“.

„וואָס פאַר אַ כאַג, וואָס פאַר אַ יאָמטעוו איז הײַנט? — האָט זי זיך געוווּנדערט. — עפּשער מיינט ער איר ערשטן טאָג אַרבעט?“ — אַוואַדע! — האָט זי קימאַט אויסגעשריִען פון גרויס סימכע. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צום גליק, האָט קיינער פון די דורכגייער ניט געהערט דעם אויסגעשריי, וואָס האָט זיך איר אַרויסגעריסן פון דער ברוסט. דאַן האָט זי זיך געכאַפּט, אַז הײַנט איז דער ערשטער טאָג כאַנעקע, און עס איז איר אויך קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס די באַאַמטע האָבן הײַנט געאַרבעט בלויז אַ האַלבן טאָג. עס האָט זי אָבער ניט געאַרט דאָס, וואָס קיינער האָט איר בייס דעם מיטיק ניט צו וויסן געגעבן, אַז די אַרבעט האָט זיך געענדיקט. פאַרקערט. עס׳איז דאָך אַ

[1] — גוט־מאָרגן, כאַווערטע; [2] — אַ שיינעם דאַנק; [3] — יאָ, יאָ; [4] — אַ פריילעכן יאָמטעוו.

יוישער, אַז זי זאָל אַ ביסל מער אַרבעטן, ביז זי וועט זיך צוגעוווינען און אַרײַנוואַקסן אין איניען. די ערשטע שאָען האָט די אַרבעט זיך עפּעס געצויגן צו לאַנג, זי האָט אַפילע אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי זי וועט ביכלאָל קענען אַרויספּלאָנטערן זיך פון דעם באַרג פאַרלעגענע דאָקומענטן און דריבנע פּאַרגעלטע פּאַפּירלעך. זי האָט זיך דאָך שוין געהאַט אָפּגעוווינט פון ביוראָ־אַרבעט. בא דער שווערער מי אַפן שאָסיי, אין פּאַרדייס[1] קריכן אַרויס די אַלטע געוווינהײַטן פון קאָפּ.

איצט איז זי אַ יאָמטעוודיקע געגאַנגען אַהיים מיט אַ געפיל, אַז זי האָט גיט אומזיסט אַדורכגעלעבט דעם טאָג. מיט לײַכטע טריט האָט זי זיך אַרײַנגעגאָסן אין דער רוישיקער שפּאַצירנדיקער מאַסע, וואָס האָט זאָרגלאָז־יאָמטעוודיק פאַרפּלייצט די דיזענהאָף־גאַס.

אַפן ברייטן רונדיקן פּלאַץ האָט די יוגנט געטאַנצט אַ הוירע[2] אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פון האַרמאָניסטן און אַרומיקן אוילעם. דער פאָנטאַן האָט געשפּריצט מיט קרישטאָלענע סטענגעס וואַסער, אין וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פײַערן פון אַ גרויסער כאַנעקע־מענוירע. אַלץ איז געווען אַזוי וווּנדערלעך שיין באַגאָסן מיט אַ ווייכער ליכט, ווי בא איר, מיריאָמען, אַפן געמיט... די געזאַנגען און מוזיק האָבן זי באַגלייט די גאַנצע צײַט אַפן וועג אַהיים. אַפילע ווען זי האָט זיך שוין געהאַט דערווײַטערט פון דער רוישיקער דיזענהאָף־גאַס, האָט נאָך אַלץ בא איר אין האַרצן זיך געצויגן אַ פריידיקער יאָמטעוודיקער ניגן. אַלץ האָט איר איצט אויסגעזען אַנדערש, אַפילע אירע קלעמענישן אין דער היים, אַפילע מענאַשע איר שטיפפאָטער. אויך אַף אים האָט זי געפונען אַ זכוס, זי האָט אַף אים באַקומען ראַכמאָנעס און אים מויכל געווען אַלע דערנידעריקונגען און באַליידיקנדיקע רעמאָזים וועגן דער מעשונעדיק־פאַרפודערטער דעיזי... צי זעט זי ניט, ווי אים, מענאַשען, איז שווער אויסצוהאַלטן אַזאַ געזינד, קיין אײַנהאָרע זאָל ניט שאַטן! וואָס פאַר אַ וווּנדער — אַזויפיל קינדער, אַזויפיל הונגעריקע מײַלער, וואָס שלינגען אײַן די נישטיקע פּיירעס פון זײַן שווערער מי, ווײַל, אייגנטלעך, וואָס ברענגט ער דען אַהיים, נאָך די אַלע אַראָפּרעכענונגען פאַר די שטײַערן, קופּאַס־כוילים[3] אוקעדוימע?

עפּעס קומט לעצטנס פאַר מיט מענאַשען, טראַכט מיריאָם מיט באַומרויִקונג. זי דערמאָנט זיך פלוצלינג אָן דעם, וואָס מענאַשעס מיטאַרבעטער האָט איר דערציילט מיט עטלעכע טעג צוריק. בעשאַסמײַסע האָט מיריאָם, האָבנדיק אַפן שטיפפאָטער אַ בייז האַרץ, ניט געלייגט קיין צו גרויסע אַכט דערויף, אָבער איצט האָבן יענעמס ווערטער אָנגעיאָגט אַף איר אַ קאַלטע אַנגסט...

— עפּעס איז מיט מענאַשען ניט קעשורע. איז ער ניט קראַנק? היט אים, מיריאָם! דעם לעצטן כאָמסין געדענקסטו? ער איז געקומען ניט אין דער צײַט, נאָך די רעגנס. די שיף פון שוועדן האָט פאַרשפּעטיקט. מיר האָבן אין פּאָרט געוואַרט־געוואַרט, היס איז געווען, און מיר אַלע זײַנען געווען פול מיט פאַרדרוס צוליב דעם, וואָס מיר וועלן זײַן געצוווּנגען צו וואַלגערן זיך אַ גאַנצע נאַכט אין וואַרטעניש אַף דער שיף. איך גיב אַ קוק: מײַן מענאַשע זיצט, די הענט אַראָפּגעלאָזט צווישן די פיס, ווי צוויי שטיקער האָלץ... זײַן קאָפּ זינקט אַראָפּ. „מענאַשע, — זאָג איך אים, — כאַפּ אַ טרונק וואַסער“... — און מענאַשע שווײַגט, ער שילט אַפילע ניט, דאָס איז ניט לויט זײַן טעווע. דו פאַרשטייסט, מיריאָם? עפּעס איז דאָ ניט קעשורע, מענאַשע אַ שווײַגנדיקער, אָן אַן איינציקער קלאָלע, איז שוין עק וועלט!..

ער איז מיד, האָט מיריאָם אַ טראַכט געטאָן. און ווער ווייסט, עפּשער האָט ער כאַראָטע געהאַט, וואָס ער האָט דאָס ערשטע מאָל אויפגעהויבן אַף מיר אַ האַנט?.. ווען ניט די מאַמע און די געשרייען פון די קינדער, ווער ווייסט, צו וואָס עס וואָלט דערגאַנגען. אָבער זי, מיריאָם, האָט אַף אים ניט קיין פאַריבל איצט. פאַרקערט, זי וואָלט אַפילע געקאָנט צוגיין צו אים און אים זאָגן אַ גוט וואָרט אויך. זי האָט דאָך שוין הײַנט געאַרבעט, וועט אין שטוב אויך זײַן אַ ביסל גרינגער; אין צווייען צו שלעפּן דעם יאָך איז דאָך לײַכטער...

מיריאָם האָט פאַרגיכערט אירע טריט. אין די הײַזער איז מען שוין געזעסן בא די כאַנעקעטישן און דער רייעך פון לאַטקעס האָט אַ קיצל געטאָן אין די נאָזלעכער. זי האָט דערפילט אַ הונגער. און ווען זי איז אַרײַנגעקומען אין שטוב, איז איר די מאַמע געלאָפן אַנטקעגן מיט מענאַשעס אַ בעגעד אין האַנט, וואָס זי האָט געהאַלטן אין פאַריכטן.

— נו, מיריאָמל, ווי איז עס דיר געגאַנגען?

— גוט, מאַמע, — האָט זיך מיריאָם געטוליעט צו איר ברוסט. — איך בין שטאַרק הונגעריק, גיב עסן, מאַמע, כ'וועל דיר אַלץ דערציילן...

ראָכל איז אַרײַן אין קיכל און אין אַ ווײַלע אַרום אַרופגעשטעלט אַפן טיש די טעלערס און אַ צופרידענע אונטערגערוקט דער טאָכטער דאָס עסן.

— אָט, זעסטו, טעכטערל, הײַנט האָבן מיר אַ טאָפּלטן יאָמטעוו: דעם ערשטן טאָג כאַנעקע און דעם ערשטן טאָג פון ריינער, לײַטישער אַרבעט... איך האָב זיך אַ ביסעלע אָנגעשטרענגט;

---

[1] — פּרוכט־סאָד; [2] — אַ יִיסראָעל־טאַנץ; [3] — קראַנקן־קאַסע באַם פּראָפאַריין.

עמעס, מיט רײַז און מיט פּאָמידאָרן איז ניט געווען שווער, אָבער מיט א שטיקעלע הון אף יאָמ־טעוו... פּארשטייסט שוין, אָבער עס האָט געלוינט די מי, און די קינדער האָבן געלעקט די פינ־גער. אזא מיטיק, ווי איך פלעג אמאָל מאכן אין דער אלטער היים...

— ס'איז געשמאַק, מאמע, טויזנט טאמען, טאקע ווי אמאָל.

— נו, טאָ עס זשע, מײַן קינד, געזונטערהייט און זאָל דיר ווויל באקומען. זאָרג ניט, וועסט נאָך האָבן א ליכטיק מאזל, און דײַן טאטע אין גאניידן פארגעסט ניט... דו זעסט דאָך!

די מאמע האָט אָפּגעהאקט און זיך אוועקגעזעצט ווײַטער צו דער ארבעט. זי פלעגט קיינמאָל ניט וועלן פארפירן קיין שמועס וועגן יענע צײַטן, ווען איר ערשטער מאן האָט געלעבט, ווײַל טיף אין זיך האָט זי געטראָגן א שולד לעגאבע אירע קינדער, זי האָט צוליב זיי ניט געטאָרט כאסענע האָבן מיט אזא מאן, ווי מענאשע...

* * *

הײַנט איז זי געווען נאָך גליקלעכער, ווי נעכטן. מיריאַם האָט דערפילט א פעסטן באָדן אונטער די פיס. שוין דאָס אליין, וואָס זי האָט געדארפט אופשטיין צו דער ארבעט, האָט איר צוגעגעבן עפּעס א געפיל פון זיכערקײַט; אזא געפיל קאָן באזיצן מיסטאָם בלויז דער מענטש, וואָס האָט נאָך א לאַנגער צײַט ארומגיין באָטל צוריק באקומען א ציל...

מיריאָם האָט איבערגעביסן, אָנגעטאָן זיך און ארויס פון שטוב, מיט גיכע לײַכטע טריט איז זי אוועק צום אווטאָבוס.

— האלאָ, מערי! — האָט זי דערהערט הינטער זיך א שטים. זי האָט זיך אומגעקוקט און דערזען דעם שווארץ־געקרײַזלטן הויכוווקסיקן „דייוויד". א שמייכלענדיקער, ווי שטענדיק, האָט ער אין די שמאָלע הויזן און אין דעם פארביקן העמד אויסגעזען, ווי אויסגעשניטן פון אן אמערי־קאנער קינאָ־זשורנאל... זײַן הילעך און זײַן גאנצע באנעמונג, די פעך־שווארצע גלאנציקע האָר פארקעמט ארויף, די לענגלעכע פייעס און די שווארצלעכע וואָנצעס, וואָס שנײַדן זיך ערשט ארויס אף זײַן דינער ליפּ, האָבן איידעס געזאָגט אף אזא מין שפּילעוודיקער לײַכטקײַט, וואָס איז אייגן א טייל פון דער יוגנט אין לאנד.

— היי, כאוויוואטי¹, ווו ביסטו עס פארפאלן געוואָרן די לעצטע צײַט? — האָט דאָוויד איר אָנגעכאפּט באַם אָרעם.

— איך האָב געקראָגן ארבעט, דייוויד.

— איז דעריבער וואָס? פארגעסט מען שוין אינגאנצן, אז מען איז כוץ דער ארבעט אויך א מענטש, מערי? איך זוך דיך שוין ארום א שיינע פּאָר טעג און ניט מע זעט און ניט מע הערט!

— וואָסי, האָסט זיך אזוי שטארק פארבענקט נאָך מיר? — האָט מיריאָם א כיינעוודיקן פינטל געטאָן מיט די אויגן.

— טאקע יאָ, מערי, זיך פארבענקט, וואָס, מע טאָר ניט? בעלי צכאָק!² כעוורע האָט באַ־שלאָסן צו מאכן א קומזיץ³ דעם לעצטן טאָג כאנעקע, בא עטין דער דזשינדזשעכע אין צריף⁴, דו ווייסט שוין. וויל איך, מיר זאָלן גיין צוזאמען, גוט?

— איך ווייס ניט, דייוויד, ווי עס וועט מיר אויסקומען, — האָט מיריאָם אים ארײַנגעקוקט אין זײַנע פארשאָטנטע קוילן־אויגן, גלײַך זי וואָלט וועלן נאָכאמאָל זיך דערגרונטעווען צו דער נעשאָמע פון דעם דאָזיקן באָכער. עפּעס האָט זי מוירע פאר דער לײַכטקײַט זײַנער, פאר די פרעמדע ייִנגלשע מאנירן...

— „איך ווייס ניט, איך ווייס ניט", — האָט ער א בייזער איבערגעקרימט אירע ווערטער. — עפּשער וועסטו שוין אופהערן אמאָל מיט דײַנע פאנטאזיעס, מערי? ניט אנדערש, אז דו קלײַבסט זיך צו ווערן א נעזירע, ניט אנדערש! אלזאָ, וואַרף אוועק די קונצן און קום זיך א ביסל צע־שטרייען. אלע וועלן דאָרט זײַן, די גאנצע כעווורעסע, מע וועט באקן לאטקעס און מאכן א לעבן. גוט, וועסט קומען?

— עפּשער.

— ניט עפּשער, נאָר געוויס! נו, מערי?

— גוט.

— איז אויב אזוי, אָ'קיי, מערי. פארגעס ניט דעם אדרעס.

זי האָט קוים באוויזן א מאך צו טאָן מיט דער האנט „שאלאָם" און איז ארײַנגעשפּרונגען אין דעם אָנגעקומענעם אווטאָבוס.

---

¹ — מײַן ליבע; ² — אָן א געלעכטער; ³ — א סודעלע; ⁴ — באראק.

* * *

דארף דען א מענטש האָבן א סאך, קעדיי צו זײַן גליקלעך? אָט האָט זי, מיריאַם, געקראָגן א לײַטישע ארבעט אין ארכיוו פון דער שטיין־פאבריק און אלץ האָט זיך איבערגעביטן, ווי דורך א מאך מיט א צויבער־שטעקעלע. זי האָט אָנגעהויבן צו קוקן אַף דעם ארום מיט אנדערע, מער פריילעכע אויגן, און מערער פאר אלץ האָט זיך געענדערט איר שטובּיק לעבן, גרינגער געוואָרן. די מאָרעשכוירע פון די פיר ווענט איז ווי אויסגערונען. די שווארצע שאָטנס צווישן איר און איר שטיפפאָטער זײַנען אזוי ווי ניט געווען. ווײַל, אייגנטלעך, וואָס קאָן זי האָבן צו מענאשען, אז מיט זײַנע צען פינגער דארף ער מעפארנעס זײַן צען נעפאשעס. ווען מע וואָלט אויסגעשטעלט אין דער ריי אלע שיך, וואָס ער דארף פאר דער מישפּאָכע, וואָלט זיך שוין באלד באקומען מער, ווי בא קאסריִעלן דעם שוכקרעמער דאָ אין דער שכונע...

עמעס, זי העלפט צו דער מאמען אין שטוב, אָבער פון דעם ווערט ניט מער אין שיסל. די מאמע איז א פארהאָרעוועטע, א מידע, מיט אייביקער זאָרג אין אירע גרויסע מאנדל־אויגן. א נעץ פון קנייטשן האָט זיך צעלייגט אַף איר גוטמוטיקן געזיכט אונטער אירע שווארצע זײַדענע האָר. מיריאַם וווּנדערט זיך אַף זייער פרישקײַט, ווײַל אלע פרויען אין איר עלטער פארבן די האָר אַף א געלן קאָליר, וואָס נאָך א שטיקל צײַט קריכן זיי אָפּ.

דעיזי, איר יינגערע שוועסטער, זאָגט, אז זי האלט בא כאסענע האָבן. זי קומט אָפּט אהיים מיט עלעגאנט־פארפאקטע זעקעלעך נאשערײַען פארן קליינוואָרג. יעדעס מאָל טראָגט זי ארײַן עפּעס אן אופרודערונג אין שטוב; דער רויש פון אירע רײַכע קליידער באומרוִקט מיריאַמען. עפּעס א רייעך פון אן אנדער וועלט... אין אזעלכע רעגעס קלאמערט זי זיך שטארקער ארום אירע זיכרוינעס, וואָס זי טראָגט אין זיך; אין די זיכרוינעס פון דער יוגנט געפינט זי קויעך און אויסדויער — די ניט פארשאָטנטע שײַן פון איר יוגנט־ליבשאפט...

דער אָוונט־ווינט האָט זיך אײַנגעשטילט, נאָרוואָס האָט אופגעהערט גיסן דער רעגן. זי האָט ליב אין אזעלכע נאָכרעגן־שאָען ארומצוגיין איבער די גאסן, ארײַנעטעמען אין זיך די קילע פײַכטקײַט און צוִען ווײַטער אירע מאכשאָווס; נאָך א טאָג ארבעט באם טיש איבער די פאר־שטויבטע פאפירלעך גייט זיך אזוי גרינג און אָנגענעם איבער די גאסן, ניט געײַלט, טראָט נאָך טראָט. וואָס מיינט טאקע דער דייוויד? א פלירט, א ווערטל, א טאנץ און דאָס אלץ? ווי ווערט עס אים ניט מיִעס און לאנגווײַליק די דאָזיקע שפּיל אין „האָליוווּדער קינאָ־סטארס“? א שאָד, טראכט זי, וואָס זי האָט פארגעסן צו פרעגן דייווידן, וואָס וויל ער מיט דעם זאָגן, אז זי זאָל ניט קוקן אין הימל? ער ווייסט ניט, ווײַל ווי קאָן אזא איינער וויסן, אז זי האָט איר אייגענעם הימל אין זיך... און טוט זי א קוק ארײַן אין איר אייגענעם הימל, ווערט איר אי שטארק ווארעם, אי שטארק אומעטיק... וויפל וואָלט זי געגעבן איצט, ווען זי זאָל כאָטש נאָך איין מאָל קאָנען א קוק טאָן אַף אים, אַף סאָלאָמאָנען! ווו איז ער איצט? צי קלערט ער נאָך וועגן איר, מיריאַמען? צי לעבט ער נאָך אַף דער דאָזיקער ערד, וואָס ער האָט געוואָלט ניט אנדערש, ווי איבערמאכן!

אוי, סאָלאָמאָן, באָכערל מײַנס! נאָך איצט הערט זי זײַן לויטער־קלינגענדיקע שטים, פול מיט גלויבן אין דער גערעכטיקײַט... גערעכטיקײַט. צי האָט ער שוין געפונען דאָרטן די גערעכ־טיקײַט? ארום זײַנען געוואקסן טליִעס בא נורי־סאִידן אין דער מעדינע, און זי פלעגט זיך בעטן בא אים: יאַ־כאוויוויִ[1], געדענק, האָב ראכמאָנעס אַף זיך אליין, אַף מיר. ווענט האָבן אויערן...

מיריאַם באשולדיקט ניט סאָלאָמאָנען, פארוואָס ער איז ניט מיטגעפאָרן מיט איר קיין יִסראָעל. ער האָט געהאט צוויי ליבעס אין הארצן: זי און זײַן אידיי. און די צווייטע ליבע איז געווען שטארקער... ווען זי האָט אים דערציילט, אז זי האָט באשלאָסן צו פארלאָזן באגדאד, האָט ער זיך פארקוקט אין דער ווײַט און א טרויער איז אופגעקומען אין זײַנע אויגן:

— אזוי, מײַן טײַבעלע, פליסט אוועק, און אונדזער נעסט, וואָס וועט זײַן מיט איר?..

הײַנט פארשטייט זי סאָלאָמאָנען בעסער, ווי דעמלט. ער האָט ניט געקאָנט האנדלען אנ־דערש, ווי ער האָט געהאנדלט, אָבער א וואנט האָט זיך געשטעלט צווישן זיי אַף אייביק. אַף אייביק? בא איר אין הארצן איז די וואנט שוין פון לאנג צעפאלן... און דייוויד וועט זײַן אָרט קיינמאָל ניט קאָנען פארנעמען. אין דעם איז זי זיכער!

* * *

ווען מיריאַם האָט זיך געקליבן גיין אהיים, האָט באם ארײַנגאנג זי אָפּגעווארט כאָנאָן, א פרײַנטלעכער און צעשמייכלטער, ווי אלעמאָל.

— זאָגט נאָר, כאווער כאנאן, איך בעט אײַך! פונוואנען האָט איר גלײַך אין ערשטן טאָג פון מײַן ארבעט געוווּסט מײַן פולן נאָמען און אויך מײַן פאמיליע־נאָמען? איך האָב עס אײַך שוין לאנג געוואָלט פרעגן.

---

[1] — מײַן ליבער!

כאַנאַן האָט זיך צעלאַכט:

— בא אונדז זײַנען ניטאָ קײן סודעס, כאַווערא מיריאַם כּאַרוזי! אַלץ ווייסן מיר, אויב עס איז נייטיק צו וויסן. באַזונדערס, אויב מע דאַרף א מענטשן אַרויסהעלפן מיט וואָס מע קאָן... און איר זײַט דאָך א פריש פּאָנעם בא אונדז, דאַרף מען זען, אַז איר זאָלט ניט אָפּשנײַדן קײן אוולע. וואָס, ניט עמעס?

— עמעס, עמעס, כאַווער כאַנאַן, איך האָב גלײַך דאַן דערפילט א פרײַנטשאַפט אין אײַערע רייד, טאָדא ראַבא, דערפאַר פרעג איך אײַך טאַקע, מיט וואָס האָב איך עס פאַרדינט אַזא מין אופמערקזאַמקײַט?

ניט בלויז איר, כאַווערא, ניט בלויז איר. איר דערמאָנט זיך עפּשער דעם באַאַמטן, וואָס האָט אײַך אַרויסגעהאָלפן, ווען איר זײַט געקומען זוכן אַרבעט?

— יאָ, געוויס, איך געדענק, אַזעלכע זאַכן פאַרגעסן זיך קײנמאָל ניט.

— נו, איר זעט, טאַקע דער זעלביקער מענטש האָט מיך געבעטן אײַך איבערגעבן, אַז פאַר אײַער אַרבעט אין די כאַנעקע־טעג דאַרפט איר באַקומען מער ווי פאַר א געוויינלעכער אַרבעט א גאַנץ יאָר. כאַנעקע אַרבעט מען א האַלבן טאָג און מע באַקומט באַצאָלט פאַר גאַנצע אַכט שאָ. פאַר די פיר שאָ נאָך מיטיק קומט אײַך צו באַצאָלן טאָפּלט.

— בעעמעס?

— יאָ, יאָ, פאַרגעסט ניט וועגן דעם באַם אָפּרעכענען זיך.

— וועל איך דאָך, כאַווער כאַנאַן, שטאַרק רײַך ווערן! וואָס גייט עס אַזוי אין לעבן דעם דאַזיקן גוטן מענטשן, איך זאָל ניט לײַדן קײן אוולע?

— א שײַלע דאָס איז, כאַווערא מיריאַם! ניט איר זײַט די ערשטע און מיסטאַם אויך ניט די לעצטע. ווי אײַערע אויגן זעען, בין איך שוין א יונגערמאַנטשיק אַריבער די זעכציק און דער באַלע־באָס האָט מיך שוין לאַנג געוואָלט אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט. האָט אונדזער גוטער מאַלעך, דער דאָזיקער באַאַמטער, וועלטן אײַנגעלייגט, אַדוואָקאַטן געבראַכט, אין היסטאַדרוט געקלאַפּט אין די טישן, ביז ער האָט זיי אַלעמען אײַנגעביסן... און איך אַרבעט ווײַטער.

— א וווּנדערלעכער מענטש, האַלעווײַ א סאַך אַזעלכע, ווי ער, און עס וואָלט זיך א ביסעלע גרינגער געלעבט, — האָט אָפּגעזיפצט מיריאַם. פאַר אירע אויגן איז אופגעקומען סאַלאָמאָן... איר טײַער, איר איינציק באָכערל, אויך ער וואָלט די נעשאָמע אוועקגעגעבן פאַר א צווייטן. מיט אים וואָלט זי זיך געוויס אַן אייצע געגעבן קעגן אַלץ און אַלעמען...

— איז געדענקט זשע, כאַווערא, פאַרגעסט ניט דאָס, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט. עס וועט אײַך זיכער צוניצקומען.

— טאָדא, טאָדא, כאַנאַן, שאַלאָם!

* * *

דער אָדן אַרליק איז געזעסן באַם שרײַבטיש, א שטײַפער, אַן אַנגעצויגענער, און עפּעס קאַלטס און פרעמדס האָט אַראָפּגעקוקט פון זײַן פּאָנעם. די דינע ליפּן זײַנע האָבן אין די ווינקלען זיך פאַרענדיקט מיט שאַרפע אײַנשניטן. קאַלט און גלײַכגילטיק האָט ער געזאָגט:

— מיר האָבן אײַך גערופן, קעדיי אויסצודריקן אונדזער צופרידנקײַט מיט אײַער אַרבעט. זי איז דורך אײַך גוט און סאָליד אויסגעפירט געוואָרן און צו דער צײַט. גענוי, ווי מיר האָבן אויסגערעכנט. דערווײַל נייטיקן מיר זיך מער ניט אין אײַער מיטאַרבעט. א דאַנק. דעם כעזשבן וועט איר באַקומען באַם בוכהאַלטער און אין דער קאַסע וועט זײַן גרייט דאָס געלט.

מיריאַם איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן אַפן אָרט. דאָס איז פאַר איר געווען אַזוי אומדער־וואַרט, אַזוי אומגעריכט, אַז זי האָט אין דער ערשטער רעגע אַליין ניט געגלייבט אין דעם, וואָס זי האָט נאָרוואָס געהערט. אָבער א רעגע בלויז און ניט מער. אונטער אירע לאַנגע וויִעס זײַנען אָנגעפלאָסן טרערן, וועלכע זי האָט מיט קויעך אײַנגעהאַלטן, זיי זאָלן ניט אַראָפּשטראָמען אַף איר געזיכט. עס האָט זי געשטיקט אין האַלדז. איר האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועט זי אַרויס־פּלאַצן מיט א געשריי, אָבער זי האָט זיך באַהערשט. איר שטאַרקער ווילן איז איר אויך דאָס מאָל צו הילף געקומען. אין איר מויעך האָבן אַלץ דײַטלעכער און קלאָרער אויסגעשיילט זיך די ווער־טער פון אָדן אַרליק: „מיר דריקן אײַך אויס אונדזער צופרידנקײַט. א דאַנק".

„פאַרוואָס דאַנקט ער מיר? וואָס באַטײַט עס דער דאָזיקער „דאַנק"? וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? צו וואָס די גאַנצע שפּיל מיט א מענטשן, וואָס האָט געוואָלט, — ניין, ניט געוואָלט, נאָר טאַקע אָנגעהויבן א נאָרמאַל מענטשלעך לעבן? צו וואָס און צו ווען?"

אין ביוראָ האָט געהערשט אַזא שטילקײַט, ווי פאַר א שטורעם... אויך די מאַשיניסטן איז שטיל געוואָרן, אָבער מיריאַמען האָט זיך געדוכט, אַז איר אייגן האַרץ קלאַפּט עס איצט אַזוי, ווי־

די שרײַבמאַשין — טיק־טיק־טיק... און מיטאַמאָל, א קוק טוענדיק אפן אַדאָן ארליק און טרעפנדיק זיך מיט זײַן אַפּוואַרטנדיקן בליק, האָט זי ווייטעקדיק־קלאָר פאַרשטאַנען, אַז זי איז דאָ געוואָרן איבעריק, איבעריק און פרעמד, און אַז איר בלײַבט נאָר א קלאַפּ צו טאָן מיט דער טיר און אוועקגיין, יאָ, אוועקגיין וואָס גיכער פונדאַנען צו איר אייגענער היים, צום שטיפפּאָטער אירן, צו דער אַלט געוואָרענער פאַר דער צײַט מאַמען, צו אירע ברידערלעך און שוועסטערלעך, צו איר שוועסטער דעיזין... דאָרט, אין איר אָרעמער היים, „דאַנקט" מען ניט אַזוי... נאָר מע זאָגט, ווען מע דאַרף, דעם גאַנצן עמעס אין די אויגן, אָן אונטערשטעלן...

ערשט איצט האָט זי פולשטענדיק פאַרשטאַנען דעם פולן באַטײַט פון כאַנאָנס אַנצוהערע־נישן... יאָ, ערשט איצט, און זי ווייסט עס טאַקע באַלד טאָן, ווי ער האָט איר געראַטן: טאַקע איצט, דאָ אפן אָרט.

מיריאַם געדענקט שוין ניט, ווי לאַנג זי האָט זיך געקעסעקט מיט אירע געדאַנקען און גע־פילן. פּלוצלינג האָט זי דערהערט איר אייגענע א ביסל געדעמפּטע שטים:

— אַדאָן ארליק, נו, און וואָס איז מיטן אַפּצאָל פאַר די אויבערשאָען?

— מיריאַם כאַרוזי, איך מיין, אַז דאָ איז עפּעס א מיספאַרשטייעניש... וואָס פאַר א אויבער־שאָען? ווי מיר איז באַוווסט, האָט איר געאַרבעט נאָרמאַלע אכט שאָ א טאָג, — האָט ער אָן אַנגע־צונדענער א זאָג געטאָן. — און אויב איר האָט אַפילע געאַרבעט מער ווי עס באַדאַרף צו זײַן, איז עס אָן אונדזער וויסן... און מיר האָבן אַף דעם ניט פאַר...

— ניין, אַדאָן ארליק, — האָט זי אים האַסטיק איבערגעשלאָגן, — איך האָב ניט געאַרבעט מער ווי אכט שאָ א טאָג... לעגאַמרע ניט, א שאָד אײַער טירכע! און דאָס, וואָס מיר קומט פאַר אַרבעטן אין יאָמטעוו, קאָן איך ניט און וויל ניט מעוואַטער זײַן, בעשום־אויפן ניט! און מיינט ביט, אַדאָן דירעקטאָר, — האָט זי פאַרענדיקט מיט א הויכער שטים, — אַז די, וואָס זוכן אַרבעט, פאַרשטייען גאָרניט...

ווען מיריאַם האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט זי מיט דאַנקבאַרקייט געטראַכט װעגן דעם גוטן, ליבן כאַוור כאַנאָן...

**י. סאַסאָן**

גערוירן אין איראַק. געענדיקט דעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון טעל־אַוויווער אוניווערסיטעט.

## זיי שרייַען אין מײַן שלאָף

עס מאַטערט מיך שוין מער ניט אין די נעכט די שרעק,
ווײַל די געשפּענסטער — כ'האָב גענוג זיי אין די טעג.
די ביינער אָבער... אָט די ביינער ביזן סאָף —
זיי שרײַען אין מײַן שלאָף,
אין כאַלעם כ'זע:
מײַן טאָכטערס הענטלעך ווײַס ווי קאַלך.
מײַן טאָכטערס ביינער — שטיקער קאַלך.
און נאָך איך זע, אַז פון מײַן פאָלק
די טויטע ביינער — פול אין טאָל,
צעווייט ביז שטויביקייט אין טאָל.

נאָר ניין! —
דאָס לעבן איז אַרײַן
אין ביינער־באַרג.
א לעבן פּלוצלינג איז אַרײַן...
א ליד דער פּײַן!
א ליד דער שײַן!

פון העברעיִש — פ. בינעצקי.

# ש. טאל



געבוירן אין 1910 אין דווינסק. אנגעהויבן זיך דרוקן אין דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער פרעסע פון פאלעסטינע, אין די צײַטן פונעם ענגלישן מאנדאט.

# יעפּעט קיידאָר

יעפעט קיידאָר. זײַן בערדל — קורץ און שיטערלעך, אדורכגעוואָרפן מיט זילבערנע פעדעם, די אויגן — ברוינע און שטראַליקע, דאָס גאנצע וועזן זײַנס — א ביינערדיקס, א באוועגלעכס, איבערגעצויגן מיט א טונקל־ברוינער הויט. בא דער ארבעט איז ער פלינק ווי א שעד — מיט זײַן פלײַסיקײַט איז ער צווישן די „דכאק"־ארבעטער[1] א יויציי דויפן[2] — צוליב דעם איז ער גאָר אָפט זויכע צו זידלערײַען און אפילע צו א שטאָרכע אין זײַט אויך. אָבער יעפעט קיידאָר גראָבט זיך ווײַטער דעם באָדן מיט זײַן קורצהענטלדיקער, ברייטער לאָפּעטע, ווי ניט אים מיינט מען עס, אלץ מיטן זעלביקן פלײַס.

— עסמא יא טיימאני[3], — שרײַט צו אים זאקי דער איראקער, — פארוואָס ביסטו אזא טעמבעל?[4]

יעפעט קוקט אים אָן מיט זײַנע טמימעסדיקע אויגן און פארענטפערט זיך:

— זאקי, איך קאָן אנדערש ניט ארבעטן, כ'בין דאָך ניט קיין קאַוואַ[5] און קיין פּראָטעקציע באם מענאהעל[6] האָב איך ניט, אזוי זאָל מיר גאָט העלפן! אָן ארבעטער בין איך און שוין.

— כאמאָר כאמאראטאים[7] איינער! פארוואָס יאָגסטו ארויס די נעשאָמע פון זיך און פון אונדז אלעמען, — בייזערן זיך די ארבעטער, — אין אל אבוק[8].

אָבער אין דער לישקאָ[9] איז יעפעטן אינגאנצן ניט צו דערקענען. צוויי לאנגע וואָכן אין כוידעש שטייט ער אין דער ריי צו דעם פארגראטעוועטן פענצטערל, ווי אָן אָני בעפעסאָך[10], געבעכדיק און אומבאהאָלפן.

— יא טיימאני[11], — טשעפעט זיך ווידער צו זאקי דער איראקער, — האָסט נאָך אלץ ניט קיין פּראָטעקציע? נאָך אלץ דער זעלביקער „דכאק"? איי! איי! איי!

גיט יעפעט א פינטל מיט די אויגן:

— ניטאָ קיין מאזל, יא כאוויוי[12], ניטאָ, אָבער האשעם יעראכעם.

שטעקט יעפעט קיידאָר דער טיימענער טיף אין דאכקעס און, ווי טויזנטער אנדערע זײַנס גלײַכן, מוטשעט ער קוים אדורך זײַן פארהונגערטן קיעם. יעדן פרימאָרגן פעדערט ער זיך צו זײַן פון די ערשטע אין דער לישקאס אווידאָ, עפשער וועט טאקע דער אייבערשטער ראכמאָנעס האָבן און צושיקן נאָך א טאָג ארבעט. הינטער די אָפּגעצוימטע פארטקעלעך זיצן באאמטע מיט פרעמדע, שטײַפע פענעמער, פארהארטעוועטע אין אָנבליק פון מענטשלעכעליידן, און רעגירן מיטן גוירל פון די ארבעטסלאָזע. א ראש און א געפילדער, ווי אין אן אופגערודערטן בינשטאָק.

ווי א פינצטערער וואָלקן דריקט אָף אים דאָס שווערע לעבן פון א דכאק־ארבעטער, וואָס איז פארמישפעט אָף צוועלף מאָגערע ארבעטסטעג אין כוידעש. שפאנט יעפעט מיטן שאָסיי, וואָס פירט צו דער מאאוואָרא, פארבײַ די לאנגע פאבריק־שאָפעס, וועלכע זײַנען אופגעקומען פאר זײַנע אויגן. ערשט דאָ ניט לאנג האָט דאָ געפּסטעוועט א פעלד מיט פארסארפעטע פון דער ברײַענדיקער זון שווארצע שטעכערס, און איצט, גיב א קוק, ווי עס האָבן זיך דאָ צעהודעט די פאבריקן, וואָס באשעפטיקן, בארעכהאשעם, קיין בייז־אויג זאָל זיי ניט געשען, הונדערטער מענטשן.

יעפעט דערמאָנט זיך: צוערשט האָט מען אופגעבויט די קארטאָן־פאבריק, נאָכדעם די אייל־און שאָקאָלאד־פאבריקן, און אָט ארבעט שוין אפן גאנצן דאמף מיסטער גוטהערצס „אמעריקא־

[1] — ארבעטסלאָזע, וואָס ווערן באשעפטיקט פאר א דריטל פון נאָרמאלן לוין; [2] — אויסנאם; [3] — הער נאָר, טיימענער (אראביש); [4] — גראָבער קאָפּ; [5] — א סטאביל־באשעפטיקטער ארבעטער, וואָס ארבעט מער ווי א יאָר; [6] — פארוואלטער, דירעקטאָר; [7] — אייזל־בען־אייזל; [8] — אין דײַן טאטן ארײַן (אראביש); [9] — ביוראָ; [10] — אָן אָרעמאן בא דער טיר; [11] — היי, טיימענער; [12] — מײַן פרײַנט.

נער סטאָליעריי״. אָ, וויפל אנטוישונגען יעפעט האָט שוין פאר דער דאָזיקער צייַט איבערגעלעבט! יעדע ניי־אופגעקומענע פאבריק איז דאָך א לעבעדיקע מאציייווע אף זייַנער א האָפענונג ארויסצודראפען זיך ווי־עס־איז פון נעבעכדיקן מייַמעד פון א דכאק־ארבעטער אין ייִסראָעל. וואָס האָט ער פון דער בויונג? אפילע ער זאָל זיך אויסציִען אין דער לענג און אין דער ברייט. דאָ אפן שאָסיי זייַנען די פאבריק־טויערן פאר אים, יעפעט קיידאָר, פארמאכט אף זיבן שלעסער.

די באאמטע אין דער לישקאס־אווודאָ האָבן פאר אים שטענדיק גרייטע טערוצים. איין מאָל זאָגן זיי, אז ער איז שוין צו אלט. א צווייט מאָל: ווארט צו, יעפעט, מיר זוכן פאר דיר עפּעס א צוגעפאסטע ארבעט. ייִמאך שמאָם מיט זייערע פוילע ארויסדרייעניש! ניט געקוקט אף זייַנע קנאפּע פערציק יאָר, פארשטעקט ער זיי דאָך אלעמען אין ארבל ארייַן. אדעראבע, זאָל מען אים אוועקשטעלן אף א פארמעסט מיט די פּראָטעקציע־מענטשן, וועט מען דאן זען, ווער — ווער — ווער!

ער ווינטשט ניט, כאָלילע, קיינעם קיין שלעכטס, זאָל אים דער, וואָס לעבט אייביק, אויסהיטן פון אזעלכע זינדיקע מאכשאָוועס. אָבער פאר וואָס קומט דאָס אים אָפּצופינצטערן א לעבן אלס פויעל־דכאק? דערפאר, ווייַל ער איז א טיימענער? און עפּשער, ווער ווייסט, איז ער גאָר אליין שולדיק אין זייַנע צאָרעס, צוליב זייַן האכנאָע און נידערגעפאלנקייַט? אָט וועט ער זיך אָנעמען מיט דרייסטקייַט און אראָפּברענגען אין דער לישקאָ זייַן ווייַב מיט די קינדערלעך, אויסזעצן זיך מיט זיי באם ארייַנגאנג... און יעפעט דערזעט זיך אין געדאנק, ווי ער ליגט א צעטראָטענער אפן דיל. די סאדראָנים[1] שלעפּן זייַן ווייַב פאר די האָר, זי שרייַט, זי קלאמערט זיך אין די פּיס פון די ארומשטייענדיקע מענטשן. די פּאָליציִאנטן הייבן אים אוף, ווי, לעהאוודל, א שערעץ־טאָמע[2], און שלייַדערן אים ארייַן אין א פארמאכטן אווטאָ, אים, זייַן ווייַב און די קינדערלעך — אין צאפּלדיקן קנויל...

א סאך מאָל איז אים שוין אויסגעקומען בייַצוזייַן אזעלכע סצענעס. אנומלטן האָט אלמאז דער אלזשירער געמאכט א סקאנדאל, מע זאָל אים געבן ארבעט, זייַנען זיך צוזאמענגעלאָפן צענדליקער מענטשן. אייניקע האָבן זיך צוגעקוקט מיט צאָרנדיקע בליקן, אנדערע ווידער, פארשווינען מיט זאטע, אָפּגעפרעסענע פארצעפּס, האָבן געצישעט ווי שלאנגען:

— קוקט נאָר אָן די דאָזיקע שווארצע כייַעס! אָט האָסטו דיר א קיבעץ־גאָליעס[3]...

געווען אויך אזעלכע, וואָס האָבן ארייַנגעשעפּטשעט א סאָד אין אויער, מיט א פילבאדייַטנדיק שמייכעלע אף די ליפּן:

— איר זעט דען ניט? זיי זייַנען דאָך אונטערגעהעצט פון די קאָמוניסטן!..

יעפעט טרייסלט זיך אָפּ פון די גרויליקע זוונגען. ער ווייסט, אז ער טויג זיך ניט צו סקאנדאלן. ער וועט ליבערשט אויסגיין פון הונגער, איידער צו נעמען אף זיך אזא בושע.

פּלוצעם קומט אים אוף אין קאָפּ אזא מין געדאנק: עפּשער זאָל ער אליין, אָן דער לישקאָ, פּרווון ס׳מאזל? אָט וועט ער ארייַנגיין אין איין פאבריק, אין א צווייטער, דערשלאָגן זיך צום אָדן האאמענאהעל און א זאָג טאָן אים שטיל מיט האכנאָע:

— יא אדאָני, דו זעסט מייַנע ביידע הענט? איך וועל מיט זיי ארבעטן פאר צוויי פּאָר... און דו וועסט מיר באצאָלן בלויז פאר איין פּאָר הענט. מאך א פּרווו, באלעבאָס, וועסט זען, אז עס וועט דיר לוינען דער אייסעק.

בא דעם געדאנק ווערט יעפעטן ווארעם אף דער נעשאָמע. ער האָט ניט דעם מינדסטן ספאָפעק, אז דער פאבריקאנט וועט זיך אָנכאפּן אין אזא מעציִע און לעקן פון אים, יעפעט קיידאָר דעם טיימענער, די פינגער. זייַן גרויסע צאָרע, אייגנטלעך, איז אין דעם, וואָס די באָסן ווייסן ניט, וואָס פאר א בעריע ער איז. יעפעטס מוסקולן לויפן אוף ווי בא א שווערער ארבעט...

ער קוקט ארייַן דורכן אָפענעם טויער פון דער „אמעריקאנער סטאָליעריי״ און זעט די ארבעטער זיצן גראָד באם אָנבייַסן. זיי ווארעמען זיך אף דער זון.

— אָט דאָס הייסט א לעבן! — שרייַט ער אויס צו זיך מיט קינע. שפּעטער א ווייַלע שטייט ער אנטקעגן א הויכגעוויקסיקן מאן אין א געפּרעסטן אָנצוג מיט א גלאט־ראזירטער גאָמבע. קוקט אים אָן דער מאן מיט א פארזשמורעטן בליק און גיט עפּעס א גאָרגל ארויס מיט מעשונעדיקן לאָשן:

— היי, יו, ניגער, וואט דו יו וואָנט?[4]

יעפעט פארשטייט ניט קיין איין וואָרט, נאָר ער שטאמלט ארויס:

— אוואָדא, יא אדאָני, אוואָדא! — און ער שמייכלט שעמעוודיק צו.

— או, יעס, אוואָדא, וועל, וועל! איי אנדערסטענד[5], — האָט דער מאן א שאָט געטאָן מיט קלאנגען, ווי מיט שטיקלעך אָפּגעשניטענעם בלעך...

---

[1] — אָרדענונגס־היטער; [2] — אומריינע באשעפעניש; [3] — ציִעניסטישער לאָזונג, וואָס באטייַט: אופזאמלען אלע ייִדן אין ייִסראָעל; [4] — היי, דו, נעגער, וואָס ווילסטו?; [5] — אָ, ארבעט, יאָ, איך פארשטיי.

יעפעטן ווערט עפּעס אומהיימלעך אנטקעגן דער דאָזיקער גאָרגלעניש. ער דערפילט זיך, ווי אויס מענטש, אויסגעטאָן נאַקעט. דער אָדן קנייטשט נאָך מער דעם נידעריקן שטערן און דער גראָבער ציגאַר טאַנצט אַרום צווישן די פעטע ליפּן פון איין ווינקל צום אַנדערן.

— וועל, — שרייַט ער ראַפּטום אויס. — אוואָדאַ?

— אַרבעט! — דערפרייט זיך יעפעט, — יאָ, יאָ, אוואָדאַ!

שפּעטער א ווײַלע האָט ער צו טאָן מיט א יונגנמאַן, וועלכער רעדט צו אים אף א היימישן העברעיִש מיט א סאַברעשן אַקצענט:

— יאַ טיימאַני, דו זעסט אָט אָ־דעם עווקאַליפּט־בוים? נעם און האַק אים אויס מיט די וואָרצלען. וואָס ווע־סטו נעמען פאַר דער אַרבעט? שנעל, יאַלאַ! פאָר אַרויס מיט לאָשן.

יעפעט שלינגט אַזש די שפּײַעכץ פון אומדערוואַרטונג. ער האָט זיך דאָך גאָר ניט געריכט, דעם עמעס זאָגנדיק, אַז עס וועט אים טאַקע געלינגען צו באַקומען אַרבעט דאָ אף דער פאַבריק. אָבער איין בליק אפן מעכטיק צעוואַקסענעם עווקאַליפּט האָט אים באַלד אויסגעניכטערט.

— יאַ אדאָן, — ענטפערט ער אָפּ. — איך בין גרייט. עס איז אַן אַרבעט ניט אף א טאָג און ניט אף צוויי. כוצדעם דאַרף מען האָבן קיילים.

— וועגן דעם זאָל דיר דער קאָפּ ניט דאַרן, אָט האָסטו א האַק מיט א זעג. אָבער מער גייט מיר גאָרניט אָן. אַרבעט א טאָג מיט א נאַכט, אפילע מיט צען שוטפים, ניט מײַן באָבעס אייסעק. נאָר געדענק, איך האָב בלויז מיט דיר צו טאָן. ווי הייסטו?

— יעפעט קיידאָר.

— איז הער זשע, יעפעט: דער באָס גיט דיר א מייע פאַרן אויסהאַקן דעם בוים.

יעפעט שווײַגט. דער יונגערמאַן מעסט אים אָפּ מיט א באַפוילערישן בליק:

— און נאָך עפּעס זאָלסטו וויסן, יעפעט, טאָמער וועט דיר אײַנפאַלן איבערצורײַסן די אַרבעט, אפילע איין מינוט פאַר נעיִלע, וועסטו קיין פּרוטע ניט באַקומען. פאַרשטאַנען? און טאָמער צעקלאַפּסטו זיך א פינגער אָדער עפּעס אַנדערס, ביסטו אַליין אין דעם שולדיק... און איצט כאַסמע אונטער דאָס דאָזיקע צעטל, אַז דו ביסט מאַסקים צו אויספירן די אַרבעט, אַזוי ווי מיר האָבן דאָ אָפּגערעדט.

יעפעט קיידאָר גיט נאָכאַמאָל א קוק אפן עווקאַליפּט מיט זײַנע גליִענדיקע קוילן־אויגן און שאָקלט צו, אָן א וואָרט אַרויסצורײדן, מיטן קאָפּ.

— אָט האָסטו דיר א צענערל אפן כעזשבן. און איצט, יאַ קאַבלאָן, מאַרש צו דער אוואָדאַ!

— טאָדאַ, יאַ אדאָן, טאָדאַ ראַבאַ.

— און נאָך עפּעס, יעפעט, — גיט צו באַם פאַרענדיקן דער יונגערמאַן, — אויב דו וועסט זײַן א כעווּרעמאַן און גוט אָן אַרבעט טאָן, וועט דיר אונדזער באָס... ווייסט דאָך שוין, אַז א באָס קאָן אַלץ מאַכן: ער קאָן דיך אפילע מאַכן פאַר זײַן „דזשענעראַל־מענעזשער“, אויב נאָר דו וועסט געפינען כיין אין זײַנע אויגן. האָב איך ריכטיק געזאָגט, מיסטער גוטהערץ? כע־כע־כע...

אָ׳קיי! — גאָרגלט אַרויס דער באָס. — אָ׳קיי, יעס!

א שנײַדיקער פײַף פון דער פאַבריק־סירענע הייבט אוף די אַרבעטער פון זייער אָנבײַסן־פּאַוזע, און די לופט טאַנצט אוף אין מאַשין־גערויש.

אין דעם ליידיקן הויף בלײַבן איבער בלויז יעפעט מיטן עווקאַליפּט. שטייען זייביידע אויג אף אויג און קוקן זיך אָן. יעפעט פאַרײַסט זײַן קאָפּ צו דער גרין־בלעטערדיקער קרוין.

— הע־הע, — זאָגט ער צום עווקאַליפּט, אָבער מיינען מיינט ער עס זיך אַליין, זײַן איי־גענע צעכושטקײַט. — דו ביסט שוין איין מאָל א כעווּרעמאַן! אָט דאָס הייסט א גוואַר א בוים, צוויי פאָר הענט וועלן דיך ניט אַרומנעמען, און ווער קאָן עס דערלאַנגען צו דײַן גרין־געלאָקטן קאָפּ?

דוכט זיך אים, יעפעטן, אַז דער בוים שמייכלט אונטער צו אים מיט גרין־בלעטערדיקן כויזעק:

— עך, דו קליין טיימענל! אָט וועל איך דיך באַלד געבן א קלעם צו מיט מײַנע צווײַגן־הענט, וועסטו שוין א לעבעדיקער פונדאַנען ניט אַרויסקריכן. זײַ זשע ניט, דעריבער, קיין שויטע, איך בעט דיך איבער פאַר די רייד, און טראָג זיך בעסער אָפּ באַצײַטנס...

יעפעט שווײַגט. דאָס האַרץ פּאָכעט אין אים, ווי א ניט דערשאָכטענע טויב אין שויכעטס האַנט... און דער בוים לאַכט ווײַטער מיט זײַן גרין געלעכטער:

— כאַ־כאַ, טיימענער, אַנטלויף! איך בין פאַר דיר ניט קיין פּאַרטניאָר...

יעפעט כאַפּט די שווערע האַק אין דער רעכטער האַנט, מאַכט א קרײַז אַרום עווקאַליפּט און נאָכאַמאָל א קרײַז, אויסקוקנדיק ערגעץ־ווו א שוואַך אָרט א זעץ צו טאָן מיט דער האַק, גלײַך ער וואָלט וועלן טרעפן אין סאַמע ביימערשן האַרץ אַרײַן... אָבער דער עווקאַליפּט, ווי אַפּצולאָכעס, האָט ניט קיין איינציקן פּגאַם אף זײַן קרעפטיקן הילצערנעם לײַב. פינף צענדליק

יאָר איז ער דאָ געוואַקסן געזונט און גראָדליניק זיך געצויגן צו דער זון, אָן קיין שום מוירע פאַר א שטורעם, צי כאָלילע פאַר א האַק...

כאַ־כאַ־כאַ, — לאַכט וויַיטער דער בוים מיט זיַין רוישיקן בלעטערדיקן געלעכטער. — שויטע שעבאָוילאָם[1], האָסט זיך געלאָזט אריַינאַרן פון דעם אַמעריקאַנער. וואַרף אים צוריק אין פּאָנעם דאָס צענערל, זיַי אים מויכל דעם פאַרדינסט, זאָל ער זיך אַליין שטעלן אויף דיַין אָרט — א פּרוּוו טאָן מיט מיר זיַינע קויכעס...

ווירבלען אין יעפעט קיידאָרס קאָפּ די מאַכשאָוועס: איינער אַליין וועט ער דעם בוים סיַי־וויסיַי ניט אונטערזעגן, אַרויסשלעפּן אין דרויסן און אַרומהאַקן די שווערע צוויַיגן. איבער די קויכעס פאַר איין מענטשן בייַצוקומען אַזאַ גוואַר, אָבער ווער וועט איַינשטימען אריַינצוציִען מיט אים אין שוטפעס פאַר אַזאַ מאָגערער פּריַיז? און צוריק געשמועסט, צי מיינט מען דאַפקע אים, יעפעטן, דעם אָרעמען טיימענער, באַוואַלן?

לאָזט ער זיך ווידער גיין אין קאָנטאָר אריַין. דורך דער גלעזערנער טיר דערזעט ער דעם אָדן גוטהערץ, וועלכער דרייט זיך אויס צו אים אויף דעם באַוועגלעכן שטול:

— וואָס איז?

— יאַ אַדאָן, — שריַיט צו אים יעפעט אריַין פון דרויסן, — גיב מיר איינעם פון דיַינע פּויאַלים[2] צו הילף. פאַר איין מענטשן איז עס א ביסעלע צו שווער.

דער באָס שטעלט אָן אויף אים א פּאָר גלעזערנע אויגן, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס רעדט צו אים. א רגע האָט געדויערט, ניט מער ווי א רגע, אַז דער אָדן גוטהערץ גיט זיך עס א וואָרף, ווי עס וואָלט אים די ניכפּע געכאַפּט. זיַין קאַנטיק פּאָנעם ווערט פינצטער־גרוי פון אָנגעלאָפענער רישעס. דער נידעריקער שטערן האָט זיך אים צעקאַרבט אין דיקע קנייטשן און ער האָט געגעבן א בריל אַרויס:

— ניגער, געד אָפּ! שאַראַפּ!!![3]

גליַיך א ווינט וואָלט אים, יעפעטן, א שליַידער געטאָן צוריק צום עווקאַליפּט... די שווערע האַק האַלט ער אין דער רעכטער האַנט און דאָס צענערל אין דער לינקער, און עס דוכט זיך אים ווידער, אַז דער בוים רעדט צו אים:

— נו, יעפעטל, וואָס ערגערסטו זיך אומזיסט־אומנישט? גיי בעסער אַהיים און קוק אריַין אין הייליקן סייפער. עס שטייט דאָך דאָרט בעפיירעש געשריבן שוואַרץ אויף וויַיס: „א מענטש איז געגליכן צו א בוים אין פעלד“...

צעשריַיט זיך אין יעפעטס האַרץ א קאָל, פול מיט יִיעש. דאָס בידנע האַרצל זיַינס צאַפּלט, צאַפּלט, ווי אין נעגלדיקע לאַפּעס פון א כיַיע־ראָע: שעקער וועקאָזאָוו! א מענטש איז ניט קיין בוים אין פעלד! א מענטש מוז אַרבעטן, קעדיי צו פאַרדינען אויפן לעבן, א מענטש דאַרף עסן, קעדיי האָבן קויעך צו אַרבעטן, א מענטש קאָן ניט וווינען אין א מויזנלאָך אין דער מאַאַבאָרע, זיַינע קינדערלעך טאָרן זיך ניט וואַלגערן אין בלאָטע און פאַרוואַקסן ווערן מיט קרעץ! דער בוים אין פעלד, צי ווייסט ער פון די אַלע זאַכן?!

שוויַיגט דער עווקאַליפּט. זיַינע בלעטער רוישן, פול מיט גרינע מאַכשאָוועס. יעפעטס גע־דאַנקען שוועבן פאַרביַי, ווי די שוואַרצע קראָען... אין קאָפּ קלינגען נאָך אָפּ דעם יונגנמאַנס ווערטער: „ווּעסטו זיַין א כעווערמאַן און נויסע־כיין זיַין באַם באָס, וועט ער דיך מאַכן פאַר א...“ און באַלד דערנאָך דונערט אויף די שטים פון אָדן גוטהערץ: „ניגער, געד אָפּ!..“

די שווערע האַק גלאַנצט אויף דער זון און דער באַנקנאָט בריט אין די פינגער. וואָס זאָל ער טאָן? צוריקגעבן דאָס צענערל, אָדער עפּשער צעפּאָכען זיך מיט דער האַק?

* * *

אָן אויסגעהונגערטער טיימענער איז אַרויס אין א מילכאָמע קעגן א ריז אָן עקוואַליפּט־בוים. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט דויערט דער שטריַיט. די טעמפּע קלעפּ פון דער האַק הילכן אַריבער דאָס גערויש פון די מאַשינעס. דער באָדן אַרום דעם בוים איז צעגראָבן, די וואָרצלען אָפּגעדעקט. דער שטעך אַרום איז וויַיס פון שפּענער און פאַרוואַלגערט מיט לאַנגע שטיקער קאָרע. אָבער דער בוים שטייט נאָך אַלץ ווי פריִער, גליַיך ער וואָלט זיך אויסגעלאַכט, גראָדליניק און שטאָלץ ווי א סטרונע. זיַינע דיקע וואָרצלען זיַינען טיף, גאָר טיף פאַראַנקערט אין באָדן. ווּו נעמט מען קויעך אים בייַצוקומען?

מיסטער גוטהערץ איז צופרידן מיטן צופאַל, וואָס האָט אַהער געבראַכט דעם טונקלהויטיקן פּאַרשוין. מיד ווערנדיק פון די לאַנגע טעלעפאָן־געשפּרעכן און אַרומריַיסעניִשן מיט די אומ־

[1] — דו נאַר איינער; [2] — אַרבעטער; [3] — נעגער, אַוועק פונדאַנען!

דאנקבארע יִסרעיילים, וועלכע שאַצן ניט אָפּ ווי געהעריק זייַנע אינוועסטיציעס אין „ביניען־האָארעץ"[1], קוקט ער זיך צו פון הינטער דער גלעזערנער טיר פון זייַן ביוראָ, מיט גאָר גרויסער מעווינעס פון א ספּאָרטלער, צו דער מילכאָמע צווישן מיסטער דייוויד און מיסטער גאָליאַס[2] (זייַן לעצטער וויץ). ווי אַלע אַמעריקאַנער, איז ער ביז גאָר טשיקאַווע אַף אַלערליי ספּאָרט־פאַרמעסטונגען: ווער ווענען? אַלקאַלפאַנעם, דער „ניגער" ווייַזט ארויס א גרויסע ברייטקייַט. און דער מיסטער גוטהערץ באַשליסט אין זייַן גרויסוויליקייַט, אַז דער טיימענער איז ווי אַנגע־מאָסטן פאַר זייַן פאַבריק.

איין מאָל אין א פאַרמיטיק־שאָ, ווען יעפעט קיידאָר האָט, א דורכגעווייקטער פון שווייס, ארויסגעשלאָגן זיך פון די קויכעס באַם אונטערהאַקן די וואָרצלען, האָט דער בוים אָנגעהויבן צו טרעשטשען. דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן, אָבער דאָס איז געווען א טויטע שטילקייַט. א רעגע האָט געדויערט, ניט מער, און דער בוים האָט געטאָן א שווערן קרעכץ און איז אומגע־פאַלן מיט אַזא קראַך, אַז די ערד האָט אופגעציטערט. ווען די אַרבעטער זייַנען ארויסגעלאָפן אַפן הויף, האָבן זיי דערזען דעם עווקאַליפּט אויסגעצויגן אין זייַן גאַנצער לענג אַף דער ערד. די אונטערגעהאַקטע וואָרצלען, ווי איבערגעשניטענע פינגער, האָבן געסטאַרטשעט פונעם ריזיקן הילצערנעם באַרמינען און אין דער אופגעריסענער האַלב־פאַרשאָטענער גרוב האָט געצאַפּלט קוים א לעבעדיקער, פאַרקלעמט צווישן צוויי דיקע וואָרצלען, דער אָרעמער יעפעט קיידאָר דער טיימענער. ווען מע האָט יעפעטן אָפּגעגראָבן און אוועקגעטראָגן צום אַמבולאַנס, איז אים דער רעכטער פוס נאָכגעהאַנגען, ווי אַן אײַנגעבראָכענע צווייַג.

* * *

גאַנצע דרייַ כאַדאָשים איז יעפעט אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. די מישפּאָכע זייַנע האָט שוין געהאַט אופגעגעסן די לעצטע פאַרוואַלגערטע סקאָרינקעס אין זייער הילצערנעם באַראַק. אַפילע די הונגעריקע מייַז זייַנען זיך שוין צעלאָפן מיט א נעבעכדיקער פּישטשערייַ... די נויט האָט יעפעטן ארויסגעיאָגט פון בעט ארויס, אים אופגעהויבן און אוועקגעטראָגן אַפן וועג, וואָס פירט צום פאַבריק־געסל. גייט ער אַזוי, אונטערגעשפּאַרט אַפן שטעקן, וואָס ער האָט זיך אויסגעשניטן פון א צווייַג. פאַרבייַגייענדיק די „אַמעריקאַנער סטאָליערייַ", שטעלט ער זיך אָפּ באַם טויער איבערצוכאַפּן דעם אָטעם.

אַפן אָרט פון דעם ארויסגעגראָבענעם עווקאַליפּט שטייט שוין א מאַסיווע צווייִשטאָקיקע גע־בייַדע. יעפעט האָט דערזען דעם מיסטער גוטהערץ, אָן אָנגעלענטן אַף דער פאָרענטשע פון דער טעראַסע. די אַרבל פון זייַן שניי־ווייַסן העמד פאַרשאַרצט איבער די עלנבויגנס. פון דיקן ציגאַר אין זייַנע פעטע ליפּן קנוילט זיך א זילבערנער רויך, און אַלץ שייַנט אַראָפּ פון אים מיט זעטיקייַט און צופרידנקייַט. אָבער ווען זייַן בליק איז געפאַלן אַף יעפעטן, האָט זייַן נידעריקער שטערן אָנגעהויבן זיך צו קאָרבן אין טיפע קנייטשן.

— פונקט ווי דעמלט, הינטער דער גלעזערנער טיר, — דערמאָנט זיך יעפעט... — אָט, נאָך א רעגע און ער וועט א דונער טאָן: „ניגער!"

זיי קוקן זיך ביידע אָן — דער אָדן גוטהערץ מיט א פריקרער מינע און יעפעט אָנגעצויגן ווי א סטרונע. דער אָדן גוטהערץ רייַסט אָפּ זייַן בליק און פאַרוויקלט זיך אין א געדיכטן וואָלקן רויך פון ציגאַר. ער דרייט אויס זייַן ברייטע פלייצע און פאַרשווינדט הינטער דער טיר פון ביוראָ.

ווען דער אָדן גוטהערץ זאָל געווען זיך אומקוקן נאָכאַמאָל, וואָלט ער אַוודע אופגעצי־טערט געוואָרן פון געהענעמדיקן סינע־פלאַם, וואָס ער האָט אָנגעצונדן אין דעם „ניגערס" אויגן. אָבער דער אָדן איז ניט פון די, וואָס קוקן אַרייַן איינמאָל און נאָכאַמאָל אין די אויגן פון די אַרבעטער. יעפעט קיידאָר, דער גוטמוטיקער, שטענדיק רויקער, שטענדיק פלייַסיקער טיימע־נער, האָט אים בייז נאָכגעשיקט א ביטערע קלאָלע אַף אַראַביש... ער האָט שטייַף פאַרקלעמט דעם שטעקן אין זייַן האַנט, ווי דעמלט די שווערע האַק באַם אויסוואָרצלען דעם עווקאַליפּט, און אַוועקגעלאָזט מיט זייַן שטייַפן גאַנג דורכן פאַבריק־געסל, מיטן וועג, וואָס פירט צו דער לישקאַס־אַווודאַ.



---

[1] — אופבוי פון לאַנד (אין גענדזונפּיסלעך געמיינט איראָניש); [2] — דייוויד — דאָוויד־האַמעלעך, גאָליאַס — גאָליאַס־האַפּלישטי. ער פאַרגלייַכט איראָניש די מילכאָמע פונעם טיימענער מיט דעם עווקאַליפּט צו דער מילכאָמע פון דאָוויד־האַמעלעך מיט גאָליאַס־האַפּלישטי.




## סאלים דזשובראן

געבוירן אין 1941. מיטארבעטער פון א פראָגרעסיון יוגנט־ אָרגאַן אין דער אראבישער שפראך, וועלכער דערשײַנט אין ייִסראָעל.


# דעם אומגליק, וואָס ברענגט מילכאָמע

יעדע מילכאָמע לאָזט איבער נאָך זיך מיליאָנען געשיכטעס, וועלכע פארגעסן זיך נאָכדעם. אָט דאָס איז איינע פון זיי. וועגן איר דערציילט א פרוי...

צוויי יאָר אדורך,
ווי איך האָב אים געטראָפן.
ער האָט פארמאָגט א הארץ א גוטס,
פאר פראָסטע מענטשן אָפן.
די ליבשאפט האָט געשטראַלט
פון זײַנע אויגן,
און ווי א בליץ
איז ער צו מיר געפלויגן...
אין צוקונפט ווײַט האָט ער געקוקט,
געפילט פון צײַט די שטראָמען.
און שטענדיק אף די ליפן זײַנע
האָט געשוועבט מײַן נאָמען.
און וועגן זיך און פון זײַן דאָרף
ער פלעגט מיר אָפט דערציילן,
עס קאָן איין ווונד בא אים
ביז איצט זיך ניט פארהיילן:
דעם טאטן זײַנעם האָט די נויט
אין גרוב פארטריבן,
און ער איז איצט
אן עלנטער געבליבן.
— — — — — — — — — — — — — — —
— וואָס איז געשען?
פארוואָס אין דײַנע אויגן שטייען טרערן?
— ניט שרעק זיך, טײַערע,
כ׳וועל גיך צוריק זיך קערן
צו דיר, מײַן ווײַסע ליליע,
צו דיר אין נײַעם הויז...
די ליבשאפט צו דעם לעבן
שטארק בא מיר און גרויס,
זי וועט דעם טויט באזיגן, —
אזוי האָט ער געזאָגט
און איז אנשוויגן.

געקומען איז די שווערע שאָ
פארביידן —
ווי טרויעריק די רעגע
פון צעשיידונג!
ער איז אוועקגעפאָרן ווײַט,
אין סאמע פײַער,
און איך האָב שטארק געבענקט —
ער איז מיר טײַער...
— — — — — — — — — — — — — —
ער האָט זיך אומגעקערט... א טויטער...
די אויגן צוגעמאכט בא אים,
זיי וועלן מער ניט שטראַלן...
פאר וואָס, פאר וואָס איז ער
אין שלאכט געפאלן?
צעטראָטן איז זײַן שיינקײַט
און זײַן גוווּרע.
מיר האָבן אים באוויינט,
באוויינט אים און געבראכט צו קווורע.
נאָר איצטער קלאָג איך ניט,
ווײַל טרערן —
דאָס איז וואסער בלויז,
און ס׳וועלן טויטע
פון זיי לעבעדיק ניט ווערן.
צו מענטשן ערלעכע מײַן רוף:
שטייט אוף, שטייט אוף
באגראָבן די מילכאָמע!
גענוג יעסוימים און אלמאָנעס!
די ערד איז זאט פון בלוט,
גענוג פון אונדז קאָרבאָנעס!

ייִדיש — ש. טשערניאווסקי.

## ליטעראַטור און קונסט

ארן ווערגעליס

# די גאָלדענע קייט פון דער יִדישער ליטעראַטור



י גאָלדענע קייט פון דער יִדישער ליטעראַטור... שווער צו זאָגן, פאַרוואָס בא די דאָזיקע ווערטער טוט אַזוי א צאַפּל דאָס האַרץ: צי דערפאַר, ווײַל יעדערער פון אונדז וויל גלייבן, אַז אויך אים איז באַשערט א צי טאָן אָט די גאָלדענע קייט צום ווײַטערדיקן העמשעך, א פּוץ טאָן זי מיט אַן אייגן־אָריגינעלער שאַפונג; צי עפּשער גאָר דערפאַר טוט אַזוי שטאַרק דאָס האַרץ א צאַפּל, ווײַל ווער ווייסט ניט, אַז אין דער גאָלדענער קייט פון אונדזער ליטעראַטור פלעגט איין רינג צומאָל וואַרטן אַף דעם אַנדערן לאַנגע יאָרצענדליקער, ווײַל ס׳איז קימאַט ניט צו געפינען א צווייטע ליטעראַטור, וואָס זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, ווי די יִדישע.

אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר בא די ווערטער גאָלדענע קייט וועט אַוואַדע קיינעם ניט אײַנפאַלן זיך דערמאָנען דאָס ביסל מעטאַלענע גײַוועו, וואָס איידער זיך אַוועקלייגן אַף אַן אויסגעפּרעסטן קאַמזויל, קריכט עס פון איין קעשענקע אַרויס און אין דער צווייטער אַרײַן... אין אַזא גאָלד האָט עכטע ליטעראַטור זיך קיינמאָל ניט געפּוצט.

די גאָלדענע קייט פון דער יִדישער ליטעראַטור... ערשטע פאָלקסזינגער אַף מערק און כאַסענעס, שפּילמענער, ערשטע יִדישע איבערזעצונגען פון ריטערראָמאַנען און מיטלאַלטערלעכע פּאָעמעס... דערנאָך, אין סאָף פון XV יה. און אין דער ערשטער העלפט XVI קומט פון טיף דײַטשלאַנד, פון נוישטאַדט לעבן נירנבערג, עליא לעוויטא, וואָס צווישן יִדן האָט מען אים היימיש גערופן עלִיאָהו באָכער. דער גרעסטער קענער פון יִדיש־טײַטש, האָט ער אין גײַסט פון איטאַליענישן רענעסאַנס און אונטער דער דירעקטער האַשפּאָע פון דעם ענגלישן ראָמאַן געשאַפן זײַן באַרימט ווערק אין יִדיש — דאָס „באָווא־בוך״.

און עס נעמט זיך ציִען א גאָלדענע קייט. אָט ווערט זי, דוכט זיך, פאַרפאַלן, אָט פעלט א רינג, און דער גלאַנץ ווערט שוין שיר ניט א פרעמדער. נאָר ווידער טוט זי זיך א צי, ס׳ווערט מערער מיט א רינג, מיט נאָך א רינג, מיט נאָך און נאָך איינעם. ערשטע זוימען פון שעפערישקײַט פאַלן אַרײַן אין העלדן־עפּאָס פונעם „שמועל־בוך״ און אין דער נאַיִוו־ווײַבערשער צענעאורענע, — אין דעם קלוג־פאַרטראַכטן סייפער פון יאַנקעווייִצכאָק אַשקענאַזי פון יאַנאָוו, דעם סייפער, וואָס ווײַבער האָבן אים „געזאָגט״, ניט וויסנדיק, אַז באַם סאַמע אָנהייב פונעם „זאָגן״ כאַזערן זיי איבער אין פּראָסטן מאַמע־לאָשן א שורע פון דעם אומשטערבלעכן פּאָעטישן ווערק „שיר־האשירים״...

יִדיש באַקומט ערשטע זאַפטן אין די פאָלקסטימלעכע געשיכטעס און לעגענדעס פונעם „מײַסע־בוך״ און אין היסטאָרישן ווערק „יוסיפון״ (עס זעט אויס אַפילע א ביסעלע מאָדנע, וואָס אַזא מין בוך ענדיקט זיך מיט אָרטאָגראַפישע קלאָלים וועגן יִדיש...).

און אָט איז שוין דער ערשטער יאָרצענדליק פונעם XVIII יה. אַרן בען שמועל הערגערסהויזן — ס׳איז א נאָמען פון א פּאָשעטן יִשוּווניק! — האָט דער ערשטער אין זײַן בוך „ליעבלעכע תפילה אָדער גרעפטיגע אַרטצנייא״ אָנגערופן יִדיש — „מוטערשפּראַך״. זײַן בוך איז געדרוקט ניט מיט ווײַבער־טײַטש־שריפט, נאָר מיט אונדזער קוואַדראַט־שריפט. די קלייקווידעש האָבן אָט דאָס בוך אַרײַנגעלייגט אין כיירעם.

די גאָלדענע קייט פון דער יִדישער ליטעראַטור... אין אָנהייב איז דער כאַסידיזם געווען נאָענט צום פּראָסטן פאָלק, און דאָס האָט אַף דוירעס איבערגעלאָזט אינעם אוצער פון דעם פאָלקס פאַנטאַזיע די מײַסעס פונעם באַל־שעמטאָוו, פון נאַכמען בראַסלאַווער און יִצכאָק־לייב בערדיטשעווער. אָבער ס׳איז געקומען א צײַט פון דער יערידע פונעם כאַסידיזם, און די מאַסקילים זײַנען אַרויס די גערעכטע. גייענדיק אויפקלערן דאָס פאָלק, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך יִדישע ווערק פון גרויסן באַטײַט. אַקסנפעלד, עטינגער, גאָטלאָבער, גאָלדפאַדן, דיק, ליִנעצקי... די יִדישע ליטעראַטור איז אַרויף אַף די וועגן פון רעאַליזם. דער ווילנער מאַסקיל אײַזיק־מייער דיק האָט מיט זײַנע הונדערטער מײַסע־ביכלעך געשאַפן דאָס ערשטע מאָל א מאַסן־לייענער. עס האָבן זיך בא אונדז באַוויזן קימאַט אַלע זשאַנרען, וואָס א ליטעראַטור דאַרף האָבן. אויב נעמען, לעמאָשל, בלויז איין שרײַבער פון יענער צײַט — שלוימע עטינגערן — וועט איר בא אים געפינען, אַכוץ דער קאָמעדיע „סערקעלע״, פּרעכטיקע מעשאָלים און אויך לירישע, סאַטירישע און שטייגערישע לידער.

ווי ווײַט עס איז פון די שפּילמענער ביז דער פּלעיאַדע פאָלקסדיכטער פון די 60—70־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט — ביז בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, עליאָקום צונזער!.. זייער ווײַט איז צווישן אָט די צוויי פּאָעטישע רינגען פון דער גאָלדענער קייט. געדוכט האָט זיך, אַז אָט ווערט זי שוין פאַרפאַלן — עס פעלן אין איר א סאַך רינגען און דער גלאַנץ איז שוין שיר ניט אָפּגעווישט געוואָרן. נאָר די ליטעראַטור לעבט און עס ציט זיך ווײַטער די גאָלדענע קייט. און

אָט איז שוין א נײַער רינג — דער גרעסטער און סאמע
וואָגיקער פון אלע רינגען. א רינג, וואָס מיט אים איז
די קייט א קייט און די ליטעראטור א וועלט־ליטעראַ־
טור. דאָס איז דער רינג פון אונדזערע קלאסיקער:
מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ. דאָ
האָבן מיר שוין צו טאָן מיט דער העכסטער מאדרייגע
פון קינסטלערישן שאפן — אָן סקידקעס אף דער צײַט
און אף אנדערע שווערע מאָמענטן. אויב, לעמאָשל, בא
שאָלעם־אַלייכעמען אויסטײלן בלויז די קריטישע ארטיק־
לען זײַנע, „שאָמערס מישפּעט" און „דער ייִדישער דאלעס
אין די בעסטע ווערק פון אונדזערע פאָלקס־שריפטשטע־
לער", — זײַנען עס דען ניט קיין אופטוען פון א קריטי־
קער, וואָס האָט א מעכטיקן שטויס געטאָן די ליטעראטור
צו די הייכן פון רעאליזם? האָבן דען פּערעצעס קרי־
טישע עסייען ניט ארײַנגעבראכט די גרויסע שעפע פון
אידייען? און צי האָט ניט פּערעץ אופגעהויבן די ייִדישע
פּאָעזיע אף דער הייך פון קלאסיק? דאָ, אין דעם קלא־
סישן פּעריאָד, איז די גאָלדענע קייט שוין אזוי וואָגיק־
רײַך, אז א סאך רינגען, גרעסערע און קלענערע (ספּעק־
טאָרס רעאליסטישע פּראָזע, דינעזאָנס ליריש־סענטימענ־
טאלע שילדערונגען), פּאסן זיך ארײַן אין איר אזוי
אָרגאניש, אז זיי באהעפטן זיך קימאט אומבאמערקט.

דער רינג פון אלע רינגען אין דער טקופע, וועגן
וועלכער מיר ריידן, איז אָבער דער גרויסער דרײַלינג —
מענדעלע, פּערעץ, שאָלעם־אַלייכעם, און טאקע פריִער
פון אלעמען — ער, דער אָנהייבער, דער ערשטער, דער
„זיידע" מענדעלע מויכער־ספאָרים. מענדעלעס שאפן איז
א טיפער טײַך, וואָס פליסט רויִק און ברייט און איז
פול מיט ליכט און שאָטן. און באנײַען באנײַט זיך דאָס
וואסער טאקע פון דער סאמע טיפעניש, פון די זויבערע
קוואלן, באהאלטענע פון א זײַטיק אויג אין די שטיינער
אפן דעק. עס שפּיגלען זיך אָפּ אין אָט דעם טײַך אלע
„זעקס טעג פון דער ייִדישער וואָך"...

מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם און פּערעץ — די גרונט־
זײַלן פון אונדזער ליטעראטור — האָבן געשאפן די
ענציקלאָפּעדיע פונעם ייִדישן לעבן פון א גאנצער טקופע.

איך קלײַב זיך דאָ ניט, זעלבסטפארשטענדלעך, אקאַ־
דעמיש פיקסירן די שטרענגע כראָנאָלאָגיע, קאָמענטירן
דאָס, וואָס עס איז שוין גוט באוווסט דעם לייענער.
גייענדיק פון רינג צו רינג, קומען מיר דאָך איצט צו אזא
דערשײַנונג, וואָס שליסט זיך אָן אפילע כראָנאָלאָגיש צו
דער קלאסיק און דרינגט פון איר ארויס, — צו אונדזער
רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־דיכטונג. י.־ל. פּערעץ האָט
אין 1908, אף דער טשערנאָוויצער שפּראך־קאָנפערענץ,
נאָך דעם, ווי ער האָט אין זײַן רעדע אָנגעמאָלט די גרוי־
סע אופטוען פון די שרײַבער און דיכטער פונעם ביז־
קלאסישן פּעריאָד, געזאָגט: „נאָר פון דעם וואָלט נאָך
קיין ייִדיש, קיין ייִדישע שפּראך ניט געוואָרן. דאן בא־
ווײַזט זיך דער ייִדישער פּראָלעטאריאט און שאפט זיך
זײַן אינסטרומענט פארן קאמף פאר זײַן לעבן, זײַן אר־
בעטער־קולטור אף ייִדיש. דער ארבעטער באנוגנט זיך
ניט מיט טכינעס און טפילעס פון דער ווײַבערשער שול
און ניט מיט ווונדער־געשיכטן פון הינטערן אויוון אין
קלויז..." אין דער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער
ליטעראטור שמידן אויס זייער רינג די פּראָלעטארישע
דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי, דאָוויד עדעלשטאט, יוי־
סעף באָוושאָווער. דאָס האָבן זיי ארײַנגעטראָגן אין אונ־
דזער פּאָעזיע די שילדערונגען פון עקספּלואטאציע, אָרעמ־
קײַט און דאכקעס באם אופגעקומענעם קאפּיטאליזם, די
מאָטיוון פון קלאסנקאמף און ארבעטער־באוועגונג, די
מאָטיוון פון סאָציאַליזם. מאָריס ראָזנפעלד און אווראָם
רייזין זײַנען אויך געווען אין נאטירלעכער קרויוועשאפט
צו דער דאָזיקער מערקווירדיקער גרופּע פאָלקס־פּאָעטן.
רייזינס דעמאָקראטישע פּראָזע ווערט סאָציאַל פארשארפט
אין די מאָטיוון, וואָס עס האָט געבראכט מיט זיך אויך
ייִצכאָק־מייער ווײַסנבערג, דער ארבעטער לויטן אָפּ־
שטאם, וואָס קומט אין זײַן שרײַבערישן אָנהייב מיט
שילדערונגען פון א סוויווע, פון וועלכער עס זײַנען
שפּעטער ארויסגעקומען באוווסטזיניקע פּראָלעטאריער.
אין דער שאפונג פון אָט די שרײַבער איז שוין דאָ דער
אָנזאָג פון דעם, אז די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער
ליטעראטור וועט געזעצמעסיק איבערגיין אין די הענט
פון אירע פּראָלעטארישע שפּעטער. אזוי איז טאקע גע־
שען, כאָטש פון מאָל צו מאָל, אין מעשעך פון יאָר־
צענדליקער שווערע קלאסן־שלאכטן, האָבן פארשיידנ־
ערליי רעאקציאָנערע און רעאקציאָנער־געוואָרענע שרײַ־
בער זיך געמיט אָט די קייט, ווי א ביסל מעטאלענע
גײַווע, אוועקלייגן אף זייערע אויסגעפּרעסטע קאמזוילן...

און דאָ, גייענדיק ווידער לענגויס דער גאָלדענער קייט
פון דער ייִדישער ליטעראטור, קומען מיר צו אזא אָרט,
ווו די ווערטער „רינג" און „גאָלדענע קייט" קאָן
מען אָן שום צווייפל ארײַנעמען אין גענדזנפיסלעך. איך
האָב אין זינען די פוילע שוואָמען פון די רעאקציע־יאָרן
אין רוסלאנד, די אָפּגעסאמטע שוואָמען, וואָס האָבן דאָך
אין דער גינסטיקער פאר זיי צײַט זיך אזוי אופגעהויבן,
אז זיי האָבן שוין געמיינט מיט זיך צו פארקלאפּן דאָס
גראָז און די קווייטן — אלץ, וואָס שפּראָצט ארויס
פונעם באָדן. איך מיין דאָ אזעלכע שרײַבער, ווי דאָוויד
איינהאָרן, לעמאָשל, אא.

פארוואָס טוט איר איצט א שמייכל, ווען איך דערמאָן
דאָוויד איינהאָרנען? עס קומט אײַך אפן זינען זײַן פאר־
דינטער צונאָמען „עקס־פּאָעט"? איר דערמאָנט זיך די
אויוועבאָטלדיקע פּאָליטישעסקע ארטיקלען, וואָס איינ־
האָרן באקט הײַנט אין „פאָרווערטס", שעמענדיק זיך
דערבײַ מיט זײַן פון לאנג שוין פארגאנגענעם „פּאָעטישן
ייִכעס?" אָבער דאָך מוז איך אײַך דערמאָנען אין איינ־
האָרנס אמאָליקער אמביציע, ווען ער האָט זיך שיר ניט
צוגעשריבן די מאָנאָפּאָל אף דער גאָלדענער קייט. איך
טו עס, קעדיי העלפן צו פארשטיין די הײַנטיקע סיטואציע,
ווען א גאנצע כאָפּטע איינהאָרנס, וואָס זײַנען אף אויס־
האלט בא אָן אָרגאניזירטן פּאָליטישן קויעך, בא דער
אנטיסאָוועטישער רעאקציע, פּרווון רעקלאמירן זיך אלס
די נײַע יאָרשים פון דער גאָלדענער קייט...

---

נאָר וועגן דעם — שפּעטער. עס איז פאראן א די־
רעקטע נויטווענדיקײַט זיך ארויסזאָגן וועגן אייניקע
פּראָבלעמען, אין וועלכע עס איז, צום באדויערן, ארײַנ־
געטראָגן געוואָרן ניט ווייניק פּלאָנטער. לעמאָשל, די
פראגע, צי איז געווען אזא רינג אין דער גאָלדענער קייט,
וואָס האָט געהייסן ביאליק? קיינער לייקנט ניט, פאר־
שטייט זיך, אז עס איז געווען אויך א ייִדישער („זשאר־
גאָנישער") דיכטער כאַיִם־נאכמען ביאליק. דער לייענער
האָט מיט פארגאפונג געלייענט און איבערגעלייענט זײַנע
פּאָעטישע ווערק, די געשאפענע אין ייִדיש און די פון
אים אליין איבערגעזעצטע אין העברעיִש. נאָר אָט הייבט
זיך אָן איינע פון די אמיינסטן פארדריסלעכע מיספאר־
שטייענישן. פריִער פאר אלץ און מער פאר אלץ טרעפט

זיך א פעלער, וואָס איז ארויסגערופן דורך פּרימיטיוון אידענטיפיצירן העברעיִש מיט ציִוניזם... איצט, אין הײַנטיקע צײַטן, וואָלט אזא באַהויפּטונג אויסגעזען פּאַשעט לעכערלעך. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין יִשׂראל פירט איר ארבעט אף אלע דרײַ שפּראַכן פונעם לאַנד. אף העברעיִש קלינגט זייער גוט: „פּועלי כל הארצות, התאחדו!"[1]. אלעקסאַנדער פּען, כאַיע קאַדמאַן און נאָך און נאָך — זייערע ווערק אף העברעיִש זײַנען פּונקט אזוי אנטי־ציִוניסטיש, ווי אונדזערע ווערק אין יידיש. און דאָס, וואָס ביאַליק האָט מערסטנס געשריבן אף לאַשנקוידעש, איז גיכער א שפּראַך־פּראַגע, איידער אן אידייִש־פּאָליטישע פּראָבלעם.

עס פּאַראַדריסט, וואָס אין דער ניט ווײַטער פּאַרגאַנגענהײַט האָט די יידישע פּראָגרעסיווע ליטעראַטור־קריטיק שיר ניט אָפּגעטראָטן דעם גאַנצן ביאַליק דעם ציִוניזם, וועלכער האָט, ווי מיר ווייסן, זיך באַנוצט מיט דעם קונציק. פאַרשטייט זיך, מיר קאָנען ניט און דאַרפן ניט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט די קאָנקרעטע פּאָליטישע אומגעבונג אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן, ווען כאַיִם־נאַכמען ביאַליק אליין האָט, אַרײַנלאָזנדיק זיך אין געוויסע עמאָציאָנעלע פּאָליטישע סימפּאַטיעס און אנטיפּאַטיעס, אינגאַנצן שוין זיך אונטערגעגעבן דעם גראַדלייניקן כאַראַקטער זײַנעם און ניט מעגלעך געמאַכט, אז אין די יאָרן, ווען דער קאַמף איז געגאַנגען אף אָפּענע פּאָזיציעס, זאָל פּאַרקומען א דערנעענטערונג מיט אים מיצאַד די קעמפנדיקע פּאָלקסמאַסן און זייער שלאַכט־אַוואַנגאַרד — די מאַרקסיסטישע, פּראָגרעסיווע קולטור־קרײַזן. אין א געוויסער מאָס איז מיט אים געשען אַנערעך דאָס זעלבע, וואָס מיט באַלזאַקן דעם מאָנאַרכיסט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דאָס שאַפן זײַנס (אין גרונט גענומען, פאַרשטייט זיך) געלאָזט אף איין זײַט פון דער באַריקאַדע, און אליין האָט ער אין טאָגטעגלעכן לעבן זיך געשטעלט אף דער אַנדערער זײַט. איך זאָג אין א געוויסער מאָס, ווײַל גראַד דאָ באַגייען אויך אן עקסטרעמען פעלער אייניקע ליטעראַטן, וואָס קעדיי דערווײַזן, אז ביאַליקס ציִוניסטישע אָנגעהעריקייט באַטײַט גאָרניט, פאַרמעסט מען זיך צו אָט וועלכע פּולע אַנאַלאָגיעס: „דער פראַנצויזישער קלאַסיקער באַלזאַק איז געווען א מאָנאַרכיסט. געטע איז געווען א מיניסטער אין דער מעלוכע פון א באַגרענעצטן פּעאָדאַלן הערשער. אָבער דער עמעס איז, אז... דאַפקע באַלזאַק דער מאָנאַרכיסט איז אויך דער ערשטער רעאַליסטישער ראָמאַנען־שרײַבער, וואָס האָט אויפגעדעקט דאָס פאַרפוילטע לעבן פון דער אַריסטאָקראַטיע. און איז דען געטע ניט געווען דער גרעסטער אינטעלעקט פון דער דײַטשישער ליטעראַטור, וואָס האָט געווידמעט זײַן קונסט דעם קעמפנדיקן מענטשן? אונדז אינטערעסירט, אין לעצטן סאַכאַקל, דער אינהאַלט פון דעם שרײַבערס שאַפונג..." (מיכל האַר אין „קאָל האָאם", 13 יוני 1956).

אין טאָך גענומען איז עס ריכטיק, נאָר טאַקע אָט דער לעצטער סאַכאַקל לאָזט ניט דורכפירן קיין מעכאַנישע אַנאַלאָגיע צווישן געטען אָדער באַלזאַקן מיט ביאַליקן. מע דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אז פאַרשיידן זײַנען געווען די צײַטן און די באַדינגונגען, אין וועלכע די דרײַ שרײַבער האָבן געלעבט. ווען כאַיִם־נאַכמען ביאַליק איז די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן אָפּגעזעסן אין דער פאַר־שלאָסנקײַט פון זײַנע אלטע באַגריפן, אין די דאַלעד־אַמעס פונעם ענגלישן פּאַלעסטינער פּראָטעקטאָראַט, האָט אף א זעקסטײַלעך פון דער וועלט, אין ביאַליקס היימלאַנד, געראַנגלט זיך און פאַרמירט זיך א נײַע געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציע, וועלכע האָט צונישט געמאַכט גראַד יענע קרענקלעכע דערשיינונגען, וואָס פריִער האָט ביאַליק זיי געווידמעט זײַן גאַנצן פּאָעטישן טעמפּעראַמענט, זײַן צאַר און צאָרן. אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָט מען ליקווידירט די באָדנלאָזיקייט, די אָפּגעשוואַכטקייט און די ניט־באַשיצטקייט פון די יידן, מע האָט געמאַכט אומעגלעך פּאָגראָמען און פעלקער־האַס. ביאַליקס שאַפן וואָלט אין די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָרצענדליק פון זײַן לעבן געקאָנט זײַן אף אָט דער זײַט פון דער באַריקאַדע. נאָר אין דער זעלבער צײַט איז, ווי געזאָגט, אליין ביאַליק געווען אף יענער זײַט, און א געוויסע איבערגעטריבענע קאָנסעקווענטקייט פון די, וואָס זײַנען אף דער זײַט, האָט אויך מיטגעהאָלפן, אז כאַיִם־נאַכמען ביאַליק זאָל מיט האַק־און־פּאַק — מיט זײַן פּראָטעסט קעגן דעם אלטן לעבן, מיט זײַן רעאַליסטישן שילדערן די גרוילן און אומגערעכטיקײַטן פון אָט דעם לעבן, מיט זײַן וווּנדערלעכער פּאָלקסטימלעכער קראַפט און גרויסער אויסגעוויטעקטער ליבע צום פאָלק, — אז ער, ביאַליק, זאָל אַרײַנפאַלן אין געפענקעניש צום ציִוניזם. עס זײַנען פאַראַן זיכרוינעס פון איציק פעפערן וועגן א באַגעגעניש צווישן יידישע סאָוועטישע שרײַבער מיט מאַקסים גאָרקין אין 1934. גאָרקי האָט זיך שטאַרק אָנגעפרעגט אף ביאַליקן אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן. ער איז ארויסגעגאַנגען פון דער דעפיניציע פון „קימאַט געניאַלן פּאָעט בא יידן". וועגן די קאָנקרעטע דעטאַלן פונעם פּאָליטישן קאַמף אף דער „יידישער גאַס" האָט ער ניט געטראַכט אין דעם מאָמענט. אָבער איציק פעפער (צי אן אַנדער יידישער סאָוועטישער שרײַבער) האָט ניט טראַכטן וועגן זיי און ניט רעכענען זיך מיט זיי ניט געקאָנט. אזוי איז געבוירן געוואָרן דער פּאַראַדאָקס אַרום ביאַליקן. די ציִוניסטישע רעדלפירער האָבן פון אָט דעם פּאַראַדאָקס געהאַט נוצן. אליין דער דיכטער האָט עס, ווײַזט אויס, געפילט און גוט פאַרשטאַנען. ניט אומזיסט האָט ער אין דער ליד „שחה נפשי" זיך מאַמעש געכאַפּט פאַרן קאָפּ: „ווי איז מיר, איך בין געוואָרן א קלינגענדיקע מאַטבייע אין אײַער פּוסטער פּושקע"...

אצינד אָבער, אין אונדזערע זעכציקער יאָרן, געהערט שוין ביאַליק דער געשיכטע. אין דער ווײַטער פּערספּעקטיוו ווערן אַלפי־קלאָל פּונקט ווי אויסגעווּעפּט די קאָנקרעט־ווירקנדיקע ווידערשפּרוכן באַם קינסטלער. די ראַנגלענישן און פאַרבלענדענישן זײַנען איצט אין דער פּאַרגאַנגענהײַט, דאָס הויך־קינסטלערישע, דאָס פּאָזיטיווע זעצט פאָר צו באַווירקן דעם לייענער. דעריבער איז נאַטירלעך, ווען א געזונטע ליטעראַטור קערט זיך אום מיט נײַע מאָסן צו איר שרײַבער.

פאַרשטייט זיך, ס'איז פאַראַן אויך א געפאַר פון עקסטרעמער איבערשאַצונג. ניט היסטאָריש און לאַכלוטן אומנוצלעך וואָלט געווען צו באַווײַזן איצט כ.־נ. ביאַליקן ווי א מין קאָרבן פון דער צײַט און פון פּאָליטישע שלאַכטן. ניין, ביאַליק בלײַבט אזא, ווי מיר ווייסן אים. אין א געוויסן זין איז ער אין זײַנע צאַר־ און צאָרן־לידער דער אויסדריקער פון זײַן דאָר. אָבער אויב אוועקשטעלן אים באַנאַנד מיט, לעמאָשל, מאָריס ווינטשעווסקין, זײַנעם א מיטצײַטלער, איז די דיסטאַנץ צווישן זיי א גאַנצער

1 „פּועליי קאָל האָאַראַצוֹס, היסאַכיידו!" („פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!").

יאָרהונדערט. פון די סאָוועטישע דיכטער איז שוין אָפּגערעדט.

אָט איז דער אמערסטן נאָענטער צו ביאַליקן (לויט דער צײַט און לויט דעם דאָרפישן פּײזאזש־אָנהייב) אַשער שוואַרצמאַן, וועלכער האָט, אגעוו, די ערשטע וואַרעמע סמיכע געקראָגן פון ביאַליקן. דאָס איז דאָך א ראַדיקאַל פאַרשיידענע וועלט־אויפפאַסונג! לאָמיר נעמען די ערשטע שורעס, וואָס קומען אפן זיקאָרן.

בא ביאַליקן:

ווי אַן אַרעמאַן שטיי איך פאַר דער פּראַכט
פון קאָרן...

בא שוואַרצמאַנען:

און זון און וועלט,
און איך אין וועלט...

בא ביאַליקן:

נישט מײַן האַנט האָט געכאָוועט די
זאַנגען,
נישט מײַן האַנט האָט זייער ווּקס
געצוואָגן...

בא שוואַרצמאַנען:

געבענטשט זאָל זײַן די האַנט,
וואָס האָט אין ריזן־שטאָט, אף ריזן־שטאַק
פון יעדער זײַט געפאַסט
און אײַנגעקלעפּט דעם ציגל.

בא ביאַליקן:

מע זאָגט, יוגנט איז דאָ אין דער וועלט,
ווו איז מײַן יוגנט?

בא שוואַרצמאַנען:

יוגנט, יוגנט!
ווי א שפּילנדיקע וועל,
ווי א טרער פון פולער פרייד —
דײַן שטעל,
דײַן יונגע פרייד!

בא ביאַליקן:

מײַן האַמער האָט ניט געפונען פאַר זיך
קיין קלאַנג,
מײַן האַק איז אַרײַן אין א צעפוילטן האָלץ...

בא שוואַרצמאַנען:

מיט ביקס אין האַנט,
מיט וואַרעם בלוט אין האַרצן
פאַרטײַע איך זיך איצט
און לאָקער נאָך דעם סוינע.

מע טאָר ניט פאַרלירן דאָס איקערדיקע אין אָט דער פראַגע: די קאָרעוו פערציק יאָר פון ביאַליקס שאַפן זײַנען דורכגעגאַנגען אין א טקופע פון גרעסטע סאָציאַלע אויפטרייסלונגען אף אונדזער פּלאַנעטע. עס טרעפט אמאָל אף א מילכאָמע: די שלאַכט גייט אף גרויסע מעהאַלעכן, מע שלאָגט זיך פאַר בערג, וואָס פאַרנעמען דעם גאַנצן האָריזאָנט, נאָר אָט איז א סאָלדאַט לעבן איינעם א בערגל — ניט לעבן סאַמע הויכן — קאָנטוזיעט גע־וואָרן, און צו די גרויסע בערג איז ער ניט דערגאַנגען, ער ווייסט וועגן זיי ניט וואָס צו זאָגן. די בערג, ארום וועלכע עס זײַנען געשען די מעכטיקע אופרײַסן, זײַנען אים געבליבן פרעמד, ווײַל פאַרבלענדט האָט אים דער אופרײַס בא א זײַטיק בערגל...

דאָס זעלבע איז געשען מיט ביאַליקן. נאָך זײַן קורצן יוגנט־פעריאָד פון געזונטער און קרעפטיקער שירע, ווען ער טוט א שפּריץ מיט וואָלינער פאַרשײַטקײַט, ווען אויך אף דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער ליטעראַטור ציט ער ארוף זײַן ביאַליקישן רינג, — נאָך אָט דעם פריידיקן פעריאָד פון די שפּרודלדיקע ווינטער־לי־דער און פון די שירים, אין וועלכע ער שרײַט אויס מיט ניט ווייניקער פרייד, ווי שפּעטער שוואַרצמאַן, — „מיט דעם פולן מויל טרינק איך לופט און שײַן, און אין האַרצן טיף עפּנט זיך א קוואַל“, — נאָך אָט דעם ארויס־גיין אף די פאָדערשטע שלאַכט־פּאָזיציעס פונעם לעבן, ווערט ער פלוצעם קאָנטוזיעט בא דעם קעשענעווער פּאָגראָם, און אָנשטאָט מיט מער צאָרן זיך דערנאָך וואַרפן צו די „גרויסע בערג“, ווו עס האָבן געשטרײַט קלאַסן און עפּאָכעס, איז ער געבליבן שוין אפן גאַנצן לעבן א פאַרטויבטער און פאַרבלענדטער באַם אָרט פון געטראָפענעם אומגליק, באַם אָרט דעם הייליקן, וואָס פירט אָבער אינערגעץ ניט. האגאַם אַלץ ארום: די רע־וואָלוציע פונעם פינפטן יאָר, די אופגעוואַכטע אַרבע־טער־באַוועגונג בא די יידן אין רוסלאַנד און אין פּוילן, די רעאַליסטישע שאַפונג פון די יידישע קלאַסיקער, — אַלץ האָט געפאָדערט דאָס פאַרקערטע. און ניט אומזיסט האָט י.־ל. פּערעץ אין 1906 געשריבן אין א בריוו צו ביאַליקן: „און איר, מײַן ליבער, זײַט געפאַנגען נישט אין שפּינוועבס־פּאַדעם, נאָר דורך אכאַד־האַאָמען. איר האָט קיינמאָל ניט געדאַוונט אין א גרויסן בעסמעדרעש מיט די מאַסן, נאָר אין עפּעס א „מיניען“ פון באַטלאָנים, מעיוכאָסים און טרוימער פון נישט־שיינע און נישט־פײַנע כאַלוימעס. „דער מעשוגענער נאָווי“, — ווי עליאָ־שעוו רופט אײַך, — וואָס רעדט אין א קליין בעס־מעדרעשל און נישט אפן מאַרק פאַר דעם פאָלק, — איז זײַן סאָף — אומעט“.

פּערעצעס מוסער־רייד אין דעם דאָזיקן בריוו זײַנען דורכויס הײַנטצײַטיק און האָבן א שײַכעס סײַ צו דער ביאַליק־טעמע, סײַ צו א ברייטערער פּראָבלעם: „וואַכט אוף און גייט ארויס צום פאָלק. נישט די שפּראַך איז דער איקער, נאָר דער לעבעדיקער מענטש, וואָס רעדט אף דער שפּראַך. און איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל מײַנע רייד: איר זײַט געפאַנגען געוואָרן דורך לעבעדיקע מיי־סים“ (זע „בריוו און רעדעס פון י.־ל. פּערעץ“, ז. 224).

די „לעבעדיקע מייסים“ ווילן אויך הײַנט מיט אַלע קויכעס אײַנהאַלטן בא זיך כאַים־נאַכמען ביאַליקן. אָבער דער סאַכאַקל פון דעם דיכטערס שאַפן לאָזט אים איבער ווי אַן אויסטערלישע דערשײַנונג אין דעם גײַסטיקן לעבן פונעם פּראָסטן פאָלק. זײַנע שאַפונגען, אין וועלכע ער האָט געלאָזט פון זיך ארויסריידן דעם וואָלינער אמכאָ־מענטש אף זײַן יאָדערדיקן מאַמע־לאָשן, זײַנען א קרעפטיקער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער ליטעראַטור. אין אָט דעם רינג זײַנען אַרײַנ־געשמעלצט אויך די דיכטערישע דערגרייכונגען, וואָס דער שפּראַך־גאָען האָט מיט די אייגענע יידישע איבער־זעצונגען אַרײַנגעטראָגן פון זײַנע העברעיִשע ווערק אין דער יידישער פּאָעזיע.

---

מיר דאַרפן איצט, אָן דעם ענטוזיאַזם פון פּאַרור־טיילן און אויך אָן דעם רעאַביליטאַציע־ענטוזיאַזם, ווי ס'גהערט צו זײַן אָפּצאַשן א רײַ שעפער פון דער יידי־שער ליטעראַטור, אויסטיילן בא זיי דאָס פונעם פּאַשעטן פּאָלק אונטערגעזאָגטע און פאַר די אינטערעסן פונעם פּאַשעטן פּאָלק קעמפנדיקע. דוכט זיך, אַז ארום דעם זײַנען הײַנט ניטאָ קיין צוויי מיינונגען.

א פּאָלעמיק פירט זיך ארום שאָלעם אשן. דאָ האָבן פאר די לעצטע יאָרן, נאָך דעם שרײַבערס טויט, זיך פראנק־און־פרײַ געפּאשעט פלאָנטערניש און אומפאראנטוואָרטלעכקײַט. מע האָט זיך אזוי ארײַנגעצויגן אין שאצונגען און איבערשאצונגען, אז אין א נעפּל פון גלאט שרײַבערײַ איז שיר ניט געשאפן געוואָרן א שפּאָגל־נײַער שאָלעם אש, אזא, וואָס האָט אין דער ווירקלעכקײַט ניט עקזיסטירט. אף וויפל שאָלעם אשס שאפונג פאר די לעצטע יאָרצענדליקער האָט ניט ארויסגערופן קיין באוויליקונג ניט פון „לינקס“ און ניט פון „רעכטס“, איז איצט, נאטירלעך, „דער סאמע מאָמענט“ פאר בארעמהערציקע באבקעס צו ארײַנשושקען דעם לייענער אין אויער ארײַן א סענטימענטאלע אנטיהיסטאָרישע געשיכטע וועגן א קלוימערשטן שרײַבער־מארטירער, וואָס ניט ער האָט זיך טויע געווען אין דער צײַט, נאָר די צײַט — אין אים... און אזויווי די בעסטע קאָמפּענסאציע פאר א געשטאָרבענעם איז געבן אים א טיטל, לייגט מען פאָר אָן לאנגע שיִעס צו פּאסקענען, אז שאָלעם אש איז... דער פערטער קלאסיקער בא ייִדן.

געקומען אין אן עפּאָכע, ווען דאָס קליינע שטעטעלע איז געווען די טעריטאָריע, אף וועלכער עס האָט געבריזט און איז געווען פארוואָרלאָזט, געזוכט אן אויסוועג און געשטיקט זיך מאמעש פון ענגשאפט, געליטן און געראנגלט זיך דאָס ייִדישע טכום־לעבן, — האָט שאָלעם אש אָנגעהויבן, ווי אלע ייִדישע שרײַבער ביז אים, פון שילדערן אָט דאָס לעבן אף דער פילגעליטענער ערד פונעם שטעטל. געטאָן האָט ער עס מיט באדײַטנדיקער מײַסטערשאפט, וואָס האָט גלײַך פון דעם שרײַבערס ערשטע טריט אויסגעקאָוועט א גאנץ אייגנארטיקן רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער ליטעראטור — דעם רינג פון שאָלעם אשס שאפונג.

אָבער שוין דעמלט איז געוואָרן קלאָר, אז דער קינסטלער איז ווײַט־ווײַט ניט קיין וועגווײַזער פאר דעם לעבן, ער איז ניט אף דער זײַט פון יענע קויכעס, וועלכע ווילן, אז דאָס לעבן זאָל גיין פאָרויס. ניט געקוקט דערויף, וואָס רײַף געוואָרן אלס שרײַבער איז ער אין דער אטמאָספער פונעם טויזנט נײַן הונדערט פינפטן יאָר, טוט ער דאָך גלײַך א שפאן אף צוריק בענגייע זײַנע פאָרגייער — די קלאסיקער. אויב מענדעלע מויכער־ספאָרים, דער סאטיריקער, דער באלמוסער, פירט אן אומבאראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן דער נעגידיש־קאָהאָלשער און קלעריקאלער רעאקציע, קעגן מיטלאלטער, קעגן דער אָפּגעשטאנענקײַט פונעם שטעטל; אויב שאָלעם־אלייכעם, דער גרויסער טראגישער באלביטאָכן, באווײַזט די צעשטערנדיקע ראָליע פונעם קאפּיטאליזם, די דאָן־קיכאָטישע אויסגאנגסלאָזיקײַט פון דעם שטעטל, וואָס איז באזעצט מיט לופטמענטשן; אויב דער „זיידע“ און דאָס „אייניקל“ זײַנען דורכגעגאנגען א שווערן אויספּרווו־וועג פון ווארפן דעם עקספּלואטאטאָרישן קלאס דעם עמעס אין פּאָנעם ארײַן, פון אויסלאכן און אופרײַסן די קלעריקאל־אָפּגעשטאנענע „אידיליע“ און שאָבעס־יאָמטעווודיקע פוסטקײַט פונעם טכום־שטעטל, — איז שאָלעם אש געקומען ווי אן אידעאליזאטאָר פונעם כסידיש־נעגידישן שטעטל. די קלאסן־אידיליע, די אויסגעטראכטע פּאטריִארכאלע איידע, אין וועלכע עס זײַנען בא אשן פאראייניקט די אָרעמע פאָלקסמאסן מיט יעכעזקל גאָמבינער און רעב שלוימע נאָגיד, זײַנען אין דער צײַט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע געווען אן אילוזיע פונעם אווטאָר און ניט קיין לעבנס־פאקטאָר.

מענדעלע האָט אזוינס אָפּגעלייקנט נאָך אין פאָריקן יאָרהונדערט. שאָלעם־אלייכעם האָט אין 1905 אָנגעשריבן די רעוואָליוציאָנערע בלעטלעך אין דער פאראָקטיאבערישער ייִדישער ליטעראטור — „האָדל“, „שמוליק“, „יויסעף“.

אשס ערשט ביכל איז דערשינען אין 1902 און האָט געהייסן „אין א שלעכטער צײַט“. זײַענדיק גערעכט אין דער אלגעמיינער אָפּשאצונג פון יענער צײַט, האָט ער אָבער פון דעמלט אָן, אפּאָנעם, שטענדיק שוין געהאלטן די צײַט, אין וועלכער ער לעבט, פאר א „שלעכטער צײַט“ און איז געלאָפן וואָס ווײַטער פון דער הײַנטצײַטיקײַט, געקוקט מיט אָפּגעפרעמדטע אויגן אף די אקטועלע לעבנס־פּראָבלעמען. און אפילע דאן, ווען ער האָט זיך געווענדט צו אָט די פּראָבלעמען, האָט ער שוין אויך ניט געקאָנט זיי אָפּשפּיגלען ריכטיק: דאָס פאָרגעשריטענע פון דער עפּאָכע האָט זיך אים אויך געדאכט, ווי א „שלעכטע צײַט“ (טרילאָגיע „פארן מאבל“).

איז אוודע ניט צופעליק, וואָס אף מאָרגן נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע (אין 1907) איז אש אוועק קיין ערעץ־ייִסראָעל, ער איז אנטלאָפן פון דער רעאלער ווירקלעכקײַט אין דער פארגאנגענהײַט, צו די ביבלישע פייזאזשן.

די ערעץ־ייִסראָעל־ און טאנאך־טעמאטיק איז פאָרמעל, דוכט זיך, נאציִאָנאל, נאָר פאקטיש איז עס דער בוילעטסטער אויסדרוק פון שאָלעם אשס ניט ארײַנדרינגען אין די נאציִאָנאלע אינטערעסן פונעם ייִדישן פאָלק. אָנשטאָט צו באווײַזן, מיט וואָס און וויִאזוי עס לעבן אין זײַן צײַט, וויִאזוי עס קעמפן פאר זייערע רעכט די ברייטע ייִדישע פאָלקסמאסן, האָט אש געשריבן כומעש־מײַסעלעך פאר קינדער, דערציילט וועגן „כורבן־יערושאָלאיִם“, וועגן דער מעשיכישער באוועגונג, געשאפן ביבלישע סטיליזאציעס. א טענדענץ אָפּצווענדן די ענערגיע פונעם לייענער פון דער גערעכטער לייזונג פון סאָציִאלע צײַט־פּראָבלעמען האָבן געהאט אשס שילדערונגען פון דעם טילים־ייִד, וואָס פירט דורך דעם יעזוס־פּרינציפּ פון ניט קעגנשטעלן זיך קעגן בייז, ווי אויך די שילדערונגען פון דעם הייליקן שנײַדערל אין „קידעש־האשעם“ און פון דער מארטירערן פון קאסטיליע. שפּעטער איז דער שרײַבער פונעם פּוילישן קאנט, „וואָס איז רײַך אין פּאשע“ און ווו „דער פּויער האָדעוועט דאָס פי, דעם אָקס, די שעפּס“, ווו עס ליגן האמעטנע פּארשוינען, „וואָס שמעקן מער מיט פעלד, ווי מיט מיקווע“ („דאָס קוילער־געסל“), — שפּעטער איז אָט דער שרײַבער אלץ ווײַטער און ווײַטער אוועק פון די נאטירלעכע ערדישע פּראָבלעמען. ער האָט זיך מיט אלע כושים ארײַנגעטאָן אין ראָמאנען וועגן „מאן פון נאזארעט“, וועגן די אפּאָסטאָלן, וועגן מאריען און יעציִעס־מיצראַיִם...

מיר דערמאָנען זיך נאָכאמאָל, אז מאקסים גאָרקי האָט אף דער שאפונג פון כאיִם־נאכמען ביאליקן געקוקט מיט באגײַסטערט־גוטע אויגן. אן אנדערע איז געווען זײַן רעאקציע אף אייניקע אשס ווערק, ניט געקוקט אף דעם, וואָס ביכלאל האָט ער הויך געשעצט אשן אלס קינסטלער. „אײַערע נײַע דרײַ דערציילונגען פונעם ציקל „נעוויִים“ רופן בא מיר ארויס דערשטוינונג: איך פארשטיי ניט, צוליב וואָס האָט איר דאָס אָנגעשריבן, — אין דער ביבל ווערט דאָך דאָס געגעבן בעסער איידער בא אײַך“... — אזוי שרײַבט גאָרקי אין א בריוו צו אשן, דאטירט דעקאבער 1908.

אַליין אַש האָט וועגן זיך געשריבן: „...איך זוך אויס אַ ווינקל פֿון פֿאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק, באַהאַלט זיך אין אַ ווײַנגאָרטן אין יערושאָלאַיִם — און פֿון דאָרטן וויל איך שפּינען אַ מײַסע, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן אַמאָל, וואָס מע רעדט נאָך פֿון איר אין אונדזערע טעג"... („דער ברענענדיקער דאָרן", איקוף־פֿאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1946).

לאָמיר זיך ווענדן אויך צו שאָלעם אַשס ציקל ווערק, וואָס איז געשריבן אין און וועגן אַמעריקע. איך האָב געהערט טײַנען, אַז אָט דאָרט טאַקע איז דער שרײַבער געווען אויף דער הייך פֿון די פּראָבלעמען פֿון זײַן צײַט. צי איז עס טאַקע אַזוי? פֿון סאָציאַלן און גזעלשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט איז שאָלעם אַשס „ייִדישע גאַס" אין אַמעריקע ניט קיין קלענערער טראָט צוריק בענגייע דער טראַדיציע פֿון מענדעלען און שאָלעם־אַליכעמען, איידער זײַן שטעטל־שילדערונג. אין זײַנע ווערק וועגן אַמעריקע („אַמעריקע", „אָנקל מאָזעס", „די מוטער", „טויט־אורטייל", „כאַיִם לעדערערס צוריקומען", „איסט ריווער", „גראָסמאַן און זון") האָט שאָלעם אַש ניט ווייניק געטאָן, קעדיי דער לייענער זאָל פֿאַרגעסן אין דעם קלאַסן־אַנטאַגאָניזם און קלאַסנקאַמף. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישער שמאַלץ־טאָפּ איז בײַ אַשן ניט מער, ווי אַ גילגל פֿונעם פֿרומען שטעטל. רעב שלוימע נאָגיד איז מעגולגל געוואָרן אין אָנקל מאָזעס, וואָס לייזט קלאַסן־פּראָבלעמען, ווי אַמאָל, אויפֿן היימישן אויפֿן: „בײַ מיר איז נישט קיין שאַפּ, וואָס מע זאָל דאָ אַרײַנלאָזן יוניע־לײַט (דה. אַרבעטער, וואָס זײַנען אָרגאַניזירט אין פּראָפֿאַריינען. — א.ג.), בײַ מיר זײַנען לאַנדסלײַט"... אַפֿילו דער שטרײַק בײַ אָנקל מאָזעס אין פֿאַבריק איז מער ענלעך אויף אַ קליינשטעטלדיקן בערויגעז, איידער אויף אַ פּראָטעסט פֿון פּראָלעטאַריער.

ס'איז קעדײַ דאָ צו זאָגן, אַז אין דער זעלבער צײַט, ווען אַש האָט אַרויסגערוקט זײַן פּאַטריאַרכאַליש־קליינשטעטלדיקן, גאָטס־פֿרומען און גאָטספּאָרכטיקן אידעאַל פֿאַר אַמעריקע, האָט אַ צווייטער אַמעריקאַניש־ייִדישער שרײַבער, מוישע נאַדיר אָלגין, געשריבן: „אַ טײַער לאַנד, אַמעריקע... עס איז מיר ליב פֿאַר דער פֿרײַהײַט־שטרעבונג, וואָס לעבט אין באַוווסטזײַן פֿון מיליאָנען אַמעריקאַנער. עס איז מיר ליב פֿאַר זײַנע גרויסע בין־אַהער דורכגעלעבטע פֿרײַהײַט־קאַמפֿן און פֿאַר זײַן נאָך גרעסערער פֿרײַער צוקונפֿט..."

דערשיטערנדיק איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען די טראַגעדיע פֿונעם מערקווירדיקן קינסטלער, ווען זײַן אידייִשער קאָנסערוואַטיזם האָט אים געצאָלט מיט האַרבע קלעפּ, מיט איינזאַמקײַט צווישן די גרויסע קינסטלער פֿון דער עפּאָכע. אין דער צײַט, ווען דרײַזער, ראָלאַן, באַרביס אאַ. האָבן אין די רייען פֿון דער פּראָגרעסיווער מענטשהײַט געשאַפֿן זייערע אומשטערבלעכע ווערק וועגן דער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און וועלכע זיי האָבן געהאָלפֿן צעשטערן; אין דער צײַט, ווען שאָלעם אַשס מיטשעפּער אין דער ייִדישער ליטעראַטור — דאָוויד בערגעלסאָן — האָט פֿון בוך צו בוך געשילדערט די עפּאָפּיי פֿונעם לעבן פֿון זײַן פֿאָלק בײַ די ברעגן פֿונעם דניעפּער, — אין דער זעלבער צײַט פֿלעגט שאָלעם אַש אָפֿט אַרײַנפֿאַלן אין אַ צושטאַנד פֿון פֿולשטענדיקער אידייִש־קינסטלערישער דעזאָריענטאַציע.

און דאָ דאַרף מען זאָגן אָפֿן: די וויכטיקסטע סיבע פֿון שאָלעם אַשס טראַגעדיע איז געווען זײַן ניט אַרגומענטירטע קעגנערשאַפֿט צו דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אין די ערשטע יאָרן פֿון איר זיג. אויף וויפֿל ער האָט ניט אָנגענומען דאָס נײַע, דאָס גערעכטע, האָט ער געמוזט אַנטלויפֿן וואָס ווײַטער פֿונעם רעאַלן לעבן, אָדער שלעפּן עס צוריק צו יענער פֿאַרגאַנגענהײַט, וועלכע דאָס נײַע האָט אָפּגעשאַפֿן. איצט, ווען אַשס וועג איז געענדיקט, זעט מען שוין באַשײַמפּערלעך, אַז נאָך דער טרילאָגיע „פֿאַרן מאַבול" האָט זיך דעם שרײַבער ביזן סאָף פֿון זײַן לעבן ניט אײַנגעגעבן ווי ס'געהער צו זײַן קומען צו־זיך.

אָט פֿאַרוואָס מיר דאַרפֿן אָפּוואַרפֿן דעם אויבערפֿלעכלעך־היימישן צוגאַנג צו שאָלעם אַשס שאַפֿונג. זײַן גרויסע שרײַבערישע יערושע פֿאָדערט צו זיך אַן אָביעקטיוון און שטרענג־וויסנשאַפֿטלעכן צוגאַנג. אין דער גאָלדענער קייט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור איז דאָ אַ שעפֿעדיקרײַכער, אַ ביז גאָר אייגנאַרטיקער און שטאַרק ווידערשפּרעכלעכער שרײַבער שאָלעם אַש. קיינער איז ניט שולדיק אין דעם, וואָס דאָס פֿאָלק, פֿאַר וועמען אַש האָט געשריבן, קלײַבט איצט אויס פֿאַר דעם גאָלדענעם פֿאָנד ניט אַלע ווערק זײַנע — עס קלײַבט אויס בלויז יענע ווערק, וואָס העלפֿן פֿאַרשטיין די עפּאָכע.

דאָס פֿאָלק, דער לייענער איז אָבער אויך ניט גלײַכגילטיק צו די גרויסע מײַלעס פֿון שאָלעם אַשס שאַפֿונג. עס איז גענוג קלאָר די סיבע, פֿאַרוואָס די רעאַקציאָנערע פּען־פּאָליטיקער זײַנען ניט צופֿרידן מיט אָט דעם שרײַבער, פֿאַרוואָס זיי פֿאַלן ביז איצט אָן אויף אים, אַפֿילו שוין אַ טויטן, ווײַל פֿאַר זיי האָט ער געגעבן נאָך צו ווייניק נאַציאָנאַליסטיש־ייִדישלעכע שפּײַז. מע דאַרף מיינען, אַז די נויצרי־ראָמאַנען וואָלט מען עפּשער אַשן ווי־ניט־איז מויכל געווען, ווען ניט די פֿאַרביטערונג קעגן אים ביכלאַל, די אומצופֿרידנקײַט מיט זײַנע „מאָרגן־פֿרײַהײַט"־יאָרן, מיט זײַן פּרוּוו אין געוויסע פּעריאָדן פֿון זײַן לעבן טיפֿער און אופֿריכטיקער אַרײַנדרינגען אין די „סוידעס" פֿון דער אויפֿטרייסלענדיקער גרויסקײַט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווי דאָס איז אויך געשען מיט אַזאַ פּערזענלעכקײַט, ווי ד"ר זשיטלאָווסקי.

אין ליטעראַרישן פּלאַן פֿאַרזעען מיר ניט בײַ אַשן דעם מוירעדיק ברייטן דיִאַפּאַזאָן, די רײַכע פּאַליטרע און די מאַסשטאַב־געוואַגטקײַט, דעם ווילן אַרויספֿירן די ייִדישע פּראָזע אויף דער אַרענע פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. מיר שעצן בײַ שאָלעם אַשן די פֿונדאַמענטאַלע שטייגער־שילדערונגען, דעם אומפֿאַרגלײַכלעכן פּוילישן און שפּעטער אַמעריקאַנישן קאָלאָריט, דעם אויצער פֿון ייִדישן לאַשן, די אָנגעזאַמלטע דערפֿאַרונג פֿון שאַפֿן עפּישע לײַוונטן.

און וואָס איז שײַעך דער פּראָבלעם פֿונעם „פֿערטן קלאַסיקער", איז קלאָל ניט קלאָר די כאַפּעניש צו זוכן, געפֿינען און פּראָקלאַמירן אים. אין דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, ווי באַוווּסט, גייט הײַנט אַ רייד וועגן דעם פּעריאָד פֿון סאָוועטישער קלאַסיק. אַלעקסיי טאָלסטאָי, מאַיאַקאָווסקי, שאָלאָכאָוו, סעראַפֿימאָוויטש אאַ. — זיי געהערן צו דער קאָהאָרטע פֿון דער סאָוועטישער קלאַסיק. און דערבײַ איז קלאָר, אַז וועגן קיינעם פֿון זיי אײַלט מען זיך ניט צו זאָגן, אַז ער איז דער קלאַסיקער פֿון דער רוסישער ליטעראַטור נאָך פּושקינען, גאָגאָלן, טאָלסטאָיען, טשעכאָוון, גאָרקין... דער זעלבער צוגאַנג איז, לויט מײַן איבערצײַגונג, גינסטיק אויך פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. ס'איז באַוווּסט, אַז מענדעלע מויכער־ספֿאָרים האָט אַמאָל, ווענדנדיק זיך צו ש. דובנאָוון, אויסגעדריקט די זיכערקײַט, אַז „ווען מע וועט פֿאָרשן די געשיכטע פֿון ייִדישן לעבן פֿון מיטן פֿון XIX יאָרהונ־

דערט, וועט מען זיך אָן מײַנע ווערק ניט קאָנען באַגיין". איצט זאָל עמעצער אַ פּרווו טאָן אופשטעלן דאָס בילד פונעם לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין סאָוועטנפאַרבאַנד אין דער ערשטער העלפט פונעם XX יאָרהונדערט אָן די ווערק פון די גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, אָן אַשער שוואַרצמאַנס פלאַמיקע, רעוואָליוציאָנער־פּאַטריאָטישע רופן, אָן האָפשטיינס קלאַסישער סאָוועטישער ליריק, קוויטקאָס „רויטן שטורעם", זײַן האַמויניש־פלעבייִשער סטיכיי, אָן מאַרקישעס רעוואָליוציאָנער־פּאַטעטישער, עפּיש־היסטאָרישער שאַפונג — זײַנע „ברידער", „ניט געדײַגעט", „אויפגאַנג אויפן דניעפּער", „מילכאָמע"; אָן פעפערס „וועגן זיך און אַזוינע, ווי איך", „בלײַענדיקע מיסטן"; אָן כאַריקס „מינסקער בלאָטעס", „מיט לײַב און לעבן", „קײַלעכדיקע וואָכן"; אָן דער וואָגיקער שאַפונג פון קושניראָוו, פינינבערגן, האַלקינען... און אַוודאי וואָלט ניט געווען קיין בילד פונעם לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין סאָוועטנפאַרבאַנד אָן בערגעלסאָנס גרויסער פּראָזע, אָן זײַנע ווערק, וואָס בינדן זיך אָן אין זײַן בכאַר־ראָמאַן „נאָך אַלעמען", — „מידאַס האַדין", „באַם דניעפּער", אאַ.

באַם אָפּשאַצן דעם גרויסן קלאַסישן ווערט פון אָט די וואָרט־קינסטלער גייט די רייד וועגן דעם, אַז אין יעדן בוך זייערן געפינען מיר אַזויפיל פּראָטים פונעם לעבן פון פאָלק, אַזויפיל עכט־רעאַליסטישע באַשרײַבונגען פון זייער צײַט, אַז אין דורעס אַרום וועט מען זייערע ווערק לייענען מיט דעם זעלבן אינטערעס, מיט וועלכן מיר לייענען הײַנט די קלאַסישע רעאַליסטישע שילדערונגען פונעם נײַנצעטן יאָרהונדערט.

---

די סאָוועטישע קלאַסיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט איבערגענומען און אַנטוויקלט אַלע בעסטע אייגנשאַפטן און טראַדיציעס פון מענדעלען, פּערעצן, שאָלעם־אַלייכעמען און פון די ערשטע פּראָלעטאַרישע דיכטער: די אופמערקזאַמקײַט צום טאָגטעגלעכן לעבן פונעם פּראָסטן פאָלק מיט אַלע זײַנע פריידן און לײַדן, „שיינע" און „מיִעסע" זײַטן, גרינגע און שווערע פּראָבלעמען, מיט אַלע זײַנע מײַלעס און כעסרוינעס; די שטענדיקע און אומבאַדינגטע אידייִשקײַט און הײַנטצײַטיקײַט פונעם קינסטלערישן שאַפן; דאָס קוקן פאָרויס און ניט אויף צוריק; דאָס רופן דעם לייענער צום קאַמף פאַר פּראָגרעס און סאָציִאַלער גערעכטיקײַט, צום קאַמף פאַר די אינטערעסן פונעם פּראָסטן פאָלק; און צולעצט, די סאָוועטישע קלאַסיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט, פּונקט ווי די פאָרגייער אירע, אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ די אָרגאַנישע און שטענדיקע פאַרבינדונג מיט דער פאָרגעשריטענער רוסישער ליטעראַטור, מיט אירע הויך־הומאַניסטישע רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס, ווי אויך מיט דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור, דערבײַ ניט פאַרמינערנדיק אויף קיין האָר די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקײַט.

אין די לעצטע יאָרן איז צו זען, ווי די הויפּט־פּרינציפּן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, די יעסוידעס אירע ווערן אין אויסלאַנד מיט אַ באַזונדער פלײַס און פּאָליטישער ספּעקולאַטיווקײַט פאַלש אויסגעטײַטשט מיצאַד רעאַקציאָנערע „מעווינים". ווען די בייזוויליקע און געניטע פאַרלוימדער נעמען איצט די פען אין דער האַנט, פּרוּוון זיי קוידעמקאָל זיך פאָרשטעלן פאַר די באַפּולמעכטיקטע „אָפּעקונען" פון די אומגעקומענע אין די יאָרן פון סטאַלין־קולט גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אַלס אַזעלכע „באַפולמעכטיקטע", באַווײַזן זיי מיט מאַנדאַטן אין די הענט, אַז דאָס, וואָס בערגעלסאָן, מאַרקיש, דער ניסטער, פעפער, קולבאַק, אַקסעלראָד אאַ. האָבן אָנגעשריבן און געדרוקט שוואַרץ אויף ווײַס, איז ניט מער, ווי אַ מיראַזש, אַן אויסווײַזעניש; אינדערעמעסן, זאָגן די „באַפולמעכטיקטע", זײַנען די גרונטלייגער און בויער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור געווען אַזעלכע, ווי די „באַפולמעכטיקטע" וואָלטן זיי געוואָלט זען, דה. נאַציאָנאַליסטיש־היסטערישע „פײַנע ייִדן". אַזוי שטעלט מען זיך אַלעמאָל אַוועק אין אַן אומפאַרשעמט־אויסגעלאַסענער פּאָזע, מע ברעכט זיך סענטימענטאַל די הענט, מע גיט צוויעסדיק אַרויס פאַר „אַן אייגענעם ברודער" דעם גרויסן סאָוועטישן שרײַבער־פּאַטריאָט, און לויטן „כויוו" און לויט די „רעכט" פון אַ קלוימערשטן ברודער ווערט מען פריילעכע יאָרשים, וואָס זײַנען אויסן נאָר גראָבן פּאָליטישן פּראָפיט.

דער פּראָבלעמען־קרײַז אַרום דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור — אַרום איר געשיכטע און דעם הײַנטיקן עטאַפּ — איז געוואַלדיק גרויס, און ניט דאָ איז דאָס אָרט וועגן אים בעגנוי צו ריידן. באַצייכענען דאַרף מען דאָ איר ראַכוועסדיקע טעריטאָריע, איר אײַנגעוואָרצלטקײַט אינעם נײַעם לעבן, וואָס ווערט גענערט פון די זאַפטן, וועלכע עס גיט אַרויס פון זיך פאַר דעם ליטעראַרישן שאַפן די רוסישע ערד — דאָס מאָסקווער, דאָס אוקראַיִנישע, דאָס בירָאָבידזשאַנישע, דאָס פּאָלעסיער, דאָס ליטווישע, מאָלדאַווישע קיניגרײַך פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אָבער פאַרגעסן טאָרן מיר ניט, אַז, שאַפנדיק אויפן ברייטן שטעך צווישן בוג און דעם אַמור, קומט די ייִדישע ליטעראַטור אין אַ שטענדיקן נאַטירלעכן שעפערישן קאָנטאַקט מיט דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס האָט שטאַרק איר געהאָלפן צו זײַן אויסגעהיט פון נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט און, אַ סאָציִאַליסטישע לויטן אינהאַלט, בלײַבן נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם.

אין זייער רעכילעס־קאַמפּאַניע קעגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור בײַטן איצט קלוימערשט אונדזערע סאָנים זייערע אַרגומענטן. זיי פּרוּוון זיך ספּעקולירן אויף דער שאַפונג פון די שרײַבער פון דער ערשטער סאָוועטישער פּלעיאַדע, וועלכע זיי האָבן בעשײַטע ניט איין מאָל אַרײַנגעוואָרפן אין כיירעם. איצט הערט, וואָס עס ווערט געזאָגט, לעמאָשל, אין עפראַיִם אויערבאַכס אַן אַרטיקל אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" פונעם 28 אַווגוסט 1961. „אין זײַן גרויסער אויספאָרשערישער אַרבעט האָט פּראָפעסאָר שמרוק, אַנאַליזירנדיק די לעצטע פּאָזע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, דערוויזן, אַז די נאָכמילכאָמעדיקע ווערק פון די ייִדישע שרײַבער זײַנען געווען דורכויס נאַציאָנאַל־ייִדישע. זיי זײַנען אומגעקומען מיט אַ טיפן ייִדישן באַוווסטזײַן, מיט אַן אָנגעווייטיקטער ייִדישער נעשאָמע. מיר זעען איצט, אַז דאָס זײַנען געווען קאָרבאָנעס פון זייער איבערגעגעבנקײַט דער ייִדישער קולטור ניט בלויז אין דער שפּראַך, נאָר אויך אין דער נעשאָמע". פאַרשטייט זיך, אַז ניט די טאָך־פראַגע וועגן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט דאָ צוגעצויגן אויערבאַכס און שמרוקס אויפמערקזאַמקײַט. די סאָוועטישע ליטעראַטור איז נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם, סאָציִאַליסטיש לויטן אינהאַלט. אין סאָציִאַליסטישן אינהאַלט געפינט די ווירדיקסטע פאַרקערפּערונג אויך די ייִדישע נאַציאָנאַלע פאָרם. פאַרקערט, אין די ווערק פון די רעאַקציאָנערע ייִדישע שרײַבער שאַפט דער אָבסקוראַנטיש־קאָנסערוואַ־

טיווער אינהאלט א ווילד־פרעמדע פאר די היינטצייטיקע יידן פאָרם פון „פארצווייאָרן און פארדרייאָרן", א פאָרם, ווי „נאציאָנאל־יידיש", „יידיש באַוווסטזיין" אאַ. טראָגן א יעזויטישן כאראקטער און זיינען געווענדט אף אָפּצו־שטעלן דעם סאָציאַלן און נאציאָנאלן פראָגרעס פונעם יידישן פאָלק.

אָט די טאָך־פראגע וועגן דעם נאציאָנאלן כאראקטער פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור איז ניט איצט, אין די 60־ער יאָרן, צום ערשטן מאָל פאָרמולירט געוואָרן. טאקע זיי, די אָנהייבער פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, מיט וועמען עס שאפט זיך איצט אזוי שעמרוק, האָבן ניט איין מאָל הויך אף א קאָל געמאָלדן וועגן דעם און פארקרפערט עס אין זייערע ווערק. די שעמרוקס, אויערבאכס און זייער גאנצע קאָמפּאניע זיינען היינט אף אזויפיל אויסגעשעפּט און געפאלן, אז זיי פרוון, ווי שווינדלער, זיך פאלש פארופן אף די גרויסע סאָוועטישע פאטריאָטן, אונדזערע פּאָרגייער און מיטצייטלער, אָנבינדנדיק זיי אצינד זייער, שעמ־רוקס און אויערבאכס, פינצטער־רעאקציאָנערע שוטפעס. אָט פארוואָס מיר אליין דארפן מיט דער גרעסטער פאר־אנטוואָרטלעכקייט אָפּשאצן אונדזער ליטעראַרישע ירו־שע, די ווערק פון די אוועקגעגאנגענע מייסטערס. און זאָלן מארקיש און פעפער, בערגעלסאָן און דער ניסטער, האָפשטיין, פיינינבערג, קוויטקאָ, קושניראָוו, כאריק, קול־באַק, אקסעלראָד, האלקין, ליטוואקאָוו, עריק, ווינער, דאָברושין אאַ. — זאָלן זיי פאָרזעצן זייער אומדערמיד־לעכן קאמף קעגן דער אנטיסאָוועטישער רעאקציע אף דער „יידישער גאס". זאָלן די אומווירדיקע סאָנים אויך היינט מוירע האָבן פאר זיי, ווי פאר פייער, און עס זאָל זיך אפילע אָט די סאָנים פון אונדזער ליטעראטור ניט כאַלעמען די מעגלעכקייט ארייַנרעכענען אין זייער כאַוו־רוסע כאריקן און אקסעלראָדן, דעם ניסטער און קולבאקן.

די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור־פארשונג דארף אָן איבעריקע צערעמאָניעס אוועקנעמען בא די ליטעראַרישע פאלסיפיקאטאָרס די מעגלעכקייט צו באלעבאטעווען אף דעם רייכן פעלד פון אונדזער ליטעראטור. מיר דארפן אָט די לייט מאמעש ארייַנדריבן אין קאָפּ ארייַן, אז עס וועט זיך קיינעם און קיינמאָל ניט איינגעבן אָנשטעקן די היינטצייטיקע יידישע ליטעראטור אין סאָוועטן־לאנד מיט דער קרענק פון נאציאָנאלער היסטעריק.

---

די גאָלדענע קייט פון דער יידישער ליטעראטור איז נאָך די קלאסיקער פאָרגעזעצט געוואָרן אין גרונט גענו־מען אין סאָוועטן־רוסלאנד, פוילן און אמעריקע. די אמעריקאנער „יונגע" האָבן זיך קאָנסאָלידירט ארום דעם פּראָטעסט קעגן דער הערשאפט פון דער פארפירערישער געלער פּרעסע, ארויסשטעלנדיק אלס פאנצער קעגן איר די „ריינע קונסט", וואָס דעקט זיך, אייגנטלעך, מיט קונסט לעשעם קונסט. דאָס איז, זעלבסטפארשטענדלעך, געווען ניט גענוג, קעדיי עס זאָל געשאפן ווערן אין די פאראייניקטע שטאטן אן אידייש־מאָנאָליטע ליטעראטור. דאָוויד איגנאטאָוו, מוישע־לייב האלפערן, י. אָפּאטאָשו, ה. לייוויק, זישא לאנדוי, מאני לייב, א. ראבאָי אאַ. — זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען פארבונדן מיט אן איינ־הייטלעכן סאָציאַלן פּאָזיטיוון אידעאַל. און דעריבער איז בלויז א פאָרמעלקייט דער שוטפעס־נאָמען, וואָס האָט זיי פאראייניקט הארט פאר דעם ערשטן וועלט־קריג ארום די זאמלביכער „שריפטן". שפּעטער איז יעדערער אוועק

מיט זיין גאנג. פון מאני לייבן ביז מוישע־לייבן — איז פאַלג מיך א גאנג. אָפּאטאָשו און מוישע נאדיר זיינען קימאט אין איין צייט געקומען ווי „יונגע", אָבער ניט זעלטן האָבן מיר זיי געזען אף קעגנזייטיקע פלאטפאָרמעס.

אין דער צווייטער העלפט צוואנציקער יאָרן און אין די דרייסיקער איז אין אמעריקע געמאכט געוואָרן אן ערנסטער פּרווו צונויפצוזאמלען אונטער דער פאָן פון „פּראָלעטפען" א שטארקע רעוואָליוציאָנער־פּראָגרעסיווע גרופּע שרייבער. מ. אָלגין און מוישע קאַץ, צווי הירש־קאָן און באַרעך גלאָזמאַן, זישע ווייַנפּער און ל. קאָבריַן, קאלמען מארמאָר, ש. דייקסעל, ל. מילער, יאָסל קאָטליער, שאכנע עפּשטיין, פּ. נאָוויק, ארן קורץ, כאנע סאפּראָן, ל. כאנוקאָוו, י.־א. ראָנטש, בער גרין, כאווער־פּאווער, סעם ליפּצין, סאָרע בארקאָן, סאָרע פעל־יעלין, דאָרע טייטלבוים, אווראָם ביק, בעלא גאָלדווירט, מ.־א. סול, יודיקא אאַ. — זיי האָבן געבראכט נייַע טעמע, נייַע שפּראך, נייַע אידייען. „פּראָלעטפען" האָט בעפּיירעט אויך אין א געוויסן זין אידייִיש באווירקט די אלטע מייסטערס (אין אייניקע יאָרן זיינען דאָך אווראָם רייזין, מ.־ל. האלפערן, מוישע נאדיר, אָפּאטאָשו, לייוויק, ראבאָי געווען מיט דער „מאָרגן־פרייהייט"). צום באדויערן אָבער זיינען ניט ווייניק פון די „יונגע" און „אינזיכיסטן" צעגעסן געוואָרן פון אנטיסאָוועטישער און אנטיקאָמוניסטישער אמביציע און — אָדער זיך אויסגעדרייט מיט דער פּליִיצע צום קאָכיקן לעבן, אָדער זיך געוואָזגעט ארום טראַגיקאָמישע „פּראָבלעמען" פון אן אלטמאָדישן מארק־ און קלויז־קאליבער. פארשטייט זיך, אז ניט אזעלכע שרייבער האָבן געשאפן א פּעריאָד אין דער יידישער ליטעראטור פון די פאראייניקטע שטאטן. ניט זייערע נעמען, נאָר די נעמען פון יויסעף אָפּאטאָשו, א. ראבאָי, מוישע נאדיר, ה. לייוויק, מ.־ל. האלפערן, מאני לייב אאַ. זיינען צווישן די שעפער פון דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער ליטעראטור. ווען מיר ריידן, לעמאָשל, וועגן אָפּאטאָשו, וואָלט לעכערלעך געווען זיך אָפּשטעלן אין פּארלעגנהייט פאר דעם, וואָס דער וועג זיינער איז געווען אזוי קאָמ־פּליצירט און זיגזאגארטיק. ווען אָפּאטאָשו איז אוועק פון דער „מאָרגן־פרייהייט", איז ער געווען ניט גערעכט. אָבער די זעלבע „מאָרגן־פרייהייט" — דאָס קאָל און דאָס געוויסן פונעם יידישן ארבעטס־פאָלק אין אמע־ריקע — האָט אויך נאָכן אוועקגיין פון אָפּאטאָשו ניט אופגעהערט צו פּאָפּוליאַריזירן און ניט אראָפּצונעמען פון איר באוואָפענונג די „פּוילישע וועלדער" און צענד־ליקער און צענדליקער אָפּאטאָשוס ווערק, אזעלכע ווי די נעגער־שילדערונג „לינטשעריי", ווי די דערציילונגען פונעם אמעריקאנער לעבן אין דער זאמלונג „ראסע" אאוו. דאָס באלעבאטישע אויג פון דער יידישער ליטעראטור־פאָרשונג דארף היינט ווידער דורכקוקן און דורכבלעטערן די ווערק, וואָס די טאלאנטפולע פּלעיאדע אמעריקאנער שרייבער פון דער ערשטער העלפט פון XX יאָרהונ־דערט האָט געשאפן.

בא היינטיקן טאָג איז די רעאקציאָנערע יידישע לי־טעראטור אין אמעריקע (אויב ריידן וועגן ערנסטער קוואַליטעט) אזוי אָפּגעשוואכט, אז מע קאָן זי שוין ניט נעמען ערנסט אין באטראכט. יאנקעוו גלאטשטיין, וועל־כער איז בא די אמעריקאנער „רעכטע" צווישן די איינ־ציקע פּאָעטן, וואָס שמידן זיך אריַין אין דער גאָלדענער קייט פון דער יידישער ליטעראטור, — יאנקעוו גלאט־שטיין שרייבט שוין היינט אנדערש, ווי ער און די קאָ־לעגן זיינע — די „אינזיכיסטן" — האָבן געשריבן פריער.

אין דער זעלבער צייַט ווערט אלץ רייַפער און פעסטער דאָס קאָל פון די דיכטער און פראָזאיִקער, וואָס גרופירן זיך ארום דער „מאָרגן־פרייַהייַט“ און ארום די פראָגרעסיווע ייִדישע זשורנאלן. דאָס זייַנען טאקע יענע שעפערישע קויכעס, וועלכע שטאמען פון „פראָלעטפען“, צו זיי געהערט די צוקונפט פון דער ייִדישער ליטעראטור אין אמעריקע. זייַט־בא־זייַט מיט זיי גייט א מעכטיקער אָטריאד הייַנטצייַטיקע ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער, שרייַבער פון פאָלקס־פוילן, פראָגרעסיווע שרייַבער פון ייִסראָעל, פראנקרייַך, קאנאדע, דאָרעם־אמעריקע אא. עס פילט זיך איצט מאמעש אין דער לופט אן אנטשיידנדיקע איבערגרופירונג פון דער ייִדישער ליטעראטור אין די אמעריקאנער לענדער. די רעאקציאָנערע ייִדישע פרעסע האָט זיך פאר די פארגאנגענע פיר צענדליק יאָר אף קיין האָר ניט „אויסגעבעסערט“. אין אָנהייב פונעם יאָרהונדערט איז געשען א טראגישע מיספארשטייעניש: די שעפעריש־פאָטענציעלע בירגערלעכע ליטעראטור אין אמעריקע האָט זיך פארייניקט קעגן אָט דער פרעסע, דה. קעגן דער שארלאטאניש־פּאָליטיקאנישער רעאקציע, אָבער, פון דער צווייטער זייַט, זייַענדיק אריַינגעצויגן אין שטימונגען פון עמיגראנטישן בייַטאם, אָפט קלאל ניט קיין פרינציפּיעלע, האָט די דאָזיקע ליטעראטור זיך אויסגעפּאָרמירט (בא די קאפע־טישלעך און אין די היציקע שטרייַטן, וועלכע האָבן אָפט פון ביידע זייַטן ארויסגעוויזן ניט ווייניק אמביציעזע איבערגעטריבנקייַט) אלס אן אנטיסאָוועטישע, אין גרונט, רעאקציאָנערע ליטעראטור. פארשטייט זיך, אז מער פון אלץ האָט דאָ פארלאָרן דער שרייַבער, וועלכער האָט זייַן טאלאנטפולן יוגנטלעכן ברען אין די פאר־ און נאָכרעוואָליוציע־יאָרן אויסגעביטן שפעטער אף אנטיסאָוועטישע קאלאמבורן און אף ארויסשטעלן דער איבערגעאנדערשטער גרויסער וועלט א בערויגעזע פייַג. איצט אַבער איז געקומען א צייַט, ווען די „גערעטעניש“ פון אזא „פארזיי“ איז שוין אראָפּגענומען. ווער פארשטייט איצט ניט, אז די לופט ווערט הייַנט וואָס אמאָל לויטערער, קלאָרער, ניט געקוקט אף די פארסקלעראָזירטע פאָליטישע באטלאָנים, וואָס מיִען זיך נאָך אלץ צו פארסאמען זי מיט מיקראָבן פון קאָנסעקווענטן „קאלטן קריג“. הייַנט ווייסט מען שוין, אז די ווולגארע ניהיליסטן זייַנען זיי — ניט מיר. אונדזערע לייענער פילן זיך היימיש אף לייוויקס „סיבירער שנייען“, מיט זייַנע איהומענער דיכטערישע דערמאָנונגען. זיי ווייסן, אז לייוויק, איינער פון די געבענטשטע טאלאנטן בא אונדז, וועט ארייַנגיין אין דער וווּנדערבארער פלעיאדע, וואָס האָט קאָלעקטיוו געשאפן די הייַנטצייַטיקע ייִדישע קלאסיק, — ניט מיט דעם מאלפע־ראָמאנטיזם, ניט מיט דעם קליינווילן צו זיצן מיט אראָפּגעלאָזטע הענט און טרויערן, נאָר מיט זייַנע הומאניסטיש־דערהויבענע און אנטיפאשיסטישע ווערק, מיט די שאפונגען, וואָס זייַנען געווידמעט סאָוועטן־רוסלאנד, דער רויטער ארמיי, מיט דעם „מאָרגן־פרייַהייַט“־פעריִאָד זייַנעם, מיט די ווערק, אין וועלכע ער דיכטעט אויס אף אן אקטיוון אויפן די גרויסע טראגעדיע פונעם ייִדישן פאָלק בייס דער היטלעריסטישער פעסט. באנוצנדיק דעם טערמין „מאָרגן־פרייַהייַט“־פעריִאָד, לייגן מיר ארייַן אין אים דאָס בעסטע, וואָס יעדער איינער פון די אמעריקאנער „יונגע“, און ניט נאָר „יונגע“, האָבן געשאפן אונטער דער גליקלעכער האשפּאָע פונעם אמעריקאנער האָרעפאשנעם פאָלק, און מיר פארגעסן ניט די גרויסע אופשטייַגן, וואָס עס האָבן דעמלט געהאט אף זייער אויסטערלישן שאפונגס־וועג שאָלעם אש, י. אָפּאטאָשו, דער גרויסער מוישע־לייב האלפערן אא. דאָס אין דער ערשטער ריי, און ניט עפעס אנדערס, האָט זייערע בעסטע ווערק אריַינגעפירט אין אייביקן פאָנד פון דער ייִדישער ליטעראטור, אין איר גאָלדענער קייט, אין איר קלאסיק.

דער כעזשבן־האנעפעש בא דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס האָט זיך אין אמעריקע געהאלטן אף דער „רעכטער זייַט“, איז ניט קיין פריילעכער. איצט האָט דער שרייַבער פון דער אלטער פאָרמאציע זיך ערנסט פארטראכט, ארומקוקנדיק זיך אף דער געשאפענער לאגע. און די לאגע איז אזא, אז עס בלייַבט שוין קימאט קיין צייַט ניט אף פוסטע רייד. ס׳איז געקומען דער מאָמענט, ווען די טעטיקע ייִדישע ליטעראטור אין אמעריקע מוז זיך איבערגרופירן און פארנעמען איר אָרט אין דעם לעבן און אין דעם קאמף פונעם האָרעפאשנעם ייִדישן פאָלק. הייַנט איז ארום די טישלעך אין די „ליטעראַרישע קאפעען“ פוסט. דער ייִדישער שרייַבער אין דער אנטיסאָוועטישער געלער פרעסע דערשייַנט איצט אָדער ווי א גראפאָמאן, אָדער ווי אן איבערלויפער, וואָס קאָן אייגענע טאטע־מאמע פארקויפן, אָדער... אָדער דאָס איז דער הייַנט שוין באיאָרטער שרייַבער פון די „רעכטע“, וועמעס וועג אין דער ייִדישער ליטעראטור און אין געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן לעבן ליגט איצט פאר די אויגן, אזוי ווי ער האָט זיך געדרייט און געשפרייט, און ווער ווייסט, וואָס פאר א מאכשאָווע אָט דער וועג רופט ארויס בא דעם, ווער עס איז אף אים געטראָטן...

דערפאר טאקע מוז קומען די איבערגרופירונג. ווען יאנקעוו גלאטשטיין, לעמאָשל, איז דירעקט אָדער אומדירעקט געווען אין איין ריי מיט אָפּאטאָשו, לייוויק, מ.־ל. האלפערן — איז עס געווען איין זאך; אן אנדער זאך איז זייַן אין קאָמפאניע מיט דער קאָמפאניע פון די רובינשטיינס, יאנאָסאָוויטשעס, עמיִאָטס, ווינאָקורס... דאָס לעבנספייִקע, וואָס איז הייַנט פארבליבן פון דער אמאָליקער רעאקציאָנערער ייִדישער ליטעראטור, מוז און וועט טאָן דאָס זעלבע, וואָס עס האָבן געטאָן אין דער רוסישער ליטעראטור קופרין, בונין אא., ווען דאָס לעבן האָט זיי צוגעפירט צום כעזשבן־האנעפעש. פארשטייט זיך, בא די ייִדישע פּאָעטן אין אמעריקע האָט זיך נאָך צוגעמישט די אומגעלומפערטע ליניע פון אנטיסאָוועטישער זשורנאליסטיק. אזוי איז עס שוין געשען, אז זי, די פאָעזיע פונעם פעריִאָד פון די „יונגע“, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט א ביטל־געפיל צו דער געלער פרעסע און מיט אן אקציע צו באשיצן זיך פון איר, האָט דערנאָך זיך איר אָפּגעגעבן. דאָס איז זייער און זייער א טרויעריקע דערשייַנונג, אָבער עס הייסט סטאם ניט, אז בא הייַנטיקן טאָג האָט, לאָמיר זאָגן, גלאטשטיין דער זשורנאליסט א שטארקערן ווילן פון גלאטשטיין דעם דיכטער.

און גלאטשטיין דער דיכטער האָט זיך שוין לאנג צעזעגנט מיט א סאך פון זייַנע אלטע מידעס. דערמאָנט זיך, לעמאָשל, די „איידעלע רייד“, מיט וועלכע גלאטשטיין האָט „באגריסט“ די באמיִונגען פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור צו מיטהעלפן דעם פראָצעס פון פראָדוקטיוויזירן דעם געוועזענעם לופט־מענטש: „איצט קאָנט איר, ניט רויט ווערנדיק, מיט ארונטערגעלאָזטע טאכטוינים מיסטיקן די כערסאָנער פעלדער“... גיט צו דעם צו די פאָרמאליסטישע שפילערייַען פון גלאטשטיינס יוגנט־פעריִאָד: „אינעם טאָל דעם קלאָרן

שטראָמען די וואסאָרן", אָדער „זינג, לאַדינאָ, בלאָנדע זענגער, אונדזער צויבער־זשארגאָנינאָ, אלקאָלירטע רעדרייַ, אלצעצונגטע שפּראכערייַ"... — נעמט אָט די דאָזיקע און אנדערע גלאַטשטיינס אמאָליקע עקספּערימענטן און שטעלט לעבן זיי אוועק זייַן פּאָעזיע פאר די לעצטע יאָרן — נו, כאָטשבי דעם ציקל „ערדענע רייד" (1956—1953). אָט איז א ליד פון דאָרטן:

סעגרעגאַציע

די ווייַסע סקול איז ליכטיק. מיט דרייַ
שווארצע פענעמלעך,
ווי פון שווארצע קעצלעך,
זייַנען די שויבן פארהויכט.
איז אריַינקוקן דורכן פענצטער געזעצלעך?
דרייַ שווארצע פענעמלעך
פלאטשן די נעזלעך אף די שויבן.
די געזאנג־לערערן זינגט מיט גלויבן.
דאָס לאנד פון די פרייַע, די בראווע,
דרייַ שווארצע פענעמלעך לאכן.
זיי זייַנען טשיקאווע, צי האָבן זיי געבראָכן
דעם געזעץ,
און מיט זייערע נייַגעריקע, שווארצע,
גרויסע טרויבן
געוואָרפן שטיינער אין די ווייַסע שויבן.

די דאָזיקע ליד, ווי א סאך אנדערע בא גלאטשטיינען, האָט אָנגעשריבן א פּראָגרעסיווער דיכטער. יאנקעוו גלאטשטיין, וואָס האָט אמאָל זיך געקלאָגט: „מייַן איינזאם לעבן פירט מיך שטענדיק צום גרוב פון אונטערגאנג", דערלויבט זיך איצט פאָשעט א וויצל טאָן: „די איינזאמקייַט פאסט מיר ווי אן אלטמאָדיש העמד"... ס'איז ביכלאל קעדייַ זיך צוהערן צו גלאטשטיינס „וויצלען זיך". וועגן הייַנטצייַטיקן „נאציאָנאלן ייִד" טוט ער איינמאָל א זאָג: „דער פרימאָרגן וועקט דיך מיט א פרעגנדיקן קריי: ייִד? א גאנצן טאָג זוכט זייַן שלעפעריקער מויעך דעם ענטפער". און ווייַטער — „ביסט פרימער פון דייַן זיידן"... און גלייַך — „אָ, ווי איך האָב דיך געזען קויפן און פארקויפן"... „איך האָב דיך געזען פלינק שטעלן פיס און אנטלויפן. אין אלץ ביסטו פרום און ייִדיש"... דער דיכטער ווייסט די גענגעלעך פונעם „נאציאָנאלן ייִד" — „אפילע, אז ס'רעגנט אף דיר א קליינער, מאָגערער וואָלקן, טראָגסטו א טראגיקאָמישן געשיכטלעכן שירעם. אין דייַנע ווייַטסטע באהעלטענישן שטעלסטו אָן דייַן וועקזייגער אף שמא ייִסראָעל".

איך קאָן זיך ניט אייַנהאלטן און מוז אויסזאָגן יאנקעוו גלאטשטיינס א „סאָד": וויִאזוי פארשטייען זיי ניט, די „נאציאָנאלע ייִדן" פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, מיט וועמעס הילף עס איז ארויסגעגעבן געוואָרן גלאטשטיינס בוך, אז טאקע זיי מיינט ער און אז קעגן זיי טרעט ער ארויס? וויִאזוי האלטן זיי אויס גלאטשטיינס ווי‏צלען זיך אפן אדרעס פונעם קאזיאָנעם ייִסראָעל, דעם „כאמישאָסאָר־לאנד פון ראָזשינקעס און פייַגן", גלאטשטיינס זאָג־אריַין, אז אין ייִדישן לאנד מוז מען „ייִדיש שטומען", „ייִדיש שווייַגן", זייַן ביטער־שטיפערישע ווענדונג: „אָ, רעד צו מיר ייִדיש, מייַן ייִדיש לאנד"?..

בלייַבט טאקע בא דעם, אז דער בונד פון אזעלכע דיכטער, ווי גלאטשטיין, מיט דער רעאקציע איז הייַנט בלויז א פאָרמעלער. וואָס האלט אים דאָרטן צו? דאָס ניט קאָנען אָנטאָן אף זיך א קויעך און א קלאפ טאָן מיט דער טיר? און עפשער אויך די איליוזיע, אז טאָגקאָלומס אין דעם געלן בלעטל וועלן בלייַבן אין דער אייביקייַט? אזוי אָדער אנדערש, נאָר עס איז א פאקט, אז אין דעם פּאָעטישן שאפן האָט יאנקעוו גלאטשטיין, דוכט זיך, שוין לאנג אָפּגעשיקט צוריק די טנאָיִם זייַן אמאָליקער קאלע. פריִער אָדער שפּעטער וועט ער און אנדערע פאָרשטייער פון דער „אלטער גווארדיע" אין אמעריקע קומען אָדער אומקערן זיך צו דער פּראָגרעסיווער ליטעראטור. און דעמלט וועט זייער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער ליטעראטור זיך נאטירלעך צונויפבינדן מיט די רינגען, וועלכע זייַנען געווען פריִער און וועלן זייַן שפּעטער.

---

ווער עס לייענט הייַנט די ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער און פון די ייִדישע פּראָגרעסיווע שרייַבער פון אויסלאנד, זעט באשיימפערלעך, אז די גאָלדענע קייט פון דער דוירעסדיקער ייִדישער ליטעראטור ווערט אין אונדזער צייַט מיט ווירדע פאָרגעזעצט. ס'איז אָבער פאראן אויך אן אנדער פּרעטענזיע אף דער גאָלדענער קייט, א פּרעטענזיע, וואָס ווערט מיט גרויס גאדלעס פאָרמולירט מיט די זעלבע ווערטער אף דעם שארבלעטל פון א זשורנאל: „די גאָלדענע קייט"... ס'איז מאמעש צו באוווּנדערן, מיט וואָס פאר א פארשטאנד צו דער אייגענער אויסגאנגלאָזיקייַט האָט דאָס ביסל רעשט פון דער עקסטרעם־רעאקציאָנערער ייִדישער ליטעראטור, צוזאמען מיט א טומלענדיקער כאליאסטרע רענעגאטן און גראפאָמאנען, זיך גענומען טאָפּטשען ארום דעם טעל־אוויווער זשורנאל, וואָס טראָגט אָט דעם נאָמען, מיינענדיק, אז דאָ קאָן מען נאָך אָפּנארן דעם לייענער מיט אן אלטמאָדישן סענטימענט צום „לאנד פון די אָוועס", ווו דער זשורנאל פאשעט זיך אף דער לאָנקע פונעם ציִעניזם, און מיט א דעמאגאָגישן צוזאָג, אז אין אָט דעם זשורנאל וועט קלינגען מיט אלע אירע גאָלדענע רינגען די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראטור.

די גאָלדענע קייט... די גאָלדענע קייט... ווען איך בלעטער דעם טעל־אוויווער זשורנאל, דוכט זיך מיר אויס, אז עטלעכע פאָר שמייַדיקע הענט ציִען זיך צו איר, צו דער גאָלדענער קייט, סטארען זיך זי אוועקלייגן, ווי א ביסעלע מעטאלענע גייַווע, צו זיך אפן קאמזויל — אזוי, אז זי זאָל קריכן פון איין קעשענקע ארויס און אין א צווייטער אריַין...

אף וויפל דער זשורנאל „די גאָלדענע קייט" פּרעטענדירט צו זייַן די פּראָגראם־פּלאטפאָרם פון דער רעאקציאָנער־אנטיסאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, איז קעדייַ פריִער פאר אלץ א קוק טאָן, וויִאזוי זעט איצט אויס דאָס וועלטל פון אָט דער ליטעראטור, אף וואָס פאר א פּראָפעסיִאָנעלן ניוואָ און אין וועלכער אידייען־אטמאָספער ווערט זי געשאפן.

איך דערמאָן זיך אין א דיסקוסיע וועגן ליטעראטור־פראגן, וואָס עס האָבן מיט א יאָר דרייַ צוריק געפירט אין דעם ניו־יאָרקער בונדיסטישן „ייִדישן קעמפער" צוויי ווייניק־אויסגעצייכנטע שרייַבער. איינער פון זיי, ל. טרייסטער, האָט מיט גרויס הארצרייַסעניש אָנגעוויזן אפן „אידייִשן קריזיס פון דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער ליטעראטור". „דער איצטיקער דאָר שרייַבער (דה. רעאקציאָנערע שרייַבער. — א. וו.) איז א דאָר אָן אידיי־

קן״, — האָט זיך געקלאָגט ל. טרייסטער. אָף דער פּראַ־גע: וועגן וואָס זאָל מען שרײַבן? — האָט טרייסטערס אָפּאָנענט ז. קאַמיי געענטפערט, אַז ער לייגט פאַר צוויי טעמעס: רעליגיעזע און מעדינאַס ייִסראָעל. טרייסטער האָט מיט טעמפּעראַמענט דערווידערט: ניין, ער „גייט אײַן״ נאָר אָף איינער פון די טעמעס: אָף דער רעליגיע־זער...

ווי גרויס עס איז די געפאַלנקײַט! עס ווילט זיך זאָגן גלאַטשטיינען, לעיעלעסן אאַ.: גייט און הערט אויס, זעט, ווּהין עס האָט דערפירט אײַער שפּילן צעלאָכעס מיט דער נײַער וועלט. טוט א בלעטער אײַער פרעסע, זעט איר דאָרטן זען אײַער ליטעראַטור:

פרעמדע מערק און פרעמדע הויפן,
אַלץ צום קויפן און פאַרקויפן!..
מיד בין איך און אײַנגעשרומפּן,
זומפּן, זומפּן!

(נאָכעם יוד אין „פאָרווערטס״)

נאָך אַלע שטורעמס קלינגט אין מיר
אפסנײַ דער אַלטער זייגער,
דער אומרו וויגט זיך אָף א פרומען
ייִדישלעכן שטייגער...

(כאַיִם גראַדע אין „צוקונפט״)

איך ווייס נאָר, אַז איך ווייס — פאַראַט איז
דער אָדערקנופּ פון מײַנע ברידער,
אַז זייער גאַנג און זייער טאַט איז
געקליידט אין לאַטעס און אין שמאַטעס...

(מייער שטיקער אין „וואָגשאָל״)

די קליינע הייליקע ערטער
זײַנען גערעכטיקער,
ווי די גאַנצע ערד...

(לייב וואַסערמאַן אין „ייִדישן קעמפער״)

די בלעטער האָבן אָפּגעדאַרט, אוי, אָפּגעדאַרט,
און נאָר דער ווינט און בוים איז נישט
אנשוויגן.
די ווערטער האָבן אָפּגעבלענדט און
אָפּגענאַרט —
געבליבן בלויז איז פונעם ווינט דער ניגן...

(בינעם העלער אין דער „גאָלדענער קייט״)

גאָט, ווי אַלץ ווערט מיר פרעמד,
דער האַרבסט שטאַרבט טויזנט מאָל א טאָג,
אפילע א פרייד פון באַלשעם
וואָלט דאָ אויך געווען א קלאָג.
איז מיר אומעטיק, וואָס אווגוסט שטייט
בא מײַן טיר
און פון דעם עמעס, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר...

(ייִסראָעל עמיִאָט אין „ייִדישן קעמפער״)

כ׳גיי אַרום פאַרקויפן
די לידלעך פון מײַן האַרץ.
אָ, מענטשן, גוטע מענטשן,
קויפט א לידל פון דעם בלויען נאַר.
. . . . . . . . . . .
אין קעשענע האָב איך קליינגעלט
און אין דער נעשאָמע — קליינוועלט
און דאָס איז אַלץ,
און דאָס איז אַלץ...

(עליע ווערבלון אין אַרגענטינער
„אונדזער וואָרט״)

אָ, טויט, פאַרצוקונג, אומברענג און פאַרלענד,
אַזויפיל שיינקײַט, ריטם האָסטו און לויער,
ס׳איז מידע קלוגשאַפט דאָ אין הענט פון
דעם, וואָס טויט,
ווי דאָ איז אין געטויטן מידער טרויער.

(עפראַיִם אויערבאַך אין „ייִדישן קעמפער״)

איך פאַרשטיי אַליין, אַז אַן אומגעדולדיקער לייענער וועט מיך איצט איבעררײַסן: גענוג צו ציטירן אָט דעם שאַנד־איבערוף פון אויסגעליידיקטע נעשאָמעס. נאָר זאָגט מיר, אויב אַזוי: צי האָבן מיר דאָס רעכט בלײַבן גלײַכגילטיק, ווען טאַקע זי, אָט די דאָזיקע „קאָמפּאַניע זינגער״, שרײַבט זיך צו דאָס רעכט אָף פאַרזעצן די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור? און ווײַל די אַנטיסאָוועטישע רעאַקציע דאַרף האָבן א „ייִדישע ליטעראַטור״, וואָס שטייט אין דירעקטער דינסט פון קאַלטן קריג, זײַנען פאַר איר מאַמעש א געווינס אויך אַזוינע „שיינגײַסטער״. דער אַנטיסאָוועטישער זשורנאַל „די גאָלדענע קייט״ איז געשאַפן געוואָרן פאַר זיי, קעדיי צוגעבן זיי וואָג און מוט. זי, „די גאָלדענע קייט״, דאַרף עס, לויטן פאַרטראַכט פון אירע באַלעבאַטים, אַרויסנאַרן באַם אַרבעטנדיקן ייִדישן פאָלק די גאָלדענע קייט פון זײַן ליטעראַטור און פאַרשפּאַרן זי אין די פינצטערע סייפן פון די מאַפּאַיִשע רעדלפירער, וועמען עס איז אָרגאַניש פרעמד דער גוירל פון דער ליטעראַטור אין ייִדיש.

איצט שטעלט אײַך פאָר, אַז אין א לאַנד, וואָס פּרעטענדירט, לעמאָשל, צו זײַן דער יוירעש פון קלאַסישער מעדיצין, באַווײַזט זיך א זשורנאַל, צי אַן אַנשטאַלט, אַרום וועלכן עס זאַמלט זיך צונויף אַלדאָס פרעמדע צו דער מעדיצין, אַלדאָס שאַרלאַטאַנישע, עס זאַמלען זיך צונויף די שאַדכאָנים פון טעאָלאָגישער זנאַכאַרסטווע — און זיי גיבן א נאָמען דעם זשורנאַל (אָדער הענגען אויף א שילד אַפן אַנשטאַלט) — „די גאָלדענע קייט פון דער מעדיצין״...

אַן ענלעכער קוריאָז שפּילט זיך איצט אָפּ אַרום „פּערטליאָר־שריפט פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אַרויסגעגעבן פון היסטאַדרוט״. פאַרשטייט זיך, מע דאַרף ניט פאַרלירן דאָס געפיל פון הומאָר: ס׳איז א גאַנץ פריילעכער איניען, ווען די ליטעראַרישע לעיוצלעכס שפּילן אין ציִעניסטישן פירהויז א קלוימערשט ערנסטע שפּיל. מע קאָן צו זיי אפילע צופּאַסן דעם פּערז פונעם אויבן ציטירטן מייער שטיקער:

אָ, מעקלערס מיטן וואָרט, שאַכערמאַכערס,
ליליפּוטן, שרעטעלעך און זנאַכערס,
שוואַרצקינצלער און פאַלשמינצלער
פון איין סאָף און טאָך —
איר האָט פאַרכאַפּט דאָס שענצטע אָרט
סאַמע אויבן־אָן אין מאַרק פון וואָרט...

נו, און אַז זיי האָבן, ווי עס דוכט זיך זיי אויס, „פאַרכאַפּט דאָס שענצטע אָרט״, האָבן זיי שוין, מיינט איר, אָנגעכאַפּט גאָט פאַר דער באָרד? ניין, איר האָט א טאָעס.

טרייסט מיך, אָ, טרייסט מיך
מיט א ביסעלע ליגן... —

טוט זיך אָף דעם נאַטירלעכן פאַר אים אויפן א פאַכדאָנעסדיקן מונטער אונטער דער איבערלויפער עמיִאָט.

און אַט איז דער געמיט־צושטאַנד פון א צווייטן „ווירעש" פון דער גאָלדענער קייט — בינעם העלער:

אין מויל — א ביטערניש פון סאַם,
אין האַרץ — א ווייטעק, וואָס פאַרקלעמט...

(„דער לעצטער פרווו", „די גאָלדענע קייט" נומ. 35, 1959)

דאָס האַרץ קלעמט אַזוי באַם דעזערטיר, ווייַל —

וואָס איז געוואָרן מיט די שיינע פּלענער?
דער טאָג פאַרגייט, די שאָען ווערן קלענער...
איך בין געווען צו דרייסט און צו פאַרביסן,
איך האָב אַליין מייַן לעבן אופגעריסן...

(„אין שווייַגנדיקן ציטער", „די גאָלדענע קייט" נומ. 40, 1961)

בלייַבט איבער זיך מוידע זייַן פאַר זיך אַליין:

פאַר איינע בין איך א פאַרעטער,
פאַר אַנדערע — א פרעמדער...

(„וווהין?", „די גאָלדענע קייט" נומ. 35, 1959)

בינעם העלערס טראַגעדיע איז א נאַטירלעכע פאַר אַלע אַנטלאָפענע פונעם פאַלקס־פּוילן. דאָ איז ניטאָ וואָס צו פעסטען זיך מיט דער אייגענער געפאַלנקייַט. ווייַל געקענט האָט דאָך זייַן גאַר־גאַר אַנדערש. מע מעג דאָ דערמאָנען די ווערטער, וואָס עס האָט געזאָגט אין 1953 אין זייַן באַגריסונג צום קאָנגרעס פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע „אוניאָן" דער גרויסער שרייַבער עפרײַם קאַגאַנאָווסקי: „איך וויל בא דער געלעגנהייַט זאָגן און דערקלערן מייַנע אַלע טויווע־טוער, אַז איך בין ניט קיין אונטערגעפוילטער צאָן, וואָס שאָקלט זיך, וועלכן מע קאָן אַרויסנעמען מיט ניט־געוואַשענע פינגער"...

סוצקעווער, גראַדע, העלער, שלעווין און אַנד. קאָנען וועגן זיך זאָגן בלויז דאָס פאַרקערטע. וווהין זייַנען זיי אַוועקגעגאַנגען? איך מיין, אַז ניט אַזוי דאַרף געשטעלט ווערן די פראַגע. ס'איז קלאָר אַפילו פאַר א קינד — וווהין... צו דער אַנטיסאָוועטישער רעאַקציע זייַנען זיי אַוועקגעגאַנגען. אָבער אַף וויפל זיי האָבן דעזערטירט פון אַן אידיי און ניט צו קיין אידיי זייַנען זיי געלאָפן; אַף וויפל געטריבן האָט זיי דאָס פּאַכדאַנעס און די געוויינלעכע מאָטיוון פון פּאַראַט, — אַף וויפל זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן א סאַך און באַקומען גאָרנישט ניט, אויסער דער קורצער סקאַנדאַליעזער רעקלאַמע און עטלעכע קלינגערס, — זייַנען זיי, נאַטירלעך, גלייַך פאַרסאַכניעט געוואָרן און ס'האָט זיך, ווי מיט א שערעלע, איבערגעשניטן זייער שאַפונגס־פאַדעם.

וויכטיק איז ניט — וווהין זיי זייַנען אַוועקגעגאַנגען. וויכטיק איז, אַז זיי זייַנען אַוועקגעגאַנגען פון דער ליטעראַטור. איצט מעגן זיי זייַן רויק: ווי עס זעט אויס, וועט די גאָלדענע קייט פון דער יידישער ליטעראַטור זיך יאַקאָס באַגיין אָן זיי, כאָטש א געוויסע צייַט וועלן זיי, ווייַזט אויס, נאָך פאַרזעצן טומלען און סקאַנדאַלעווען.

באַלערעווודיק אין דעם פּראַט איז איינער אַן עפּיזאָד, וואָס האָט געפונען זייַן אָפּשפּיגלונג אין זשורנאַל „די גאָלדענע קייט". מיילעך ראַוויטש, א וועטעראַן צווישן די אַנטיסאָוועטיסטן, האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט זייַנע זיכרוינעס וועגן פּערעץ מאַרקיש און מאַרקישעס בריוו צו אים פון די יאָרן 1921—1935. איז אַט, דעם 12 אָקטיאַבער 1928 שרייַבט פון קיִעוו פּערעץ מאַרקיש צו מיילעך ראַוויטשן:

„עס ליגט נאָר צווישן אונדז א שמאָל פּאַסיקל, וואָס הייסט „גרענעץ פון לאַנד צו לאַנד", פון א לאַנד, ווו מע גייט מיט צעריסענע שיך איבער א גוטער, וואַרעמער ערד, — ביז א לאַנד, ווו מע גייט אין אָפּגעפּוצטע לאַקשיך — ניט אַף ערד, נאָר אַף גלאָז און א סאַך פאַרזשאַווערטע טשוועקעס. און אַט דאָס לעצטע לאַנד איז דייַנס".

ס'איז זייער גוט און מענטשלעך, וואָס מיילעך ראַוויטש האָט איצט א בלעטער געטאָן מאַרקישעס בריוו פון מיט העכער דרייַסיק יאָר צוריק. אין א ליד, וואָס ראַוויטש האָט ניט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „אויפן שוועל", דערגאַנצט ער אַף א טיף־טראַגישן אויפן דאָס בילד, וואָס מיר האָבן ערשט געבראַכט:

איך בין געקומען צום סאַכאַקל,
אַט איז ער:
פאַר אונדז — קוואָרים,
הינטער אונדז — דער מיילעך פון טויט,
אַרום אונדז — א פרעמדער דאָר.
דאַכט זיך, אַז
אַלע זייַנען שוין דאָרט,
יעדערער אונטער זייַן גוירל־שטיין,
און פעלן פעלט נאָך
אַפן הייליקן אָרט
דו,
דער לעצטער
געבליבענער איינער אַליין...

(„וואָרט אַף אַן אַסיפע פון סאָפרים בא יידן", „אויפן שוועל" נומ. 1, מאַרט 1962).

ס'איז ניט שווער צו פאַרשטיין מיילעך ראַוויטשן. ווען ער האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע געשריבן זייַן שלאָגעריש קאָנטררעוואָלוציאָנערע דראַמע „בלוט אַף דער פאָן", האָט זיך אים געדוכט, אַז ס'איז גענוג מיט דעם באַדאַנישן קולעק א קלאַפּ טאָן אין א בונדיסטישן טיש, ווי די נייַע וועלט וועט מיט גרויס ציטערניש אַרויסלאָזן פון דער האַנט די רויטע פאָן און זיך לאָזן אַנטלויפן, וווהין די אויגן טראָגן.

איצט מאַכט דער אַלטער פּאָעט אַזא טרויעריקן סאַכאַקל, אַז ס'איז מאַמעש א שרעק צו הערן. לויט ראַוויטשן קומט אויס, אַז — שוין, אויס... די גאָלדענע קייט פון דער יידישער ליטעראַטור גייט שוין זיך אַוועקלייגן „אַפן הייליקן אָרט" מיטן „לעצטן געבליבענעם איינער אַליין".

ניין, ניט אַזוי איז עס, ניט אַזוי. די גאָלדענע קייט פון דער יידישער ליטעראַטור ווערט איצט באַרייַכערט מיט נייַע רינגען, ווערט רייַכער און ריינער, זי איז איצט אינגאַנצן, פון אָנהייב ביזן סאָף, אין שטאַרקע און זיכערע הענט, אין די הענט פון די שרייַבער, וואָס קעמפן פאַר דעם, אַז די גאַנצע ערד זאָל זייַן א „גוטע וואַרעמע ערד".

שלוימע רויטמאַן

# וואָלאָדימיר מאַיאַקאָווסקיס טראַדיציעס אין אונדזער דיכטונג

(צום 70־טן געבורטסטאָג פונעם דיכטער)



וין דער באַגריף אַליין מאַיאַקאָווסקיס טראַדיציעס באַטײַט פאַקטיש די אָפּלייקענונג פון טראַדיציאָנעל־קאַנאָניזירטן, פאַרגליווערטן. די טראַדיציע פונעם גרויסן סאָוועטישן דיכטער איז פונקט אַזוי לײַדנשאַפטלעך־זוכנדיק, יוגנטלעך־ברויזיק, ווי זײַן לעבן און זײַן שאַפונג.

גיין אין דערעך פון מאַיאַקאָווסקין — הייסט גיין אַף ניט אויסגעטראָטענע וועגן. מיט דעם זאָגן מיר קלאָר ניט, אַז מאַיאַקאָווסקיס נאָוואַטאָרישע דיכטונג האָט ניט אירע גײַסטיקע פאָרגענגער אין דער ליטעראַטור. ס׳איז באַוווסט, אַז מאַיאַקאָווסקי האָט זיך געצויגן צו פּושקינען, נאָר אַף זײַן אויפן, — מיט קעמפערישער ווידערשפעניקײַט, מיט שעפערישן ווידערשטאַנד, מיט אַקשאָנעסדיקער קריגערײַ: ער האָט אָבער אַליין אָנערקענט, אַז די שאַרפקײַט פון זײַן פּאָלעמיק איז געווען ניט מער ווי דער אויסדרוק פון זײַן אַנטבלויזטער און טיפער ליבע צו פּושקינען.

עפּשער
איך,
דער איינציקער,
בעעמעס דאָ באַדויער,
וואָס איר זײַט,
צווישן די לעבעדיקע
הײַנט ניטאָ.

גלײַכצײַטיק האָבן אין מאַיאַקאָווסקיס דיכטונג געלעבט הויכע טראַדיציעס פון דער וועלט־ליטעראַטור. ס׳קאָן זײַן, אַז ער איז קימאַט דער איינציקער, וואָס האָט אַלס אַווטאָר פון די סאַטירישע פּיעסן „די וואַנץ“ און „די באָד“ אַף אַ וווּנדערלעכן אויפן איבערגעקאָכט אין זיך די פאַראַדיש־לירישע פאַראַלגעמיינערנדיקע פאַנטאַסטיק פון אַריסטאָפאַנס פּאָליטישער קאָמעדיע.

און דאָך בלײַבן ביז איצט אַלס עסטעטישע קרעדאָ פון מאַיאַקאָווסקיס שאַפונג זײַנע ווערטער: „די דיכטונג — די גאַנצע! — אַ רײַזע אין אומבאַקאַנטן“...

עס קאָן קלינגען מאָדנע, וואָס דער דיכטער פון באַזיניקטער פּאָעטישער אינטויִציע, רעוואָלוציאָנער־בירגערלעכער עמאָציע האַלט, אַז דיכטונג האָט צו טאָן מיט דעם סוידעספּולן, „אומבאַקאַנטן“. דאָך איז אָט די לירישע דעפיניציע טיף פאַרטייִש, ווײַל מאַיאַקאָווסקי איז געווען און בלײַבט דער טרובאַדור פון אַ נאָך ניט געזעענער סאָציִאַלער רעוואָלוציע, דער זינגער פון אַזאַ נײַער וועלט, וואָס האָט ניט געהאַט פאַר זיך קיין מוסטערן, — דער זינגער פון דער צוקונפטיקער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

מאַיאַקאָווסקי — דאָס איז אַ נײַע עפּאָכע אין דער וועלט־דיכטונג, ווײַל זײַן שאַפונג איז דער קינסטלערישער אויסדרוק פון אַ נײַער היסטאָרישער טקופע.

ווי אַלע נאַציִאָנאַלע ליטעראַטורן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, איז אויך די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך דער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקײַט און איז באַרופן צו זײַן איר אידייִש־קינסטלערישער אויסדרוק. אָט אין דעם זעען מיר אײַן די מאַיאַקאָווסקי־טראַדיציע אין טיפסטן זין פון וואָרט.

דער פּאָליטישער לאָזונג איז אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג פון די ערשטע יאָרן רעוואָלוציע אַריבערגעוואַקסן אינעם פילאָסאָפיש־לירישן אַפּאָריזם, דער צײַט־פּלאַקאַט — אין צײַט־עפּאָס, די לירישע באַטראַכטונג — אין סאָציִאַלער טיף־דראַמאַטישער רעוואָלוציאָנערער אידיי. מאַיאַקאָווסקי, וועלכער האָט אָן עפן געטאָן סײַ אין אינהאַלט סײַ אין פאָרם די ברייטסטע פּאָעטישע ראַכוועסן, האָט מיטגעהאָלפן אונדזער דיכטונג נאָך שנעלער „צו ווענדן זיך ווענדן“.

אין גײַסט פון מאַיאַקאָווסקיס רעוואָלוציאָנערער פּאַטעטיק האָט זיך אונדזער ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג אויך אַ „צעוויקל געטאָן אין מאַרש“, זיך צעהילכט און צעזונגען אין הימנען, זיך צערוישט מיט פּלאַקאַטן און לאָזונגען. ס׳איז געקומען האָפּשטיין מיט זײַן „פּראָצעסיע“, מיט זײַן „איך גיי אין דײַנע פאָרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטשהײַט“; די ייִדישע פּאָעטן האָבן זיך דערפילט אין דער מיט פון שלאַכטפעלד „מיט ביקס אין האַנט, מיט ווארעם בלוט אין האַרצן“ — עס האָט זיך דערהערט שוואַרצמאַנס אַליאַרעם־רוף צו שיצן די דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע; ס׳האָבן זיך באַ קושניראָוון אַ בעט געטאָן די ווענט: „באַהענגט אונדז מיט מענגעס אַפישן, פּלאַקאַטן און בלעטער“, קעדיי מיט זיי, ווי „מיט ריזיקע גאָרגלען צו שרײַען: מיר הערן שטאַרקע, פעסטע, זיגערישע טריט“; ס׳האָט זיך צערעדט דאָס קעמפנדיקע פאָלק אין קוויטקאָס „רויטן שטורעם“; ס׳האָט זיך צעהילכט פעפערס ליד פון „פּראָסטן ווּנדער“, פון „שטאָלענע יאַטן אַף בראָנזענע פערד“, פון „בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס“, וואָס „פאָרן אַף די פראָנטן“; מיר האָבן באַ מאַרקישן דערזען קאָמונאַרן „מיט קעפּ איבער כמאַרע“, באַ פינינבערגן — די טרעגער פון „אַזאַ ליבשאַפט, פאָטערלאַנד!“ ס׳איז מאַמעש צו באַווונדערן, ווי אין באַזינגען די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע רופט זיך האָפּשטיין איבער מיט דעם הימנישן גײַסט, אינהאַלט און סטיל פון מאַיאַקאָווסקין, בלײַבנדיק, ווי שטענדיק, גרויסאַרטיק־אָריגינעל. אָט זײַנען צוויי אָדעס: מאַיאַקאָווסקיס „אָן אָדע דער רעוואָלוציע“ און האָפּשטיינס „אָקטאָבער“.

באַ מאַיאַקאָווסקין:

דיר,
דער אויסגעפײַפטער,
דער אויסגעלאַכטער פון באַטאַרייען,
דיר,

דער צעשטאָכענער מיט בייזע צינגער פון
באגנעטן,

באגייַסטערט פארהייב איך
איבער קלאָלעס ווייענדיקע
דער אָדעס פייַערלעכן
„אָ״!

בא האָפשטיינען:

אָקטאָבער!
אן אָנהייב אן „אָ!״
א ברען פון אומענדלעכן רונד.
— — — — — — — — — — —
עס וועלן כאדאָשים זיך צוועלפן,
זיך קייטלען אין יאָרן,
דייַן נאָמען וועט העלן,
דייַן נאָמען וועט קלאָרן.

צי דען קלינגט ניט אין גייַסט פון מאיאקאָווסקין האָפשטיינס בייַסיקע איראָניע, דער גאליקער סארקאזם, וואָס איז געווענדט קעגן דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואזיע:

און פייַנט אזוינע
מיט אלטע קרוינען
און קייַלעכיקע קעפּ,
געקעכלטע פון דוירעס,
מיט הויטן גאָלדענע
פון מילדע ברוסטן.

יאָ, אונדזער דיכטונג האָט פון סאמע אָנהייב פון דער רעוואָליוציע געזונגען אין איינקלאנג מיט מאיאקאָווסקין, זי האָט געהילכט, ווי די שלאכטן, ווי די מאסן־דעמאָנסטראציעס, ווי די באָלשעוויסטישע אָראטאָרס אף טריבונעס, ווי די אופגעוואכטע האמוינים.

מיט שטאָלץ קאָנען מיר זאָגן, אז בייס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט אונדזער איצטיקער דאָר ייִדישע סאָוועטישע דיכטער מיט וואָרט און טאט געטראָגן די פאטריאָטישע מאיאקאָווסקי־טראדיציע, די שווארצמאן־טראדיציע. דורכגעגאנגען דורך הייסע שלאכטן „מיט ביקס אין האנט, מיט ווארעם בלוט אין הארצן״, האָבן די דיכטער־פראָנטלייַט געבראכט מיט זיך פארטיפטע קינסטלעריש־בילדערישע אידייִשקייַט, „ווערטער — אינהאלטפולע לאָגלען״. זאָל דאָ טאקע אָפּגעמערקט ווערן, אז דאָס „געזאנג וועגן מוט״, ווי עס האָט טרעפלעך אָנגערופן זייַנס א בוך מאָטל גרוביאן, איז אין אונדזער פּאָעזיע געוואָרן א לייטמאָטיוו, אן אויסדרוק פונעם סאָוועטישן פאטריאָטיזם, א באווייַז פון דער אָרגאנישער פארבינדונג מיט מאיאקאָווסקיס רעוואָליוציאָנערער טראדיציע.

בא וולאדימיר מאיאקאָווסקין איז סאָוועטישער פאטריאָטיזם און אינטערנאציאָנאליזם איין גוף און איין נעשאָמע. דעם דיכטער האָט געפרייט דער אופבלי פון אלע פעלקער אין סאָוועטנפארבאנד. פאראן בא אים א ליד „דער ייִד״, ווו ער שילדערט, וויאזוי באגלייַך מיט אלע פעלקער האָט אויך דאָס ייִדישע פאָלק אין אונדזער לאנד זיך באהעפט מיט דער סאָציאליסטישער בויונג. דער אינטערנאציאָנאלער מאָטיוו גייט בא מאיאקאָווסקין באנאנד מיטן מאָטיוו פון שאפנדיקער מי. די סאָוועטישע ווירקלעכקייַט איז פאר אים אומענדלעך אין איר פילפארביקייַט, ער האָט ליב די „ריזיקע גרייס פון אונדזערע פּלענער״. דערפאר האָט ער אזוי טיף געפילט און געפונען די דיכטערישע מאָסן אף איבערצוגעבן קינסטלעריש די מאסשטאבן פון אונדזער בויונג. ער האָט געווּסט, אז די גרויסע טעמע פאָדערט דאָס גרויסע וואָרט, האָט ער געעפנט פאר אונדז אין דער דיכטונג דעם וועג צום מאָנומענטאלן, צום עפּישן ראכוועס, צו דער הייַנטצייַטיקער עפּאָפּיי.

די ייִדישע דיכטונג האָט קיינמאָל נאָך ניט געוווּסט פון אזעלכע עפּיש־לירישע און עפּיש־סאטירישע פּאָעמעס, ווי די, וועלכע ס׳האָט אונדז געלאָזט בעיערושע פּערעץ מארקיש. „ברידער״, „אופגאנג אפן דניעפּער״, „ניט געדייַגעט״, „דעם באלעגופס טויט״, „מילכאָמע״ — צי זייַנען זיי ניט קיין קינסטלערישע עפּאָפּייען, אין וועלכע עס באהעפטן זיך, ווי בא וולאדימיר מאיאקאָווסקין, די מאָטיוון פון פעלקער־פרייַנטשאפט, פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם, העראָאישן קאמף און שעפערישער מי!
דער אינטערעס צו פּאָעמעס און צו איינהייַטלעכע גרויסע לידער־ציקלען איז כאראקטעריסטיש פאר דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע. מיר זעען עס באשייַמפערלעך בא כאריקן און טייפן, פעפערן און אָשעראָוויטשן, פינינבערגן און ווערגעליסן, קוויטקאָן און שטערנבערגן, האלקינען, האָפשטיינען, טעלעסינען, ווייַנערמאנען אאוו. אדג.

אין דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג פילט זיך שטארק די אָנוואקסנדיקע טענדענץ פון אקטיוון, אָרגאנישן פארייגענען דעם גייַסט פון מאיאקאָווסקיס יערושע. טיילווייַז דערקלערט זיך עס מיט דער אָנגעזאמלטער ליטערארישער דערפארונג פון אונדזערע פאָרגייער. די מאיאקאָווסקי־טראדיציע נעמען די הייַנטצייַטיקע דיכטער אוף סייַ דירעקט באם גרויסן פּאָעט גופע, סייַ דורך דער פארמיטלונג פון די עלטערע סאָוועטישע דיכטער. אלס באשטעטיקונג קאָנען דינען פאָלגנדיקע שורעס אין מ. טייפס פּאָעמע „דאָס געזאנג וועגן ברידער״:

און אין אָוונט, נאָך דער ארבעט,
פלעגן מיר אין סאָד שפּאצירן
אין די קאָרטענע פּידזשאקלעך,
אין געניצעוועטע הויזן,
זעלטן ווען צוזאט געגעסן,
נאָר געזונגען און געלייענט
מאיאקאָווסקיס —
Левой!
Левой!
און האָפשטיינס —
מיר גייען
אין דייַנע פאָרנטיקע רייען,
שפּאנענדיקע מענטשהייַט!

אפילע האָפשטיינס שורע ווערט דאָ צעשטעלט אין מאיאקאָווסקיס שורע־לייטערל!..

סיאיז געוויס ניט צופעליק, וואָס די מאיאקאָווסקי־טראדיציע אנטפלעקט זיך אלץ בוילעטער גראָד אין דער פּאָעמע, גרעסערער ליד, אין לידער־ציקלען. עס בילדעט זיך אויס אין אונדזער דיכטונג די קינסטלערישע טעמע פון וואָרענונג אלס אויסדרוק פון קאמף קעגן אימפּעריאליסטישע מילכאָמע־אונטערצינדער, קעגן אטאָם־מאניאקעס.

הירש אָשעראָוויטש, אין זייַנע פּאָעמעס „וואָרענונג״ און „מאיאָר קלאָד איזערלי״, ווענדט זיך, ווי מאיאקאָווסקי אין זייַן „מיסטעריע בוף״, צום אלעגאָריש־סימבאָ־

לישן זשאנער, נאָר מיט דעם כילעק, וואָס בא מאיאקאָווסקין איז די מיסטעריע געפלאָכטן מיט דער בופאָנאַדע און בא אַשעראָוויטשן קלינגט די וואָרענונג אין פלאַן פון נעוויַישן פאַטאָס און דראַמאַטיק. וויכטיק איז אָבער אונטערצושטרײַכן, אַז דאָס פאַנטאַסטיש־סימבאָלישע איז דאָ נאָר די פאַראַלגעמיינערנדיקע פאָרם פון רעאַל־היסטאָרישן, קאָנקרעטן.

אין די פּאָעמעס פון ווערגעליסן קלינגט די מאיאקאָווסקי־טראַדיציע טיף אָרגאַניש, מיר וואָלטן געזאָגט טעמפּעראַמענטפול. מיר פילן די דאָזיקע טראַדיציע אין דער אייגנאַרטיקער דיכטערישער שטים, וואָס פאַרמאָגט א רײַכן רעגיסטער פון טענער בירגערלעך־קעמפערישע, ליריש־הימנישע, שאַרפזיניק־סאַרקאַסטישע און פאָלקסטימלעך־הומאָריסטישע. ווערגעליס זינגט, רעדט און מאָלט. „איך רעד צו דיר, אַמעריקע“, לעמאָשל, איז א ווערק, אין וועלכן דער דיכטער רעדט מיט צוויי אַמעריקעס: זײַן סאַרקאַסטישע איראָניע איז געווענדט צו די „קאָרפּאָריישנס“, מילכאָמע־אונטערצינדערס פון פּענטאַגאָן, גענגסטערס. פאַר די מיליאָנען ברידער אָבער, פאַר די בויערס, פערמערס, אַרבעטער־נעגערס, באַלמעלאָכעס — „וואָלינער יידן“, פאַר די „קומענדיקע בויערס פון דעם גליק — דעם סאָציאַליזם“, געפינט ער א גוטע, ווינטשנדיקע, ווארעמע, צערטלעכע שפּראַך.

די גרעסערע ליד און גאַנצע לידער־ציקלען שליסן זיך אָן בא אונדז אינעם עפּיש־לירישן זשאַנער פון פּאָעמע טאַקע אין פלאַן פון קינסטלעריש פאַרקערפּערן גרויסע אידייען און פּראָבלעמען, און דאָס איז ביז גאָר אייגנטימלעך און כאַראַקטעריסטיש פאַר יאַנקעוו שטערנבערגן. די פּראָבלעם פון רעוואָליוציאָנערער פּערזענלעכקײַט און איר ראָליע אין געשיכטלעכן גאַנג פון דער מענטשהײַט, די פּראָבלעם פון שרײַבער און פאָלק קלינגען קלוג, אַכרײַעספול אין זײַן „העראָישער באַלאַדע“ און אינעם לידער־ציקל „דער גיבער אין יאַסנע פּאָליאַנע“. שטערנבערג אַנטוויקלט מאיאקאָווסקיס טראַדיציע, ווײַזנדיק די אומשטערבלעכקײַט, די געקייטלטקײַט, דעם גאַנג פאָרויס פון דער רעוואָליוציאָנערער מענטשהײַט אין די געשטאַלטן פון מאַרקסן און לענינען.

שטערנבערג איז דער פּאָעט, וואָס פאַרבינדט הײַנט לעבעדיק דעם יינגערן דאָר דיכטער מיטן עלטערן. דורכמאַכנדיק א גרויסן דיכטעריש־דראַמאַטישן לעבנס־וועג, האָט ער שטענדיק געהאַט אָן אָפּן האַרץ פאַר סאָציאַלע צײַט־שטורעמס. ער באַזינגט אין זײַן פּאָעזיע דאָס אויפגייענדיקע אין שלאַכטן נײַע לעבן. מיט האַרבן ווידערגעפיל, סאַטיריש שלײַדערט ער אָפּ דאָס באַלעבעסלדיק־פאַרדומפּענע און אייגנטימערישע.

כאָטש אונדזער דיכטונג אַרבעט אָנגעשטרענגט אָף דער אויפגאַבע צו שילדערן דעם הײַנטצײַטיקן העלד אין זײַן פאַרבינדונג מיטן סאָציאַליסטישן קאָלעקטיוו, נאָר אין פולן בלוט־און־לײַב, אַלס טיפּיש אינדיווידואַליזירט געשטאַלט, דאַרף אָט דער העלד ערשט נאָך קומען, — דאָס איז א קאָמפּליצירטע, נאָר איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר אונדז.

וולאַדימיר מאיאקאָווסקיס רוף צו דער זון און צו זיך, דעם דיכטער — „שײַן אומעטום, שײַן אייביק העל, ביז צײַט־ענד זאָלסטו שײַנען“, — איז מאַמעש א לייטמאָטיוו אין אונדזער הײַנטצײַטיקער ליריק. בא גרוביאַנען שלאָגט אָט די שײַן אַקטיוו, ער טראָגט עס אַליין אָף די הענט, ווי די זון:

און ווו ס׳איז פינצטער אין א פענצטער,
דאָרט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט.

ליפשיץ גיט אָפּ זײַן שײַן ברייטהאַרציק:

דו ביסט אַרײַן, די טירן עפן ברייטער,
דו ביסט אַוועק, — צינד אָן נאָך זיך די שײַן.

בא באָרוכאָוויטשן איז דער דאָזיקער מאָטיוו נעשאָמעדיק־עקספּרעסיוו:

ווען ס׳פאַלט א שטערן... זײַן ניט ווערן
איז ווי א שווערד איבער מײַן האָפּ.

און אומעטום, בא אַלע אונדזערע ליריקער, — בא דריזן, גאָנטאַרן, בוימוואָל, מאַלטינסקין, בלאָשטיינען, כאַראַצן, סאַקציערן, כײַקינע, טאַלאַלאַיעווסקין, באַליאַסנע, בוכבינדערן, טשערניאַווסקין, קערלערן, — איז עס שײַן ניט סטאַם פאַר זיך, נאָר פאַר אַלעמען. אָט דאָס איז דאָך די עמעס מענטשלעכע ליכט!

מיט אָט דעם אָרגאַניש־אָפּטימיסטישן אויפאַסן די וועלט איז אין אונדזער ליריק פאַרבונדן דער מאָטיוו פון גלייבן אין „אייביקײַט פון גוטסקײַט“, אין „אייביקײַט פון עמעס“, אין „אייביקײַט פון ליבע“ (באָרוכאָוויטש).

מאיאקאָווסקיס טראַדיציע רופט די פּאָעזיע, זי זאָל זײַן פּאָעטיש אין פּאָליטישן און פּאָליטיש אין פּאָעטישן. דעריבער האַלטן מיר דאָ פאַר וויכטיק אויסצוטיילן דעם זשאַנער פון פּאָליטישער ליד. מיר געפינען אין דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג זייער באַדײַטנדיקע לירישע ווערק וועגן לענינען, פּאַרטיי, פאָלק, קאָסמאָנאַווטן, וועגן קובע, קאָנגאָ אאוו. די לעצטע צײַט האָבן מיר עס באַזונדערס בוילעט געזען בא ווערגעליסן, טעלעסינען, כײַקינע, בוימוואָל, גרוביאַנען, בראָמבערגן,ביידערן און אַנד. די לידער און לידער־ציקלען וועגן לענינען און דער פּאַרטיי אין אונדזער הײַנטצײַטיקער דיכטונג זאָגט, ווי אונדז דוכט, איידעס, וועגן דעם, אַז עס גייט אָן ערנסטע אָנזאַמלונג, וואָס וועט עפענען קינסטלערישע מעגלעכקײַטן פאַר א מאָנומענטאַל־עפּישער שילדערונג פון אָט דער גרויסער טעמע, אין וועלכער מאיאקאָווסקי בלײַבט אַוואַדע און אַוואַדע פאַר אונדז דער מוסטער און דער לערער.

ס׳איז באַוווסט, אַז מאיאקאָווסקי האָט געפּאָדערט צו צעשמעטערן אָף פיץ־פּיצלעך די לעגענדע וועגן אַפּאָליטישער קונסט; די אַכרײַעס פאַר סאָציאַלער קונסט איז געווען בא אים גרויס. אין דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער ליד, האָט ער געפּאָדערט, דאַרף זיך פילן א ראַכוועסדיקײַט פון אידיי און פּילאַרטיקײַט פון אויסדרוק. איינצײַטיק מיט דעם האָט מאיאקאָווסקי געפּאָדערט פונעם דיכטער נאָוואַטאָרישקײַט. „נײַקײַט פון מאַטעריאַל און מיטלען איז אָבליגאַטאָריש פאַר א באַליביק דיכטעריש ווערק“.

מאיאקאָווסקיס דיכטונג איז אַליין דאָס לעבעדיקע בילד פון פּאַרטייִשער, הומאַניסטישער קונסט, ער קומט מיט זיך ווי מעמאַלע זײַן די קאָמוניסטישע צוקונפט. דערפאַר איז וולאַדימיר מאיאקאָווסקי ניט פּראָסט די ראָמאַנטישע דערמאָנונג וועגן אונדזערע רעוואָליוציאָנערע יוגנט־יאָרן, ער בלײַבט פאַר אונדז דער זינגער פון היסטאָרישע שלאַכטן פאַרן זיג פונעם קאָמוניזם, ער בלײַבט מיט אַלע זײַנע „הונדערט בענדער פּאַרטייִשע ביכלעך“ אין דער סאַמע מיט פון אונדזער קאַמף פאַר הויך־אידייִשער סאָציאַליסטישער קונסט, ער בלײַבט דער הײַנט און דער מאָרגן פון דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער דיכטונג, פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער וועלט־פּאָעזיע.

יעשוע ליובאָמירסקי

# די ערשטע פּראָגראַם

דער נייַער עסטראַדע־קאָלעקטיוו אונטער ביניאָמין שווארצערס אָנפירונג האָט זינט נאָיאבער פאָריקן יאָר דורכגעמאכט א טורנע איבער צענדליקער שטעט פון סאָוועטנפארבאנד (ווילניוס, קאונאס, ביראָבידזשאן, זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, קיראָוואָגראד, טשערנאָוויץ, טשערקאס, פּאָלטאווע, קרעמענטשוג, קאָראָסטען, אָרענבורג, סאראטאָוו, קויבישעוו, קאזאן, אלמא־אטא, קאראגאנדא, דזשאמבול, באלכאש, טאשקענט, סאמארקאנד אאוו.). אין מאָסקווע האָט דער קאָלעקטיוו געהאט פיר קאָנצערטן. קימאט אומעטום קומען פאָר זייַנע ארויסטרעטונגען בא געפּאקטע זאלן. מע קאָן שוין איצט מאכן אן אויספיר פון אָט דער ערשטער קאָנצערטרייַזע, אז די שפּיל פונעם נייַעם ארטיסטישן קאָלעקטיוו דערוועקט דערהויבענע געדאנקען און געפילן און פארשאפט דעם צושויער אן עסטעטישע הנאָה.

זעלבסטפארשטענדלעך, אז אונדז אינטערעסירט אויך, וואָס פאר א פּלאץ האָט דער אנסאמבל פארנומען אין דער ריי פון די עקזיסטירנדיקע ייִדישע עסטראַדע־אנסאמבלען. ווען מע קוקט דורך זייַן פּראָגראם, ווערט קלאָר, אז דער דאָזיקער שעפערישער קאָלעקטיוו סטימולירט די ווייַטערדיקע אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער עסטראַדע. ס׳איז צו זען, אז אונדזערע ארטיסטישע בריגאדעס איז ענג געוואָרן אין די ראמען, אין וועלכע מע האָט זיי געהאט אריינגעשפּארט: א זינגער, א פאָרלעזער און א פּיִאניסט אָדער א זינגער, א פידלער און א פּיִאניסט. סידי טאל און אנא גוזיק האָבן שוין לאנג פּרובירט פארברייטערן די ראמען פון זייער רעפּערטואר. אנא גוזיק האָט נאָך צוריק מיט עטלעכע יאָר אין איר פּראָגראם אויסגענוצט עטוואָס פון גאָלדפאדנס „קישעפמאכערן“, ווי אויך פון שאָלעם־אליכעמס „סטעמפּעניו“. סידי טאל האָט באַרייַכערט איר פּראָגראם מיט א פארגאנצטן וואָדעוויל.

דער נייַער קאָלעקטיוו האָט פון טכילעס אָן פאר זיך אוועקגעשטעלט א שווערע אויפגאבע: קומען צום צושויער מיט א וואָגיקן דראמאטישן רעפּערטואר. אָנהייבן מיט שאָלעם־אליכעמס „טעוויע דער מילכיקער“ — דאָס איז געווען א געוואגטער שריט, ביפראט, אז די בריגאדע באשטייט פון א קליינער צאָל אקטיאָרן. דער רעזשיסער שווארצער האָט באשלאָסן דערווייַל באנוגענען זיך בלויז מיטן ערשטן אקט, דאָס הייסט אָפּגעבן די גרעסטע אויפמערקזאמקייַט די נייַע צוגווינטן, וואָס האָבן זיך געלאָזט שפּירן אין דער האָרעפּאשנער ייִדישער סוויווע ערעוו דער רעוואָליוציע פון 1905, די צוגווינטן, וואָס האָבן ארויסגעריסן האָדלען פון איר היים.

וואָס זשע האָט שווארצער ארייַנגעטראָגן זייַן אייגנס אין דער גאלעריי סצענישע טעוויע־געשטאלטן, וואָס דער ייִדישער טעאטער פארמאָגט?

דער עלטערער דאָר געדענקט, ווי רודאָלף (רוּוון) זאסלאווסקי האָט געשפּילט טעוויען, ווי שלוימע מיכאָעלס האָט אויסגעזען אין אָט דעם געשטאלט. זאסלאווסקי האָט אין טעוויען קוידעמקאָל באוויזן א פאָלקסמענטש, וואָס פּראָטעסטירט לייַדנשאפטלעך קעגן סאָציִאלע אוולעס. ער האָט אין אייניקע מאָמענטן געשילדערט טעוויען מיט א גרויסער פּאטעטישער קראפט. אים האָט דאָך אלעמאָל געצויגן צו דערלאנגען אין א ראָמאנטישער באלויכטונג זייַנע באליבטע סצענישע העלדן. שאָלעם־אליכעם האָט מינאסטאם אזא טעוויען זיך ניט פאָרגעשטעלט... אין די הומאָריסטישע סצענעס פון „טעוויע דעם מילכיקן“ האָט זאסלאווסקי אָפט איבערגעכאפּט די מאָס. דאָ האָט ער זיך נויהעג געווען לויט די טראדיציעס פונעם אלטן ייִדישן טעאטער, ווו דער קאָמיקער איז אלעמאָל געווען אן אימפּראָוויזאטאָר און דערצו א גרייַלעכער קונדעס אינעם נוסעך פון די ייִדישע פורימשפּילערס און מארשאלעקעס.

מיכאָעלסן האָט אין דער ערשטער ריי אינטערעסירט דער טעוויע, וועלכער באטראכט דעם וועלט־סיידער. אייַנהערנדיק זיך אין דער סימפאָניע פון דער גאנצער טעוויע־עפּאָפּיי, האָט מיכאָעלסעס אויער אויפגעכאפּט דעם לייטמאָטיוו: „פרעגט די וועלט אן אלטע קאשע“. אייגנטלעך, איז טעוויען אויסגעקומען זיך פארטראכטן איבער עטלעכע אלטע קאשעס: צו וואָס, אשטייגער, טויג עס, אז אף דער וועלט זאָלן זייַן אָרעמע און רייַכע? וועהאשייניס, ווער דארף עס דעם אָפּגרונט צווישן ייִד און ניט־ייִד? און נאָך: פארוואָס זאָגן זיך די קינדער אָפּ צו גיין אף די אויסגעטראָטענע וועגן פון די עלטערן? אזוי־ארום, האָט מיכאָעלס גאנץ באשטימט געצויגן אונדזער גרעסטע אויפמערקזאמקייַט אפן פילאָסאָפירנדיקן טעוויען — אָט פונקט, ווי ער האָט עס געטאָן אין זייַן אינטערפּרעטאציע פון קיניג ליר. נאָך מער: מיכאָעלסעס טעוויע איז א שטיק סימבאָל פונעם ייִדישן פאָלק. מע דארף נעמען אין באטראכט, אז בעשאס מיכאָעלס האָט געגרייט טעוויען, זייַנען די שווארצע כמארעס פונעם דייַטשישן פאשיזם שוין געהאנגען איבער אייראָפּע. און מיכאָעלס האָט דערשפּירט, אז אויך איבערן קאָפּ פון די אייראָפּעיִשע ייִדן הענגט א ריזיקער בלאנקענדיקער כאלעף. אָט דאָס האָט דעם גרויסן ארטיסט געשטויסן ארופצוווארפן אף דער טעוויע־פאָרשטעלונג א טראגישן אָפּשייַן. און דעריקער — אף טעוויען גופע. ניט אומזיסט האָט מען געהאט צו אים טייַנעס, לעמייַ האָט זיך אין זייַן טעוויען געשפּירט א לייַבלעכער קאָרעוו פונעם ביבלישן איִעוו.

יעדער באדייַטנדיקער אקטיאָר געפינט געווייינלעך זייַן אייגענע מאָס, זייַן אייגנארטיקע אויפאסונג פון יעטווידער ראָל, וואָס ער שפּילט. ביפראט איז דאָס ריכטיק, ווען עס האנדלט זיך מיקויעך אזא געשטאלט, ווי טעוויע, וואָס איז אזוי פילזייַטיק און פארביק. ס׳איז שווער צו פּאסקענען, ווער אשטייגער האָט ריכטיקער געשילדערט האמלעטן: מאָטשאלאָוו, צי דאלסקי, צי קאטשאלאָוו. פונקט אזוי איז שווער באשליסן, ווער פון די ייִדישע

אקטיאָרן איז מער גערעכט געווען אין זײַן באַנעמען טעוויען.

איינס איז קלאָר: דעם אקטיאָר שוואַרצער האָט אין טעוויען דעריקער פאַרכאַפּט די האַנאָע, וואָס עס פילט אָט דער האָרעפּאַשניק, ווען ער גייט אום בא זיך אין הויף, באַטראַכט זײַן באַטקאָווטשינע, די אוקראַיִנער ראַכוועסן, וואָס שפּרייטן זיך ארום זײַן כאַטע, ארום זײַן גאָרטן, ארום דער שטאַל, וווּ עס מאַלעגיירעט זײַן מורע בעהיימע; די האַנאָע, ווען עס דערקוויקט אים דער אראָמאַט פונעם הויכן, פרישׂ שמעקנדיקן גראָז; די האַנאָע, ווען עס דערגייען צו זײַן געהער די טיף לירישע אוקראַיִנישע לידער, וועלכע עס זינגען אַזוי הילכיק זײַנע טעכטער בייס דער ארבעט. שוואַרצערן פאַרכאַפּט טעוויעס טיפע מענטשלעכקײַט, זײַן ליבהאַרציקײַט, די שעפע וואַרעמקײַט, וואָס טעוויע פאַרמאָגט. דאָס דערזעען מיר אין די שטראַלנדיקע אויגן פון זײַן טעוויען, אין וועלכע עס פינקלט אַזויפיל גוטמוטיקײַט. עמעס, צומאָל פאַרטונקלט אָט די אויגן א דײַגע־כמאַרעלע. דאָס איז נאַטירלעך, מאַכמעס טעוויען איז באַשערט אויסצושטיין א היפּש ביסל ניסיוינעס. דאָך פאַרגעדענקט זיך אין שוואַרצערס טעוויען מער פון אַלץ זײַן ביטאָכן, זײַן מוט — „טעוויע איז ניט קיין ייִדענע!“ אפילע אינעם ווייטעקדיקן מאָמענט, בעשאַס ער געזעגנט זיך מיט פערטשיקן, האָדלס באַשערטן, איבער וועמעס קאָפּ עס הענגט שוין די שטראָף פון דער צאַרישער זשאַנדאַרמעריע פאַרשיקט צו ווערן, פאַרלירט דאָך טעוויע ניט זײַן האָפעדיקײַט.

דאָס טראַגישע אין אייניקע סיטואַציעס, אין וועלכע טעוויע פאַלט ארײַן, ווערט געלינדערט דורך קאָמישע גענג. אשטייגער, ווען טעוויע דערציילט גאָלדען דעם אויסגעטראַכטן כאָלעם, באַזונדערס, ווען ער נעמט אָף זײַן אייגנאַרטיקן שטייגער אויסטײַטשן די פּסוקים. אָט אַזוי איז שוואַרצערס שילדערונג פון דעם געשטאַלט דורכגעזאַפּט מיט ליכט־ און שאָטן־שפּיל. און ס׳איז דאָך קלאָר, אַז וואָס מער א געשטאַלט איז רײַך אין קאָנטראַסטן, אַלץ מער באַגײַסטערט עס דעם אקטיאָר.

קעדײַ אויך אונטערצושטרײַכן, אַז אין „טעוויע דעם מילכיקן“, וואָס עס באַווײַזט שוואַרצערס אַנסאַמבל, האָבן מיר א גליקלעכע פּראָפּאָרץ, ווו ס׳איז שווער צו באַשליסן, וואָס ˙ווּעגט איבער: דאָס טראַגישע צי דאָס קאָמישע. שאָלעם־אַלייכעמס ווונדערבאַרער הומאָר שפּאַרט דאָ פון אַלע ווינקעלעך, פון אַלע שפּאַלטן, באַזונדערס בעשאַס דעם דיִאַלאָג פון טעוויען און פערטשיקן. טעוויען גלוסט זיך א ביסעלע כויזעק מאַכן פון אָט דעם באָכערל. אָבער גאָר גיך איבערצײַגט ער זיך, אַז דעם פּאַפּיראָסניקס זונדל איז א האַרט ניסל, וואָס עס איז שווער אײַנצובײַסן...

שפּילן פערטשיקן איז א שווערע האַלאָכע. מיר, צושויער, באַדאַרפן מער גלייבן, ווי בעפּויעל־מאַמעש זיך איבערצײַגן, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט א פאַרהאַרטעוועטן אונטערערדישן קעמפער. שאָלעם־אַלייכעם איז גראָד אין דער שילדערונג פון פערטשיקן געווען זייער שפּאָרעוודיק. פערטשיקס טעטיקײַט ווײַזט זיך אין אָט דער פּיעסע ארויס בלויז אין דעם, וואָס ער ברענגט האָדלען רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור, און דעריקער אין דעם, וואָס ער רעדט מיט טעוויען וועגן פאַרקריפּלטע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, וועגן סאָציִאַלן אוּמרעכט.

טעוויעס שפּראַך בליצט מיט האַמוינישע שפּריכווערטער, מיט כאָכמעס, מיט פּסוקים, וועלכע ער קערט קימאַט אַלעמאָל איבער אָף דער לינקער זײַט. פערטשיקס לעקסיק איז, לעהייפעך, טרוקן, לאַקאָניש. קומט אויס, אַז דער אַלטער טעוויע איז דאָ אין א געוויסער מאָס א שטיק קונדעס, בעשאַס דער יונגער פערטשיק זעט לעגאַבע אים אויס מער באַדאַכט, שווערער אָף דער דייע. ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עס קאָן זיך יאַווען אַן אקטיאָר, וועלכער וועט באַרײַכערן אָט די ראָל מיט זײַן האַמצאָעדיקײַט און דערגאַנצן דאָס, וואָס דער אַווטאָר האָט ניט דערזאָגט... דער אקטיאָר א. קאָגאַן האָט, קאָנטיק, באַשלאָסן אָף ריזיקאַלע וועגן זיך ניט לאָזן. ער האָט באַנומען פערטשיקן, ווי זייער א באַשיידענעם און צוריקגעהאַלטענעם מענטשן. און — דעריקער — ווי זייער א טאַקטישן. ניט געקוקט אָף טעוויעס אָפּגעשטאַנענקײַט און לעצאָנישע גענג, ווײַזט א. קאָגאַנס פערטשיק ארויס בענעגייע אים גרויס דערעכערעץ. שאָלעם־אַלייכעמס טעקסט האָט פערטשיקן ארײַנגעפּאַסט אין א שטרענגער ראַם. דער אקטיאָר א. קאָגאַן האָט זיך ניט געיאָגט נאָך ביליקע עפעקטן. צווישן טעוויעס עקספּאַנסיווקײַט און פערטשיקס אינערלעכן טיף באַהאַלטענעם ברען שאַפט זיך צומאָל א האַרמאָניע.

אָט די געצוימטקײַט, וועלכע איז אַזוי מערקבאַר אין א. קאָגאַנס שפּיל, איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר דער אקטריסע ל. קאָלינע, וועלכע שפּילט גאָלדען. איר געדענקט, ווי גאָלדע זיצט און האַלט אין דער האַנט א הויכע הילצערנע קיילע? זי באַמיט זיך אויסשלאָגן פּוטער אין אָט דער קיילע. און אָט טוט זי א קרעכץ און גיט א זאָג: „מע שלאָגט און מע שלאָגט, אָבער קיין פּוטער זעט מען ניט“. דאָס איז א רעמעז אָף איר גוירל. זי פאַרשטייט ניט די האַסאָגעס פון אירע טעכטער. עפּעס טוט זיך ארום איר, און זי בלײַבט ניט ווּיסנדיק, וואָס ווילן אָט די אַלע מענטשן, וועלכע טומלען און האַווען. זי האָט געטרוימט, אַז איר האָדל זאָל ארײַנפאַלן אין א שמאַלצגרוב, אַז איר האָדל זאָל טראָגן א מאַנטל מיט קעץ און מיט שליאַמעס, ווי בא „לײַטן“. אָבער דאָס האָט זיך ארויסגעוויזן ניט מער, ווי א זיסער כאָלעם. זיצט זי א דערשלאָגענע. זי ווערט באָטל לעגאַבע טעוויען, אָט פּונקט אַזוי, ווי די לעוואָנע ווערט באָטל לעגאַבע דער שײַנענדיקער זון. אפילע מאַלקע אין „צעזייט און צעשפּרייט“ (וועלכע איז א גילגל פון גאָלדען) ווערט ניט באָטל לעגאַבע מייער שאַלאַנטן. א מוירעדיקע פּאַסיווקײַט, א גרײַלעכע האַכנאָע. אָט אַזאַ גאָלדע שפּילט זי — ל. קאָלינע. מע קאָן גאָלדען ווײַזן מיט א שעפע ליריק, מיט מערער האַרציקײַט. אונדז זײַנען באַקאַנט אויך אַזעלכע אויסטײַטשונגען פון דעם גאָלדע־געשטאַלט. ל. קאָלינע האָט קיין גרייטע מוסטערן ניט נאָכגעפּאָלגט — זי האָט אונדז דערלאַנגט גאָלדען אַזוי, ווי זי האָט דערשפּירט אָט די פרוי. דורכויס מיט א געפיל פון מאָס — סײַ אין די ליידן, סײַ אין די פריידן.

מיט אַן אייגענער מאָס איז דער ארטיסט ז. שולמאַן צוגעגאַנגען צו לייזער־וואָלף דעם קאַצעוו. לייזער־וואָלפס לייטמאָטיוו איז אין ז. שולמאַנס אינטערפּרעטאַציע ניט קיין גרילצנדיקער — ער איז פאַרדומפּן, ווי דאָס פאַרטויבטע סקריפּען פון א טעמפּער זעג. דער צושויער בלײַבט ניט גלײַכגילטיק צו דער שפּיל פונעם אקטיאָר. א סימען, אַז טרעפלעך איז די איראָניע, מיט וועלכער ז. שולמאַנס שפּיל איז דורכגעדרונגען.

ס. ביניק איז אָן שום ספק א טאַלאַנטפולע

אקטריסע. זי פארמאָגט א היפּש ביסל מײַלעס, וועלכע א סצענע־קינסטלערן קאָן זיך ווינטשן: א קלינגעוודיקע שטים, אן אויסגעצייכנטע דיקציע, א שלאַנקע פיגור, א פּאָנעם, אף וועלכן ס׳איז אויסגעגאָסן כיין. אינעם פראַגמענט פון „טעוויע דעם מילכיקן" האָט זי, ווי אונדז דוכט, צופיל באַפארבט דאָס האָדל־געשטאַלט מיט טראַגיק. אזעלכע יוגנטלעכע, ווי האָדל, ווי פּערטשיק, האָבן זיך געפילט גליקלעך, ווען די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג האָט זיי א טראָג געטאָן אף אירע כוואַליעס. דעריבער באַדאַרף מען בענעגייע טראַגישע טענער אין אָט דער ראָל זײַן זייער פאָרזיכטיק. אויב אָבער דער ברוויזנדיקער טעמפּעראַמענט האָט געבראַכט דערצו, אז ס. ביניק אין דער ראָל פון האָדל איז עטוואָס מער פּאַטעטיש, ווי עס וואָלט געדאַרפט זײַן, האָט ער איר גוט צוגעדינט בעשאַס זי האָט אין דער קאָנצערט־אָפּטיילונג פאָרגעלייענט האַלקינס ליד — „נעקאָמע". אָט די ליד איז א צאָרנדיקער רוף נעקאָמע צו נעמען פון די היטלערישע ראָצכים, וואָס האָבן מאַסנווײַז אומגעבראַכט ייִדישע קינדער, פּיצלעך קינדער „פון דרײַ יאָר ביז אכט".

מיט א קוים אײַנגעהאלטענעם צאָרן לייענט ס. ביניק האַלקינס בריִענדיקע שורעס. איר שפּירט, ווי א וויי־געשריי שפּארט פון איר הארצן, אָבער זי האַלט אײַן אָט דעם וויי־געשריי. און טאַקע פון אָט דער אָנגעשטרענגטקײַט — עס זאָל ניט אויסברעכן א יאָמערדיק געוויין, וואָס רײַסט זיך בא דער אקטריסע פון אינווייניק, טוט באַם צוהערער א יאָג א גרויל איבערן לײַב.

און פּונקט ווי אינעם פראַגמענט פון „טעוויע דעם מילכיקן" מונטערט דעם צושויער דער פארהעלטניסמעסיקער גלײַכגעוויכט צווישן טראַגישן און קאָמישן, אזוי האָט דאָ ביניק געפונען פּארן צוהערער אן אויסוועג פון דער טראַגישער שטימונג, וואָס האַלקינס שילדערונג לאָזט נאָך זיך איבער. דערמונטערנדיק קלינגט דערנאָך דורך אין ס. ביניקס אויספילונג יעווטושענקאָס ליד „די מאַלקע שיינהײַט", וואָס איז א הימן דער קובישער רעוואָליוציע. א גוטמוטיקן שמייכל רופט בא אלע צוהערער ארויס טייפּס ווילינגערישע הומאָרעסקע אין פּערזן „זעקס שוועסטער".

און אָט דער גוטמוטיקער שמייכל צעגיסט זיך נאָך ברייטער אף די פּענעמער פונעם אוילעם, ווען דער אקטיאָר א. קאָגאַן לייענט פּעפּערס „בויערקער וואַלד". שאָלעם־אַלייכעם טוט זיך אין דער ליד א באַווײַז אין בויערקער וואַלד, ווו ער באַגעגנט זיך מיט זײַן טעוויען — הערט א מײַסע! — וועלכער איז שוין „קאָלווירטיש געקליידט", און מיט פּעפּערל־פּערטשיקן, וואָס „האָט פון די שלאַכטן זײַן ערע געבראַכט".

ניט קיין שלעכטער אײַנפאַל פונעם אקטיאָר א. קאָגאַן — א הייב טאָן דעם פּאָרהאַנג, וואָס האָט פּאַרדעקט פּערטשיקן, ווען מע האָט אים ארויסגעשיקט קיין סיביר, און בליצשנעל א ווײַז טאָן, וואָס איז מיט אים שפּעטער געשען. ס׳איז אוואַדע א טרעפלעכע הויסאָפּע צום פּערטשיק־געשטאַלט, וואָס דער אקטיאָר האָט אין „טעוויע דעם מילכיקן" בעצימצעם אונדז דערלאַנגט. און ווען דער אקטיאָר רעציטירט אונדז גלײַך נאָך פּעפּערס ליד כאָיִם ביידערס „גאָלדענע הענט" און „מײַן פּארטיי", קומען מיר צום אויספיר, אז אין א. קאָגאַנס אויסוואַל פון זײַן קאָנצערט־רעפּערטואַר שטעקט א ריכטיקע קאַוואָנע. אויב אינעם פראַגמענט פון „טעוויע דעם מילכיקן" און אין דער ליד „בויערקער וואַלד" דערוויסן מיר זיך מיקויעך פּערטשיקן, אז ער איז א קעמפער קעגן סאָציִאַלן אומרעכט, קלינגט די ליד „גאָלדענע הענט" ווי א לויב־געזאַנג די הונדערטער טויזנטער פּערטשיקס, וועלכע האָבן לעסאַטע פארלאָזט דאָס געווער און מיט זייערע גאָלדענע הענט גענומען בויען דעם קאָמוניזם און טאַקע אײַנצײַטיק באַוואָרענען די שוץ פונעם סאָציִאַליסטישן האָב און גוטס. עס באַקומט זיך א נאַטירלעכער איבערגאַנג פון „בויערקער וואַלד" צו „גאָלדענע הענט". נאַטירלעך איז אויך א. קאָגאַנס אריבערגאַנג פון די „גאָלדענע הענט" צו דעם זעלבן ביידערס ליד „מײַן פּארטיי". א קלאָרע זאַך: קעדיי דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק זאָל מיט זיכערקײַט בויען, איז נייטיק די פעסטע אָנפירונג פון דער פּארטיי, איר ריכטליניע, איר אידייִשע ווירקונג.

ניט אלעמאָל גיט זיך אײַן, אז די באַשטאַנדטיילן פונעם אקטיאָרס ארויסטרעטונג אף א קאָנצערט זאָלן אזוי האַרמאָניש דערגאַנצן איינער דעם צווייטן, האַגאַם „בויערקער וואַלד" האָט דער אקטיאָר קינסטלעריש נאָך ניט פארפולקומט אין פּראַט פון מאָדולירן די אינטאָנאַציע, פון באַרײַכערן די ליד מיט פּאוזעס, מיט ניואַנסן.

א נאַטירלעכע דערגאַנצונג צו די רירנדיקע עמאָציעס, וואָס שוואַרצערס טעוויע דער מילכיקער רופט ארויס, שטעלט מיט זיך פאָר א. ווערגעליסעס ליד „א טאָג פון אָפענע הערצער", וועלכע רופט צו עכטן הומאניזם און וועלכע דער ארטיסט ב. שוואַרצער רעציטירט מיט א באַדײַטנדיקער אופווירקונגס־קראַפט.

טרעפלעך איז אויך אין דער קאָנצערט־פּראָגראַם דער אויסוואַל פון דער אקטריסע קאָלינע. זי האָט פאָרינטערעסירט די צוהערער מיט איר קינסטלערישער באַנעמונג פון י.־ל. פּערעצעס „מוסער". בעשאַס אין דער פּערזאָן פון גאָלדע האָט די דאָזיקע אקטריסע אונדז געשילדערט א ייִדישע מוטער, וואָס איז קאַפּאַבל שטומערהייט איבערלעבן אין זיך די טרויעריקע אָנשיקענישן, וועלכע זײַנען איר באַשערט, האָט זי אין „מוסער", פּארקערט, געקראָגן די מעגלעכקײַט צאָרנדיק אויסדריקן דעם פּראָטעסט פון אן אומגליקלעכער מאַמע קעגן דער באַלעבעסלדיקער צוויִעסדיקער מאָראַל, וואָס קאַליעטשעט יונגע לעבנס. דער צוהערער ווערט מיטגעריסן: ער דערשפּירט, ווי עס זידט און קאָכט אינעם גאַנצן וועזן פון דער אקטריסע, בעשאַס זי דערציילט אונדז די טרויעריקע געשיכטע. קאָלינע דערטראָגט אונדז פּערעצעס ווערק אָן מעלאָדראַמאַטישער און נעווראַסטענישער אופגעשרויפטקײַט.

א היפּשן כיילעק אינעם דערפאָלג פונעם קאָלעקטיוו טראָגט ארײַן דאָס געזאַנג פון זינאָווי שולמאַן. ס׳איז איבעריק צו ריידן וועגן דער פּאָפּולערקײַט פון אָט דעם זינגער. אין די יונגע יאָרן פלעגט שולמאַן באַצויבערן די אַודיטאָריע מיט דער צאַרטקײַט פון זײַן שטים. ווען אָט דער זינגער האָט דערגרייכט א געוויסע רײַפקײַט, איז ער געוואָרן א מומכע אויך אף אינטערפּרעטירן די אַזויגערופענע כאַראַקטער־לידער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט איראָניע און הומאָר. דאָ האָט דער זינגער א סאַך געשעפּט פון די אוצרעס פונעם ייִדישן מוזיקאַלישן פאָלקלאָר, אָדער, פּאָשעט גערעדט, ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו די פון לאַנג באַקאַנטע און בא די מאַסן באַליבטע פאָלקסלידער. פארשטייט זיך, אײַנצײַטיק זינגט ער גערן די ווערק פון די סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן, לעמאָשל פּולווערס און פּאָלאָנסקיס מעלאָדיעס צו פּעפּערס טעקסטן. אליין א פאָלקסמענטש, האָט שולמאַן, נאַטירלעך, זיך געצויגן צו אזא עכטן פאָלקסדיכטער, ווי פּעפּער. אפילע אין דער נײַער קאָנצערט־פּראָגראַם פונעם קאָלעקטיוו, וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט, האָט ער ניט פארגעסן

אין פעפערן און געזונגען זײַן „שפילט א פריילעכס" (מוזיק פון ס. פּאָלאַנסקי). אָן שום סאָפעק, ז. שולמאַן פאַרדינט א יאשער־קויעך דערפאר, וואָס ער פּאָפּוליאַריזירט אין זײַן לעצטער זינג־פּראָגראַם אונדזערע הײַנט־צײַטיקע דיכטער.

קיינער קאָן ניט באַשטרײַטן די האַנאָבע, אַז פאָלקס־לידער באַדאַרפן אַלעמאָל פאַרנעמען א בעקאָוועדיק אָרט אינעם רעפּערטואַר פון אונדזערע זינגער און זינגערנס. און דאָך וועט אַן עסטראַדע־טוער, וועלכער פילט א פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער נאַציאָנאַלער מוזיקאַלישער קולטור, ניט זאָגן, אַז וויבאַלד מיר פאַרמאָגן אַזאַ אויצער מוזיקאַלישן פאָלקלאָר, איז איבעריק סטימולירן די נײַע ייִדישע סאָוועטישע מוזיק.

אונדזערע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן געשאַפן ניט ווייניק מוזיק צו די טעקסטן פון די בעסטע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער, צענדליקער און צענדליקער לידער, ווו עס מערקן זיך זוכענישן פון א נײַעם סטיל, פון א סינטעז צווישן דער „טראַדיציאָנעל־ייִדישער" און דער הײַנטצײַטיקער מוזיק. די זינגער דאַרפן באַרײַכערן זייער רעפּערטואַר מיט אָט די ווערק.

א וויכטיקע אופגאַבע איז צוציִען צו דעם אַנסאַמבל נײַע אַרטיסטישע קויכעס, פריִער פאַר אַלץ א פּאָר אַקטיאָרן־סאַטיריקער. דאָס וועט אַרײַנגיסן נײַע קרעפטן אינעם קאָלעקטיוו און ענגער פאַרבינדן אים מיט די צושויער.

---

# טאַלאַנט און מײַסטערשאַפט



ך איינעם פון אירע קאָנצערטן האָט נעכאַמע ליפשיצײַטע אומדערוואַרט פאַרפירט א שמועס מיט די צושויער. ווײַט ניט יעדער קינסטלער אַנטשליסט זיך אָף אַזעלכעס.

איך געדענק ניט פינקטלעך, וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר דער זין פון איר רעדע איז געווען אַזאַ:

מײַן אופגאַבע אַלס קינסטלער איז — נעמען אײַערע איבערלעבונגען, אײַערע געפילן, אײַערע מאַכשאָוועס און פאַרשטאַרקן, באַרײַכערן זיי מיט מײַן קונסט, דערנאָך אומקערן זיי צוריק צו אײַך באַנײַטע, פאַרשאַרפטע...

און ס'איז טאַקע אַזוי. גרויס איז, צום בײַשפּיל, אונדזער האַס צו די פאַשיסטישע מערדער, גרויס איז די ליבע צו די, וועלכע האָבן אָף דער שוועל פון קיווער ניט פאַרלאָרן זייער מוט, זייער מענטשלעכע ווירדע און מיט אַלע קויכעס געקעמפט קעגן פאַשיזם. נאָר ווען מיר הערן, ווי נעכאַמע ליפשיצײַטע זינגט „באַבי־יאַר" אָדער „עס ברענט", — ווערן אונדזער סינע, אונדזער האַס אומגעהײַער גרעסער, די ליבע שטאַרקער, מיר זײַנען גרייט צו אויסרופן מיט א פולער שטים: „ניין, מער טאָר זיך עס ניט איבערכאַזערן, מיר וועלן דאָס ניט דערלאָזן!"

אָדער נאָך: מיר האָבן ליב אַן אַלטן, שיינעם ייִדישן ניגן, מיר זײַנען גרייט אים שטילערהייט, פאַר זיך, זינגען. ס'פאַרשטייט זיך, נאָר פאַר זיך — ניט, כאָלילע, פאַר פרעמדע. נאָר ווען מיר הערן, ווי ליפשיצײַטע זינגט דעם אַלטן ניגן, קאָנען מיר זיך ניט אײַנהאַלטן, און ניט געקוקט אָף דעם, וואָס אַרום אונדז איז פול מיט מענטשן, זינגען מיר נאָך און טאַקע אָף א קאָל...

אַזוי נעמט די זינגערן דעם אַלטן ניגן, און קערט אים אונדז אום צוריק א פאַרשטאַרקטן.

אין זײַנער א לעקציע אָף דער טעמע: „דאָס וויכטיקסטע אין דער קונסט" האָט ש. מיכאָעלס ציטירט בעלינסקיס ווערטער: „א קינסטלער איז יענער, וועלכער זעט אידייען. זען אידייען — דאָס הייסט קענען זיי פאַרקערפּערן אין לעבעדיקע קינסטלערישע בילדער, מאַכן זיי צו־טריטלעך און פאַרשטענדלעך פאַרן פאָלק. אָט דאָ הייבט זיך אָן די הערלעכע ראָליע פון קונסט און קינסטלער אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, זייער שווערער און גליקלעכער גורל".

אין אַלע לידער, וואָס נעכאַמע ליפשיצײַטע זינגט, זעט זי קאָנקרעטע אידייען. און ניט נאָר זי זעט — זי פאַרקערפּערט זיי „אין לעבעדיקע קינסטלערישע בילדער". א לאַנגע צײַט נאָך דעם, ווי מיר האָבן געהערט ליפשיצײַטעס געזאַנג, דערמאָנען מיר זיך אין אירע לידער און לעבן איבער נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט בײַם דעם קאָנצערט. לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי מיר ווישן אויס שטילערהייט א טרער, ווען די זינגערן פילט אויס ראָזנפעלדס „א ניגן אָן ווערטער", לאָמיר זיך דערמאָנען אין אונדזער גוטן שמייכל, ווען מיר הערן געבירטיגס „דרײַ טעכטער" און „דאָס לוסטיקע שנײַדערל", אונדזער פריילעכן געלעכטער, ווען זי זינגט די סאַטירישע פאָלקסליד „קאַטערינאַ מאַלאַדיצאַ". ווי שיין און פּרעכטיק שטייט אוף פאַר די אויגן אונדזער היימלאַנד, ווען ליפשיצײַטע זינגט דונאַיעווסקיס ליד „דאָראָזשנאַיאַ".



און דאָס אַלץ דערגרייכט ליפשיצײַטע ניט בלויז מיט איר שיינער שטים, נאָר אויך מיט אויסדרוקספולער מימיק, מיט אירע שפּילנדיקע הענט, מיט יעדער באַוועגונג אירער.

אַלס א מוזיקאַנט בין איך אַן אײַדעס: עס פאָדערט זיך פיל שעפערישע מי און פּאָשעט שוואַרצע אַרבעט, קעדיי צו דערגרייכן אַזאַ הויכע מאַדרייגע אין קונסט.

---

צווישן א ריי מוזיקאַנטן און מוזיק־קריטיקער הערשט א מיינונג, אַז קעדיי צו זינגען פאָלקסלידער, דאַרף מען ניט האָבן קיין שטימע פון א זינגער, קיין ספּעציעלע מוזיקאַלישע בילדונג. ס'איז גענוג, זאָגן זיי, גוט וויסן און פילן פאָלקסלידער און זיי זינגען פונקט אַזוי, ווי עס זינגט זיך.

טיילווײַז איז דאָס ריכטיק. מיר ווייסן וועגן א סאַך

זינגער, וועלכע האָבן ניט קײַן שטאַרקע שטימע, קיין מוזיקאַלישע בילדונג, און פונדעסטוועגן זינגען זיי פאָלקסלידער זייער גוט, מיט א פאַרדינטן דערפאָלג.

ווי אויסגעצייכנט, מאַמעש פּרעכטיק האָבן געזונגען ייִדישע לידער אַזוינע ניט פּראָפעסיאָנעלע זינגער, ווי מיכאָעלס, זוסקין, שטיימאַן און אַנדערע דראַמאַטישע אַקטיאָרן. זיי האָבן פאַרשטאַנען און געפילט די ייִדישע פאָלקסליד, געהאַט אן אייגנאַרטיקן טאַלאַנט דערצו.

דאָס אַלץ פאַרמאָגט אויך נעכאַמע ליפשיצײַטע, און אין דער פולער מאָס. נאָר כוץ דעם האָט זי נאָך א ביז גאָר שיינע שטימע מיט א רײַכן טעמבער. זי פאַרמאָגט א זעלטן ריינע אינטאָנאַציע, מאַמעש א ציכטיקע. זי איז מוזיקאַליש געבילדעט — ניט נאָר אין וואָקאַל (געזאַנג), נאָר ביכלאַל אין מוזיק. און דאָס העלפט איר אינטערעסאַנט אינטערפּרעטירן ניט בלויז ייִדישע פאָלקסלידער, נאָר אויך קלאַסישע ווערק — אָפּערע־אַריעס און ראָמאַנסן, די ווערק פון סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן. מיר האָבן ניט איין מאָל געהערט ווי זי זינגט ראָמאַנסן פון רימסקי־קאָרסאַקאָוו (דעם „מיזרעך־ראָמאַנס") און אַנדערע מוזיק־קלאַסיקער. מיר האָבן געהערט אין איר אויפפירונג שאַפּאָרינס „וואָקאַליז" און דוואָריאָנאַסעס „שטערנדל". מע קאָן דיסקוטירן: צי דאַרף מען אָט די ווערק אינטערפּרעטירן אַזוי, אָדער עפּשער אַנדערש. נאָר איינס איז קלאָר פאַר יעדערן: דאָס זינגט א מײַסטער.

די ייִדישע פאָלקסליד אין ליפשיצײַטעס אויספילונג אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אין א נײַ אויסזען, א באַפרײַטע פון איבעריקע קונצן, פון אַלטמאָדישע כאַזאָנישע אינטאָנאַציעס, פון פאַלשער עקזאָטיק, וועלכע אַנדערע זינגער פּרוּוון אויסגעבן פאַר א „ספּעציפיש ייִדישער פאָלקס־מאַניר", אויסרעכענענדיק אַף ביליקן דערפאָלג. בא נעכאַמע ליפשיצײַטע ווערט די ייִדישע פאָלקסליד צוטריטלעך און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן צושויער, אומאָפּהענגיק דערפון, צי פאַרשטייט ער די שפּראַך, אַף וועלכער זי זינגט. פונדאַנען קומט דער גרויסער אינטערעס ליפשיצײַטעס מיצאַד דעם ברייטן סאָוועטישן צושויער.

אָפּט קאָן מען הערן: אַן אַלטע פאָלקסליד דאַרף מען פאַרהיטן אַזאַ ווי זי איז, לאָזן זי אומבאַרירט. דאָס ווערט געזאָגט ניט בלויז בענוגייע ייִדישע פאָלקסלידער.

מיט דעם קאָן מען ניט מאַסקים זײַן, ווײַל ס'איז אוממעגלעך, אַז אן ערנסטער קינסטלער זאָל ניט אַרײַנטראָגן זײַן אייגענע הײַנטצײַטיקע באַציִונג צו דער טעמע, וועלכע ער אינטערפּרעטירט. ס'איז קיין צווייפל ניט, אַז ליפשיצײַטע טוט דאָס באַוווּסטזיניק, זי באַטאָנט איר באַציִונג צו דער טעמע. און דאָס געפינט גלײַך אַן אָפּרוף באַם צושויער. אָט אַזוי, לעמאָשל, אין „קאַטערינאַ מאַלאַדיצאַ" אָדער אין „א כאַזן א נאַר" שטרײַכט זי אונטער דעם סאַטירישן מאָמענט, דעם אַנטיקלעריקאַלן טאָך פון די לידער, זי מאַכט כוויזעק סײַ פון דעם באַטלען, וועלכער טײַטשט אַף זײַן מעשונעדיקן אויפן אויס רוסישע ווערטער, סײַ פונעם כאַזן. און דער אוילעם לאַכט פון זיי צוזאַמען מיט דער זינגערן.

מערקווירדיק איז ליפשיצײַטעס איבערגעשטאַלטונגס־פייִקייט. אין יעדער ליד באַווײַזט זי א נײַ, אייגנאַרטיק געשטאַלט. פאַר יעדן פון די געשטאַלטן געפינט זי אירע פאַרבן און ניואַנסן. אָט שטייט אַף דער בינע אן ערנסטע, שטרענגע זינגערן, וואָס זינגט אַף אן אַקאַדעמישן אויפן א קלאַסישן ראָמאַנס, און אָט איז דאָס א לײַדנדיקע פרוי — א מוטער, א שוועסטער...

אַזאַ פייִקייט צו געפינען פאַר יעדער ליד אן אייגנאַרטיק געשטאַלט איז איינע פון ליפשיצײַטעס בעסטע מײַלעס.

צי באַטײַט דאָס אַלץ, אַז ליפשיצײַטע האָט נאָר מײַלעס און קיין איין כיסאָרן ניט?.. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ס'איז ניט אַזוי. מע קאָן אָנווײַזן, לעמאָשל, אַז אין אייניקע לידער איז בא איר דאָ צופיל טעאַטראַלישקייט, אָדער, פאַרקערט, צופיל שטימע. אין איין ליד איז צופיל פּאַטאָס, אין אן אַנדערער — צו ווייניק...

דאָס זײַנען אַלץ פּראָטים, אײַנצלהײַטן, וועגן וועלכע ס'לוינט ניט צו ריידן, ווען ס'גייט אן ערנסט געשפּרעך וועגן גרויסער קונסט.

אָבער איין פּעלער אין ליפשיצײַטעס שעפערישער טעטיקייט מוז מען באַצײַטנס אונטערשטרײַכן. ס'גייט א רייד וועגן דער טעמאַטיק. זייער ווייניק קלינגט נאָך אין איר רעפּערטואַר די הײַנטצײַטיקייט, וועלכע איז פאַרגעשטעלט נאָר מיט דער טעמע פון שאָלעם און פעלקערפרײַנטשאַפט. די טעמע פון הײַנטצײַטיקייט איז א סאַך ברייטער. עס ווילט זיך הערן אין ליפשיצײַטעס באַגאַבטער אויספילונג לידער וועגן דעם הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן מענטשן, וועגן אונדזער יוגנט, דעם דאָר, וועלכער וועט לעבן בייס דעם קאָמוניזם, וועגן די יונגע יאָטן, וואָס זײַנען אַוועקגעפאָרן אַף דער צעלינאַ. עס ווילט זיך הערן, ווי ליפשיצײַטע זינגט וועגן די געפילן פון אָט דעם נײַעם מענטשן — וועגן זײַן ליבע און פרייד, וועגן זײַנע מאַכשאָוועס און טרוימען.

ס'איז א שווערע אויפגאַבע. אַזעלכע לידער דאַרף מען נאָך שאַפן. דאָס איז דער כויוו פון די פּאָעטן און קאָמפּאָזיטאָרן. ליפשיצײַטע, א זינגערן מיט גרויסער קאָנצערט־פּראַקטיק, ווייסט, וואָס עס וויל און וואָס עס פאָדערט דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער צושויער, און זי קאָן א סאַך מיטהעלפן אין שאַפן אַזוינע לידער.

מ. נאַכימאָווסקי.

# קינסטלערישע זעלבסטטעטיקע קאָלעקטיוון


ין איינעם פון די מויערן פון ווילנער אַלט־שטאָט, אַף א גאַס, פון וועלכער עס הייבט זיך אָן פלעכטן דער לאַבירינט קרומע געסלעך, וווּ עס איז אין דער צײַט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע געווען די געטאָ, קלינגען ייִדישע לידער. צוגלײַך מיט ליטווישע, רוסישע, פּוילישע זעלבסטטעטיקײַט־קרײַזן אַרבעטן דאָ אויך ייִדישע: א דראַמאַטישער קאָלעקטיוו, א כאָר, אן אָרקעסטער און א טאַנץ־קרײַז.

מיט העכער זעקס יאָר צוריק איז דאָ געגרינדעט געוואָרן א ייִדישער זעלבסטטעטיקער קאָלעקטיוו. עס געדענקט זיך, ווי דער מוזיקער פון דער ווילניוסער פילהאַרמאָניע באָריס צעסאַרקאַ האָט אָפּגעזוכט רעזשיסערן, זינגער, דיריזשאָרן, דעקאָראַטאָרן. עס איז אַוועק א קורצע צײַט און אַרום דעם כ' צעסאַרקאַ האָט זיך שוין גרופּירט א היפּשער אַקטיוו: דער לאַנגיאָריקער אָנטיילנעמער פון דער קאַונאַסער טעאַטראַלער סטודיע מאָטל קאַנאָוויטש, דער דיפּלאָמאַנט פון דער מאָסקווער ייִדישער

טעאַטער־סטודיע הירש שאַרפשטיין, די אַקטריסע סאָרע בעקער, דער אַנטיילנעמער פון דער מינסקער יוגנטלעכער טעאַטער־סטודיע יולי קאַץ, די פאַרשטייער פונעם יינגערן דור — ריווקע דאַווידזאָן, מאַרק מאַיזעס, ריווקע סונטופ, מוישע פיאַנקאַ און אַנד. די קינסטלערישע אָנפירונג מיטן קאָלעקטיוו האָט אויף זיך גענומען דער אַרטיסט איציק דאַגים.

אָנגעהויבן האָט דער דראַמאַטישער קרייַז פון שאָלעם־אַלייכעמס „200 טויזנט“. אין די זומער־פאַרנאַכטן פלעגן אונדזערע ליבהאָבער רעגולער זיך צונויפקלייַבן און אונטער דאַגימס אָנפירונג מיט האַסמאָדע אויסכאַזערן די ווערטער, מעלאָדיעס און מוזיק. מיטן אָרקעסטער האָט אָנגעפירט כ׳ מייעראָוויטש, אויך אַ ליבהאָבער. ענדלעך, אין האַרבסט 1956 איז פאָרגעקומען די לאַנג־דערוואַרטע פּרעמיערע. דער דערפאָלג האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. דער ספּעקטאַקל איז געווען פּראַכטפול, זייַן קינסטלערישע ניוואָ — אַ הויכער. אין ווילניוס גופא איז ער אופגעפירט געוואָרן 25 מאָל בּאַ אַנשלאָגן.

אינגיכן איז געשטעלט געוואָרן אַ צווייטער ספּעקטאַקל — פּערעץ הירשביינס „די גרינע פעלדער“. דעם קאָלעקטיוו איז געלונגען איבערצוגעבן די נאַיִווקייַט און פּאַשטעס פון הירשביינס אידיליע, אָבער דער ספּעקטאַקל האָט צו בּוילעט געטראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון ליבהאָבערישקייַט, און דאָס האָט ניט באַפרידיקט די מיטגלידער פונעם קרייַז.

ווען כ׳ דאַגים איז אָפּגעפאָרן פון ווילניוס און בּעראָש פונעם קאָלעקטיוו האָט זיך געשטעלט דער רעזשיסער פונעם ווילניוסער רוסישן מעלוכע־טעאַטער עמאַנויִל לוריע, געוועזענער אַסיסטענט פון מיכאָעלסן אין מאָסקווער „גאָסעט“, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אייַנגעשפּאַרטער קאַמף פאַר באַפרייַען זיך פונעם ליבהאָבער־שטאַמפּ, פאַר דערציִען אין זיך דאָס געפיל פון אַנסאַמבלישער צוזאַמענשפּיל. דער דאָזיקער קאַמף איז באַקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג בייַס דער אַרבעט איבערן ספּעקטאַקל „פריילעכס“, וואָס איז זייער וואַרעם אופגענומען געוואָרן דורך די צושויער אין ווילניוס, קאָונאַס, ריגע.

פאַר זעקס יאָר האָט דער קאָלעקטיוו אופגעפירט שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער“, גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער“, קולבאַקס „בויטרע גאַזלען“, אַגראַנענקאָס „עס לעבט אַ פרוי אויף דער וועלט“. צו שאָלעם־אַלייכעמס הונדערטסטן געבורטסטאָג זייַנען געשטעלט געוואָרן די איינאַקטערס „מענטשן“ און „אַגענטן“.

אַ ריי מיטגלידער פונעם קאָלעקטיוו האָבן געשאַפן קינסטלערישע געשטאַלטן פון אַ באַדייַטנדיקער סצענישער ווערט. דאָס זייַנען ה. שאַרפשטיין אין דער ראָל פון שימעלע סאָראָקער („200 טויזנט“), פונעם באַדכן („פריילעכס“), הערשעלע („הערשעלע אָסטראָפּאָליער“), מאַרשאַלעק („בויטרע“); י. קאַץ אין דער ראָל פונעם באַדכן רעב בער („פריילעכס“), טעוויע („טעוויע דער מילכיקער“), קאַלמען („הערשעלע אָסטראָפּאָליער“); מ. קאַנאָוויטש אין די ראָלן פונעם שאַדכן („200 טויזנט“) און זיידל („הערשעלע“). געלונגענע שאָלעם־אַלייכעמישע פרויען־געשטאַלטן האָבן געשאַפן סאָרע בעקער און סאָרע קאַנאָוויטש. מע דאַרף אויך אָפּמערקן די דערפאָלגרייַכע שפּיל פון פ. מאַנדעל, וו. גער, ס. שטרימלינג, גאָרדאָן, בעדער, לאַס, זילבערשטיין, לעווין, קאָרבאַס, צווייזאָן, סעגאַלאָוו, נעמזער, קליין און אַנד. עס האָבן זיך באַוויזן יונגע טאַלאַנטירטע שוישפּילער. מיר וועלן אָנרופן אייניקע פון זיי: ריווקע מאַיזעס־דאַווידזאָן, זינע שאַרפשטיין, מאַרק מאַיזעס. מע דאַרף אויך זאָגן אַ וואַרעם וואָרט וועגן דעם גרימער גרינבערג, וועגן דער כ׳טע גילענבערג, וואָס באַזאָרגט די אַרטיסטן מיט די געהעריקע שוישפּילער־בעגאָדים.

פּאַראַלעל מיטן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו זייַנען אין ווילניוס זייער פּאָפּולער אויך דער יידישער כאָר (אָנפירערן ליזע בלעכעראָוויטש), די יידישע טאַנץ־גרופּע (אָנפירערן העניע ראַבינאָוויטש) און דער יידישער אָרקעסטער (אָנפירער שלוימע מייעראָוויטש).

זייער שאַרף שטייט אָבער די פראַגע וועגן רעפּערטואַר פאַרן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו. אויסער אַגראַנענקאָס פּיעסע „עס לעבט אַ פרוי אויף דער וועלט“, האָט דער קאָלעקטיוו אופגעפירט דראַמאַטישע ווערק בלויז פון דער יערושע. דער צושויער וויל זען אָבער אויך אַ הייַנטצייַטיקן ספּעקטאַקל. וועגן דעם דאַרפן געדענקען די יידישע סאָוועטישע שרייַבער.

ב. האַלפּערין, י. עפּשטיין.

• • •

דער קאָונאַסער יידישער זעלבסטעטיקייַט־קאָלעקטיוו איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט צוויי יאָר צוריק. ער האָט אופגעפירט צוויי ספּעקטאַקלען: י. גאָרדינס „מירעלע עפראָס“ און גאָלדפאַדנס „צוויי קונילעמלס“ (רעזשי פון י. בעלצער). ביידע פּיעסן זייַנען ניט איין מאָל באַוויזן געוואָרן אין קאָונאַס, ווילניוס און שאַוול.

מיט פינף כאָדאָשים צוריק איז דער יידישער זעלבסטעטיקייַט־קאָלעקטיוו אַריבער אין רעשוס פון קאָונאַסער פּראָפאַריינען־ראַט. פון דעמלט אָן איז זייַן מאַטעריעלע לאַגע געוואָרן אַ פעסטע. ער האָט, צווישן אַנדערס, באַקומען די מעגלעכקייַט אויסצוהאַלטן פיר באַצאָלטע קינסטלערישע אָנפירער — פאַר דער דראַמאַטישער גרופּע, פאַרן כאָר, אָרקעסטער און טאַנץ־אַנסאַמבל.

די לעצטע צייַט טרעט דער זעלבסטעטיקייַט־קאָלעקטיוו אַרויס מיט אַ קאָמבינירטן קאָנצערט (כאָר, אָרקעסטער, טאַנץ־אַנסאַמבל), וועלכער ווערט זייער גוט אופגענומען דורכן עולם. אינעם קאָנצערט באַטייליקן זיך אַריבער נייַנציק מענטשן. אויסער קאָונאַס איז ער באַוויזן געוואָרן צוויי מאָל אין דער ווילניוסער פילהאַרמאָניע.

די יידישע מאַסן באַזוכן מיט פרייד די ספּעקטאַקלען און דעם קאָנצערט פונעם זעלבסטעטיקייַט־קאָלעקטיוו.

ב. לאַנדאַן.



# א נײַע ביבליִאָגראפישע אויסגאבע



י „געזעלשאפט פון היסטאָריקער“ אין ייִסראָעל האָט פארעפנטלעכט א ביבליִאָגראפישע ארבעט: „ייִדישע פובליקאציעס אין סאָוועטנפארבאנד“[1].

אינעם בוך גייען ארײַן רעשימעס פון העברעיִשע אויסגאבעס, פון רוסיש־ייִדישער פעריִאָדיק („יודאִיק“) און פון ייִדישע ביכער, זשורנאלן און צײַטונגען. די ייִדישע רעשימע פארנעמט דאָס גרעסטע און וויכטיקסטע אָרט אינעם בוך, כאָטש זי גיט ווײַט ניט קיין פולע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס עס איז פאקטיש דערשינען אין ייִדיש אין סאָוועטנפארבאנד. א גאָר גרויסע צאָל ביכער איז אין איר ניט דיסקאָנטירט. אינעם פאָרוואָרט ווערט אָנגעוויזן, אז די איבערזעצונגען אין ייִדיש האָבן „א קליינעם ווערט... אויב זיי האָבן ניט קיין דירעקטע שײַכעס צו ייִדישער פראָבלעמאטיק“. אזא צוגאנג האָט געבראכט דערצו, אז עס זײַנען ניט אויסגערעכנט די ווערק פון די קלאסיקער פון מארקסיזם, פון די קלאסיקער פון דער וועלט־ליטעראטור, וועלכע זײַנען דערשינען בא אונדז אין א ייִדישער איבערזעצונג (אָן אויסנאם זײַנען די לערנביכער — זיי ווערן אָנגעוויזן אלע, סײַ די אָריגינעלע און סײַ די איבערזעצטע). ס׳ווערן אויך ניט דערמאָנט די ווערק פון דער פאררעוואָליוציִאָנערער ייִדישער ליטעראטור, אויב זיי זײַנען אין די סאָוועטישע יאָרן איבערגעדרוקט אָן ענדערונגען, אָן ספּעציִעלע ארײַנפירווערטער אדג. אזויארום פעלט דאָ א העלפט פון די פאקטיש דערשינענע אין סאָוועטנפארבאנד אין ייִדיש קינסטלערישע, געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע, טעכנישע און אנדערע אויסגאבעס (טויזנטער נעמען!).

ניט געקוקט אף אָט דעם וועזנטלעכן פעלער, איז די אויסגאבע א וויכטיקער צושטײַער צו דער ייִדישער ביבליִאָגראפיע. די איבערוועגנדיקע מערהײַט פון די ייִדישע אויסגאבעס אין סאָוועטנפארבאנד איז יערלעך באשריבן געוואָרן אין פארשיידענע סאָוועטישע ביבליִאָגראפישע אָנווײַזערס, אין זשורנאלן, זאמלונגען און ספּעציִעלע ביכער. אינעם רעצענזירטן בוך אָבער איז די ביבליִאָגראפיע פאר אלע יאָרן קאָנצענטרירט אין איין אָרט, און דאָס איז זייער וויכטיק.

די צונויפשטעלער האָבן ערנסט שטודירט די קוועלן. אף די רעגיסטערס, וועלכע זײַנען געגעבן אינעם בוך, קאָן מען זיך בעדערעך־קלאל פארלאָזן, כאָטש זיי זײַנען ניט פרײַ פון א ריי כעסרוינעס און אומפּינקטלעכקײַטן. די כעסרוינעס, וועגן וועלכע מיר וועלן ריידן ווײַטער, דערקלערן זיך טיילווײַז דערמיט, וואָס די אווטאָרן זײַנען געווען געצווונגען צו באשרײַבן א באדײַטנדיקע צאָל ביכער „פון דער צווייטער האנט“ (לויט קאטאלאָגן אאוו.), וועגן וואָס זיי ווײַזן אליין אָן אינעם פאָרוואָרט. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אף דער ייִדישער רעשימע, אף וויפל זי איז די סאמע אקטועלע.

ס׳איז ניט פארשטענדלעך, פארוואָס ווערן ניט אָנגעוויזן די טיראזשן, כאָטש אין א ביבליִאָגראפישער אויסגאבע איז עס אָבליגאטאָריש. ווי עס איז צו זען פונעם ארײַנפיר, זײַנען די צונויפשטעלער ניט געווען זיכער, צי זײַנען אלע עקזעמפּליארן שטענדיק אויספארקויפט געוואָרן. דאָס האָט אָבער, לויט אונדזער מיינונג, בעשום־אויפן ניט געקאָנט דינען אלס מאָטיוו ניט צו דיסקאָנטירן די טיראזשן, וועלכע זײַנען אָנגעוויזן אף די ביכער.

ניט שטענדיק קאָן מען מאסקים זײַן מיט די פּרינציפּן, וויִאזוי די ביכער זײַנען פאנאנדערגעטיילט לויטן אינהאלט. אזוי, לעמאָשל, זײַנען אונטער איין רובריק באשריבן די ביכער וועגן געזערד, ביראָבידזשאן, פריילינג־פארזיי, קראָליקעס־צוכט, כאזיירים־פערמעס אאוו. אף אזא אויפן זײַנען צונויפגעמישט געזעלשאפטלעכע פראגן מיט לאנדווירטשאפטלעכע, און דאָס ווידערשפּרעכט דער ביבליִאָגראפישער קלאסיפיקאציע. אין דעם אָפּטייל געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע ליטעראטור וואָלט מען באדארפט אײַנפירן אויך סוב־אָפּטיילן, קעדיי ניט מישן צוזאמען קעגנזעצלעכע פראגן.

די אווטאָרן באגלייטן די וויכטיקסטע ביכער מיט אנאָטאציעס. בא א סאך זאמלביכער גיבן זיי איבער דעם אינהאלט. פארוואָס זשע האָט מען פארפעלט אָנווײַזן דעם אינהאלט פון באל־מאכשאָוועסעס בוך „קריטיק“, פון די מינסקער „צײַטשריפטן“, „מאָסקווער וויסנשאפטלעכע יאָרביכער“ און אנד.? עס זײַנען ניט אנאָטירט אזוינע וויכטיקע אויסגאבעס, ווי „אלפארבאנדישע באראטונג פון די ייִדישע סעקציעס“, ש. אגורסקיס זאמלונג „די ייִדישע קאָמיסאריִאטן און די ייִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס“, אָ. מארגוליסעס „די ייִדישע מאסן אין קאמף קעגן זייערע אונטערדריקער“, נ. אויסלענדערס „גרונטשטריכן פון ייִדישן רעאליזם“, מ. ליטוואקאָווס „אין אומרו“, ב. 2 אאַ. פאראן אויך פאלן, ווען דער אינהאלט ווערט געגעבן ריין פאָרמעל. עס זײַנען, צום בײַשפּיל, אראָפּגעשריבן די קאפּיטלען פון מ. ליטוואקאָווס בוך „אף צוויי פראָנטן“. וואָס קאָן מען אָבער זיך דערוויסן וועגן דעם אינהאלט, ווען מע לייענט אזוינע קעפּלעך: „אָן אָריענטאציע אפן קליינבירגער“. „דער פלאָנטער פלאָנטערט זיך“, „א פארשפּילטער זעקס־און־זעכציק“ אדג.? דאָ האָבן זיך געפאָדערט קורצע דערקלערונגען.

פארן לייענער וואָלט געווען וויכטיק אָנווײַזן, אז אין אגורסקיס בוך „די רעוואָליוציִאָנערע באוועגונג אין ווײַסרוסלאנד“, אין דעם זאמלבוך „1905 אין ווײַסרוסלאנד“ און אין א. יודיצקיס זאמלונג „נאראָדאָוואָלצעס“ זײַנען פאראן מאטעריִאלן צו דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג בא ייִדן.

בא אזא בוך, ווי „די ייִדישע קינסטלערישע ליטעראטור און די פארטיי־אָנפירונג“, איז ניט אָנגעוויזן, אז דאָס זײַנען מאטעריאלן פון א באראטונג, בא א. יודיצקיס „דער וועג צו אָקטיאבער“ — אז ס׳איז א זאמלונג פון דאָקומענטן, ל. ניימאנס „קינדער פון דער ייִדישער קאָמונע“ — אז אין אים ווערט דערציילט וועגן דער באקאנטער קינדער־קאָלאָניע אין מאלאכאָווקע (לעבן

---

[1] „פרסומים יהודיים בברית־המועצות. 1917—1960. רשימות ביבליוגרפיות“. צונויפגעשטעלט פון י. י. קאָהען, בא דער מיטהילף פון מ. פּיעקאזש. ארײַנפיר־ווערטער פון י. סלוצקי און כ. שמערוק, רעדאגירט כ. שמערוק. יערושאָלאים, 1961 יאָר, 653 ז.

מאָסקווע), צום ביכל „פּרײַטיק“ (פונעם זעלבן אוו־טאָר) — אז עס רעדט זיך וועגן דעם באוווסטן קאָמו־ניסטישן טוער אָסיפּ (יוסעף) פּיאטניצקי, צו דער קינסט־לערישער זאמלונג „לעבעדיק־באגראָבענע“ — אז עס ווערט געשילדערט דער שטייגער אין די כאדאָרים און ישיוועס אאוו.

דאָס בוך „דאוויד סאסונסקי“ (ארמענישער עפּאָס) איז פארעכנט צו ש. האלקינס ווערק, כאָטש דאָס איז אן איבערזעצונג פון די דיכטער ש. האלקין און ש. ראָסין. באם בוך „צום אָנדענק פונעם כאווער מ. וואָלאָדאר־סקי“, וואָס איז לויטן נאָמען א זאמלונג מאטעריאלן וועגן מ. וואָלאָדארסקין, איז ניט דערמאָנט, אז דאָס זײַנען רעדעס פון וואָלאָדארסקין (לאָמיר באמערקן, אז דאָס איז דאָס איינציקע בוך וואָלאָדארסקיס אין א יידישער איבערזעצונג). מ. פײַנטוכס „שטילער, כאוויי־רים“ איז ניט קיין זאמלונג פון קריטישע ארטיקלען, הי די אווטאָרן ווײַזן אָן, נאָר נאָטן צו אייניקע לידער.

ווי א מיספארשטייעניש זעט אויס פאָלגנדיקע פארנאָ־טירונג: „י. נוסינאָוו. טעאָריעס. מ., צענטרפארלאג, 1926, 58 ז.“. אונדז איז אזא בוך ניט באוווסט, די מיטגלידער פון י. נוסינאָווס פאמיליע — אויך ניט. דאָס בוך איז ניטאָ אין דער רעשימע פון יידישע ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען אין 1926 יאָר (צונויפגעשטעלט מ. אײַזנשטאט, פארעפנטלעכט אינעם זשורנאל „אף די וועגן צו דער נײַער שול“, 1927, נומ. 2). דער נאָמען אליין פונעם בוך „טעאָריעס“ איז ניט פארשטענדלעך (וועלכע טע־אָריעס?).

מע דארף אָפּמערקן די גרויסע רעשימע פון ביבליאָ־גראפישע קוועלן, וועלכע די אווטאָרן האָבן זאָרגעוודיק צונויפגעשטעלט. דערמאָנענדיק די אויסגאבע „דאָס יידי־שע בוך אין פססר“, כארקאָוו, 1941, מאכן די צונויפ־שטעלער א באמערקונג: „ס'איז אָבער א סאָפעק, צי איז דאָס בוך טאקע דערשינען“. יאָ, דאָס בוך איז דער־שינען, בעלי שום סאָפעק. אָט איז זײַן פולער נאָמען: „דער יידישער בוך אין פססר. ביבליאָגראפישער אָנווײַ־זער פון ליטעראטור, וואָס איז דערשינען אין יידיש אין 1940 י. צונויפגעשטעלט ד. ל. דעכטיאר און א. א. סטאר־טשענקאָ. פאָרוואָרט פון מ. כאשטשעוואצקי. כארקאָוו, ביכער־פּאלאטע פון אוססר, 1941, 75 ז., 1.200 עקז.“

אין ייִסראָעל איז אויך דערשינען א ביבליאָגראפיש העפט „די ליטעראטור פון די יידן פון סאָוועטנפארבאנד אין די יאָרן פונעם כורבן און שפּעטער“ („ספרות יהודי ברית־המועצות בימות השואה ואחריה“. ירושלים, 1960). דאָ ווערן באשריבן ביכער און פּעריאָדישע אויסגאבעס פאר די יאָרן 1941—1948. האגאם די זעלבע רעשימע גייט ארײַן אויך אינעם רעצענזירטן בוך „פרסומים...“, דאָך דארף מען דאָס העפט ספּעציעל אָפּמערקן, ווײַל די ביבליאָגראפישע יעדיעס זײַנען דאָ געגעבן ברייטער (ס'זײַנען אויך אָנגעוויזן די טיראזשן) און די ביכער זײַנען פאנאנדערגעטיילט לויט די יאָרן.

צום שלוס וועלן מיר באמערקן, אז ניט געקוקט אף דער וויכטיקער באדײַטונג פון דער יידישער רעשימע אין דער באהאנדלטער אויסגאבע, דארף מען דאָך זאָגן, אז צוליב דעם, וואָס אין „פרסומים“ פעלן אויס טויזנ־טער ביכער און אויך צוליב אנדערע סיבעס (מעטאָדאָלאָ־גישע אא.), בלײַבט נאָך ניט געלייזט די פּראָבלעם פון געבן א פולע ביבליאָגראפיע פון אלע יידישע סאָוועטישע אויסגאבן. מיט דער צײַט וועט מען אָט די פּראָבלעם מוזן לייזן.

מ. ראָזנהויז.

# א ווײַסנשאַפטלעכע פאָרשונג וועגן ייִדיש

דער לענינגראדער מעלוכע־אוניווערסיטעט האָט ארויסגעגעבן א זאמלונג, וווּ ס'ווערן באהאנדלט גראמאטישע פראגעס פון די ראָמאנישע און גערמאנישע שפראכן[1]. אונדזער אויפמערקזאמקײַט האָט דאָ, צווישן אנדערע ארבעטן, צוגעצויגן אן אָפּהאנדלונג, וואָס איז שײַך צו דער געשיכטלעכער גראמאטיק פון ייִדיש[2].

דער אווטאָר פון אָט דער אָפּהאנדלונג מ. פרידבערג האָט פארענדיקט די אספּיראנטור אינעם לענינגראדער מעלוכע־אוניווערסיטעט אונטער דער אָנפירונג פונעם אָנ־געזעענעם סאָוועטישן לינגוויסט־גערמאניסט פּראָפעסאָר ו. מ. זשירמונסקי, וואָס ווײַזט ארויס א גרויסן אינטערעס צו די פּראָבלעמען פון ייִדיש־פאָרשונג.

אפן סמאך פון א רײַכן מאטעריאל באהאנדלט מ. פריד־בערג די פראגע וועגן די בינדווערטער אין ייִדישן זאץ אין XVI—XVIII יאָרהונדערטן.

די אָנגעוויזענע טעמע ווערט דאָ באטראכט אלס א טייל פון א ברייטער, פרינציפּיעל וויכטיקער פּראָבלעם — וועגן דער ראָליע פון די סעמיטישע און סלאווישע עלע־מענטן אין דער אויסבילדונג פון ייִדיש.

מ. פרידבערגס ארבעט איז באשטימט אויך פאר אזוינע לייענער, וועלכע באהערשן ניט די ייִדישע שפּראך און זײַנען ניט באקאנט מיט די ייִדישע לינגוויסטישע אויס־גאבעס. דער אווטאָר האָט דעריבער גוט געטאָן, וואָס ער האָט געגעבן אין זײַן אָפּהאנדלונג אן אלגעמיינע איבערזיכט פונעם אויפקום און פון דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראך. מ. פרידבערג שילדערט ריכטיק די היסטאָרישע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין דער שפּראך.

אין אייניקע פּראָטים דערווידערט מ. פרידבערג דעם דײַטשישן ייִדיש־פאָרשער פראנץ י. בעראנעקן[1]. כאראק־טעריזירנדיק די גרונט־עטאפּן אין דער געשיכטע פון ייִדיש, נוצט דער דײַטשישער געלערנטער די טערמינען „מײַרעוו־ייִדיש“ און „מיזורעך־ייִדיש“. פרידבערג האלט פאר פּאסיקער „ייִדיש־טײַטש“ און „ייִדיש“ און דער־ווײַזט, אז זיי זײַנען מער באגרינדעט אין טאָך. ניט צופע־ליק זײַנען זיי ברייט אנערקענט. זיי זײַנען ניט בלויז

[1] זע «Вопросы синтаксиса германо-романских языков».

[2] זע אין דער אָנגערופענער זאמלונג מ. ר. פריד־בערגס ארטיקל «Сложноподчиненное предложение в идиш-тайтш XVI—XVIII вв.»

[1] זע F. Beranek. Iiddisch-Deutsch. Philologie im Aufrisz, Bd. I, Auf. B, 1957.

אָנגענומען אין די יידישע לינגוויסטישע אויסגאַבעס, נאָר אויך אַרייַנגעדרונגען אינעם וויסנשאַפטלעכן פּאַרקער פון רוסיש, ענגליש, פראַנצויזיש.

נאָך אין איין פראַגע איז מ. פרידבערג ניט מאַסקים מיטן דייַטשישן פאָרשער. פראַנץ י. בעראַנעק באַטראַכט די ראָמאַנישע אַנטלייַונגען אין יידיש (ווערטער פון פראַנצויזישן, שפּאַנישן און איטאַליענישן אָפּשטאַם) אין איין ריי מיט די קאָנסטרוקטיווע גרונט־עלעמענטן פון דער יידישער שפּראַך. בעראַנעקס צוגאַנג אַנטשפּרעכט דאָ טאַקע ניט דער פאַקטישער לאַגע.

וואָס איז שייַך דער הויפּט־טעמע פון מ. פרידבערגס אַרטיקל, וועלן מיר אָפּמערקן אָט וואָס. דער אַוטאָר זוכט די סיבע, פאַרוואָס סיהאָבן זיך אייַנגעבירגערט אין יידיש גראַד די איצט פונקציאָנירנדיקע און ניט קיין אַנדערע גראַמאַטישע עלעמענטן. דערבייַ גייט ער אַרויס פון פאָלגנדיקער האַנאָכע: באַם פאַרגלייַכן יידיש מיט דייַטש דאַרף מען אין דער ערשטער ריי אין זינען האָבן ניט די דייַטשישע שריפטשפּראַך, נאָר די גערעדטע דייַטשישע דיאַלעקטן, וואָס אָף זייער באַזע איז, ווי באַקאַנט, יידיש אויפגעקומען. באַ אַזאַ צוגאַנג ווייַזט זיך אַרויס, אַז פאַקטן, וואָס זעען צוערשט אויס אַלס אומגעריכטע און אומ־פאַרשטענדלעכע, דערשייַנען אַלס פולשטענדיק געזעצ־מעסיקע. מ. פרידבערג באַווייַזט דאָס איבערצייַגנדיק.

ווי באַוווּסט, האָבן אין יידיש זיך פאַרפעסטיקט פיל בינדווערטער פון סעמיטישן אָפּשטאַם. די סיבעס דערפון זייַנען די זעלבע, וואָס האָבן ביכלאַל מיטגעווירקט, אַז יידיש זאָל אַנטהאַלטן סעמיטיזמען. דער אַוטאָר ווייַזט דאָ אָן אָף דער ראָליע פון דער רעליגיעזער בילדונג און דערציִונג. באַזונדערס שטרייַכט מ. פרידבערג אונטער די ווירקונג פונעם ראַבאַנישן געמישטן אַראַמעיִש־העברעיִש־יידישן דיאַלעקט.

דעם דאָזיקן דיאַלעקט גיט דער אַוטאָר אָן באַנאַנד מיט יידיש און העברעיִש אַלס אַ מין באַזונדערע שפּראַך און באַהויפּט, אַז מיט איר האָט זיך באַנוצט אַ היפּשע צאָל יידן אין XVI—XVIII יה. דאָס זעט אויס צו זייַן איבערגעטריבן.

אינעם אַרייַנפיר צו זייַן אַרבעט שרייַבט מ. פרידבערג, אַז די באַלויכטענע טעמע שטימט מיטן אינטערעס פון דער סאָוועטישער לינגוויסטיק צו דער פּראָבלעם פון קעגנזייַטיקע ווירקונגען צווישן שפּראַכן, פון קאָנטאַקטן צווישן זיי. געוויס איז דער דאָזיקער אינטערעס גאַנץ נאַטירלעך פאַר דער סאָוועטישער וויסנשאַפט, פאַר דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

מ. פרידבערגס אַרטיקל איז אָן אָנהייב פון אַ גרעסע־רער אויספאָרשונג. לאָמיר אים ווינטשן דערפאָלג אין דער ווייַטערדיקער אַרבעט.

מ. מייַדאַנסקי,
קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן.

---

# א שמועס מיטן לייענער



ין מאָסקווע איז הייס... דער טערמאָמע־טער האַלט באַ די דרייַסיק גראַד. נאָר דער הימל איז מייַיק־בלוי, די ביימער — העל־גרין. ס׳איז פרילינג. אָף יעדן ראָג בלומען: מיידלש־ווייַסע נאַרציסן און בונטע טולפּאַנען. אין אָט דעם שפּעט־פרילינגדיקן און עפּשער שוין אָנהייב־זומערדיקן פּוץ איז מאָסקווע באַזונדערס שיין.

אין וועסטיביול פונעם צענטראַלן הויז פון די שרייַבער איז שאָטנדיק־קיל, אַ מעכייַע. אָבער די רעדקאָלעגיע־מיטגלידער און די אַוטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאַנד", די מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע, וואָס שטייען דאָ אָף מעקאַבל־פּאָנעם זייַן די לייענער, וועלכע דאַרפן קומען הייַנט, דעם 23 מייַ, אָף דער ערשטער באַגעגעניש מיטן זשורנאַל, ווייסן דאָך, ווי עס סאַרפּעט אין דרויסן. און עס גיט טאַקע אַ טיאַכקע אין האַרצן: צי וועט ער, דער לייענער, פּויעלן באַ זיך אין אַזאַ היץ קומען, קע־דיי אַ גאַנצן אָוונט הערן דיכטונג און פּראָזע, דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן פונזייַנטוועגן צוגעגרייט?

און זעט: דער עולעם גייט און גייט. באַלד איז שוין דער גרויסער, לופטיקער זאַל פונעם שרייַבער־קלוב פול. די הויכע, ביז דער סטעליע, פענצטער זייַנען אָפן און ס׳קוקט אַרייַן דער פרי־אָוונטיקער ליכטיקער הימל, די פאַרגייענדיקע זון, עס דערטראָגט זיך אַהער דאָס אייביקע גערויש פון מאָסקווע־שטאָט.

ווער זייַנען זיי, די, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט? לייענער, טאַקע לייענער, און ניט סתם, ווי ס׳מאַכט זיך אַמאָל אָף אַן אָוונט, פּאַשעטע נייַגעריקע און דריבער, אין לעצטן סאַכאַקל, גלייַכגילטיקע מענטשן. דאָס איז, כאַזערן מיר איבער, דער לייענער, דאָס הייסט — אַ מענטש אַ פאַרינטערעסירטער. ער שרייַבט אויס, לייענט דעם זשורנאַל און וויל וויסן, ווער עס שרייַבט די לי־דער, וואָס ער האָט פאַרגעדענקט, די ראָמאַנען און דער־ציילונגען, וואָס האָבן געריִרט זייַן האַרץ.

וועט איר דאָך פרעגן, פונוואַנען שטאַמט די זיכערקייַט, אַז ס׳איז טאַקע דער, פון וועמעס־וועגן מיר אַרבעטן, וועמען מיר ווידמען אונדזער געפיל און געדאַנק? פאַראַן אַ גרונט.

יעדער מאָסקווער אַבאָנענט פון זשורנאַל האָט עטלעכע טעג פאַרן אָוונט באַקומען אַ פּערזענלעכע אייַנלאַדונג. אין מאָסקווע האָבן מיר באַ די טויזנט אַבאָנענטן. הייסט עס, אַז אין זאַל זיצט דער לייענער. דאָס איז נומער איינס. און נומער צוויי, זייַנען מיר, נאָך איידער דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן, געווען זיכער, אַז דער אַבאָ־נענט אונדזערער האָט מיט פולער ערנסטקייַט און גוט־פרייַנטלעכקייַט אויפגענומען די אייַנלאַדונג. אַ סימען האָט איר — אַ גאַנצן בינטל אַנטשולדיקונגס־בריוו, וואָס די רעדאַקציע האָט באַקומען: דער און דער כאַווער בעט אַנטשולדיקן אים, ער קאָן ניט זייַן אָף דער באַגעגעניש, ווייַל ער איז קראַנק, אָדער מאַכמעס אַן אַנדער סיבע.

וואָס האָבן מיר אין זינען געהאַט מיט דער באַגע־געניש? טאַקע דאָס — באַגעגענען זיך מיטן לייענער. נאַטיר־לעך, מיר שטייען טאָגטעגלעך אין קאָנטאַקט מיט אים. די הונדערטער און הונדערטער בריוו, וואָס די רעדאַקציע באַקומט, דערציילן אונדז וועגן די געשמאַקן און פאָדע־רונגען פון די לייענער, וועגן זייער באַציִונג צום זשור־נאַל, צו די ווערק, וואָס ווערן אין אים געדרוקט. אָבער דאָס אַליין איז פאַר אונדז ווייניק. מיר ווילן אים זען, דעם לייענער, דערפילן זייַן וואַרעמען אָטעם, דערהערן, ווי ער רעאַגירט אָף אונדזער לעבעדיק וואָרט.



אין פולגעפאקטן זאל זעען מיר הונדערטער מענטשן — א סאך גראָווע און עטוואָס באזילבערטע קעפּ. דערוף האָבן מיר, נאטירלעך, זיך גערייכט. אָבער אויך יוגנט זעען מיר, אונדזער פריילעכע האָפערדיקע יוגנט. דאָס זייַנען אַלץ מענטשן, וואָס זייַנען געקומען אהער, אזוי צו זאָגן, ווי אף אן ערנסטער ארבעט — אויסהערן דעם ספּעציעלן ראפּאָרט פון זייער זשורנאל.

ארום טיש פון פּרעזידיום זעצן זיך אויס די שרייַבער און די רעדאקציע־מיטארבעטער, מיט פרייַנטלעכע, וואַרעמע אפּלאָדיסמענטן באגעגנט זיי דער לייענער. איינער נאָכן אנדערן גייען ארוף אף דער טריבונע די דיכטער. זיי לייענען זייערע ווערק.

אין זאל איז שטיל. ס׳איז יענע אָנגעשטרענגטע שטילקייַט, ווען דעם שרייַבער דוכט זיך, אז ער רעדט צו יעדן איינעם באזונדער. און ווי מע רופט זיך עס אָפּ! פּונקט דאָרט, וווּ דער דיכטער ווייסט — אָט דאָס איז עס, זייַן אויסגעוואַרעמט און אויסגעווייטעקט וואָרט, רייַסט זיך דער זאל אויף פון אפּלאָדיסמענטן.

דער שרייַבער, די רעדאקציע רעדט מיטן לייענער... וואָס וויל אָבער זאָגן דער לייענער אונדז, דער רעדאקציע און די שרייַבער? וועגן דעם רעדט טייקעף אָפּ מיטן זאל דער פאָרזיצער פונעם אָוונט: קומט, ליבע פרייַנט, אף א ספּעציעלן, מער היימישן שמועס אין לאָקאל פון רעדאקציע. צוליב דעם צוועק ווערט אויסגעטיילט א באזונדער טאָג, ווען אף קיראָוו־גאס, 17 וועט זייַן, ווי מע זאָגט עס, א „טאָג פון אָפענע טירן”. דער זאל און דער פּרעזידיום ריידן זיך שנעל וועגן דעם צונויף — און מע „ארבעט” ווייַטער.

דער אוילעם שיקט צעטעלעך: צעטעלעך — פראגן, צעטעלעך — פאַרשלאָגן, צעטעלעך — דאנקען. באם סאָף פונעם אָוונט וועט דער פאָרזיצער ענטפערן אף אלע צעטעלעך, און דער אוילעם וועט הערן מיט נייַגער, פילבאר רעאגירן אף יעדן וואָרט.

און איצט גייען נאָך און נאָך שרייַבער ארויס אף דער טריבונע. אין זאל איז הייס, מאמעש ניט אויסצוהאלטן, עס פאָכען טיכעלעך, צייַטונגען, ווו־ניט־ווו — א פעכער.

ענדלעך ווערט דערקלערט אן איבעררייַס. ווען מע קערט זיך ווידער אום אין זאל אף פאָרזעצן דעם אָוונט, כידעשן זיך אפילע די סאמע געשווירענע אָפּטימיסטן: קיין איין מענטש איז ניט אוועק, כאָטש דער אויסגעקילטער פאַרנאכטיקער דרויסן רופט און ציט.

די באגעגעניש גייט צו ענד. דער פאָרזיצער דאנקט דעם אוילעם און שליסט דעם אָוונט. און דער אוילעם צעגייט זיך ניט. ארום יעדן שרייַבער, וואָס איז אראָפּ פון בינע אין זאל, קלייַבן זיך צונויף לייענער. יעדערער וויל וויסן, וואָס שרייַבט מען, וואָס קלייַבט מען זיך שרייַבן, און נאָך און נאָך. און צענדליקער קליינע פּרעסע־קאָנפערענצן, באגעגענישן אין מיניאטור זייַנען דאָ אָפּגעהאלטן געוואָרן, כאָטש ס׳איז שוין שפּעטע שאָ און מאָרגן איז אן ארבעטסטאָג.

אָט אזא איז זי געווען, אונדזער ערשטע באגעגעניש מיטן לייענער.

• • •

און אָט איז שוין אויך דער אָנגעזאָגטער „טאָג פון אָפענע טירן”, וואָס וועט, זעט אויס, ווערן א טראדיציע פונעם זשורנאל. דאָנערשטיק דעם 30 מייַ זייַנען אין רעדאקציע געקומען צוגאסט די לייענער. צוגאסט? ניין, זיי זייַנען געקומען ווי באלעבאטים.

מע האָט אָנגעהויבן זיך פארזאמלען אזייגער צוויי באטאָג.

באם פאראנטוואָרטלעכן סעקרעטאר פון רעדאקציע אין קאבינעט זיצט א גרופּע מענטשן. ווער זייַנען זיי? דער קונסטפאָרשער מ. נאכימאָווסקי, דער געזעלשאפטלעכער טוער ה. נאגלער, דער אלטער באָלשעוויק שלאָסבערג, דער העלד פון סאָוועטנפארבאנד, פאָלקאָחניק אין דעמיסיע, איצט אָנפירער פון א בוי־אָרגאניזאציע מ. פּייסאכאָווסקי און פיל אנדערע. מיט זיי שמועסן דער פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר, די פארוואלטערס פון די אָפּטיילן, א ריי יידישע שרייַבער — אווטאָרן פון זשורנאל. זיי ענטפערן אף אלע פראגן.

א גאנצן טאָג האָבן זיך די טירן אין רעדאקציע ניט צוגעמאכט. אין אלע צימערן איז געגאנגען א פרייַנטלעך, כאווערישן און זייער ערנסט געשפּרעך. באם געזעגענען זיך האָבן סייַ די לייענער, סייַ די שרייַבער ארויסגעזאָגט א פארלאנג: זאָל עס זייַן אן אָנהייב פון סיסטעמאטישע באגעגענישן, פון אן ענגן שעפערישן קאָנטאקט. אין א גוטער, אין א מאזלדיקער שאָ!

בליומע קאָטיק.

# כראָניק

עס איז דערשינען נ. ס. כרושטשאָווס בוך „דער הויכער באַרוף פון דער ליטעראַטור און קונסט". אין אים גייען אַרײַן ניקיטע סערגייעוויטשעס אַרויסזאָגונגען וועגן די פראַגן פון קינסטלערישער שאַפונג. דאָס הויפּט־אָרט אינעם בוך פאַרנעמען נ. ס. כרושטשאָווס אַרויסטרעטונגען אָף די באַגעגענישן פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי און סאָוועטן־רעגירונג מיט די פאַרשטייער פון דער שעפערישער אינטעליגענץ.

כּוץ דעם ווערן אינעם בוך געבראַכט נ. ס. כרושטשאָווס געדאַנקען וועגן די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אין זײַנע פאַרטראַגן אָפן XX, XXI און XXII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, זײַנע רעדעס אָפן דריטן צוזאַמענפאָר פון די שרײַבער, אָפן מיטינג אין דער סטאַניצע וועשענסקאַיאַ, אָפן אופנעם לעקאָוועד די אָנטיילנעמער פון דער טאַשקענטער קאָנפערענץ פון די שרײַבער פון די לענדער פון אַזיע און אַפריקע אאַ.

●

דער מעלוכע־פאַרלאַג פון פּאָליטישער ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבן אין אַ מאַסן־טיראַזש דעם כּי ל. פ. איליטשאָווס רעדע אָפן פּלענום פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון קפסס דעם 18 יוני 1963 „די אָרדנטלעכע אויפגאַבן פון דער אידעאָלאָגישער אַרבעט פון דער פּאַרטיי".

●

אין רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" איז געקומען צוגאַסט אַ גרויסע גרופּע דעלעגאַטנס פון ייִשׂראל אָפן אַלוועלטלעכן פרויען־קאָנגרעס. אין אַ שמועס מיט די מיטגלידער פונעם רעדאַקציע־קאָלעקטיוו האָבן די געסט דערציילט וועגן אַקטיוון קאַמף פאַר אײַנהייטן און פעסטיקן דעם שלום.

●

דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" סאָניע פּרײַ האָט זיך אומגעקערט פון אַ רײַזע קיין פאָלקס־פּוילן. אָף אַ באַגעגעניש אין רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט זי איבערגעגעבן אַ גרוס פון די ייִדישע שרײַבער פון פּוילן, דערציילט וועגן זייער לעבן און שעפערישער טעטיקייט.

●

מיט אַ וויזיט אין רעדאַקציע זײַנען געקומען די פּראָגרעסיווע שרײַבער פון ייִשׂראל אַמוס און רוט לעווין, וועמעס אַ נײַ ווערק וועט געדרוקט ווערן אין „סאָוועטיש היימלאַנד". זיי האָבן דערציילט וועגן זייערע שעפערישע פּלענער און איבערגעגעבן אַ גרוס פון די פּראָגרעסיווע שרײַבער פון ייִשׂראל.

●

אינעם פערטן נומער פונעם זשורנאַל „נאָווי מיר" איז אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג פונעם רוסישן ליטעראַטור־קריטיקער וולאַדימיר אַגניעוו וועגן שמואל האַלקינס בוך „לידער פון די לעצטע יאָרן", וואָס איז דערשינען אינעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

●

ייִדישע שרײַבער וועגן טאַראַס שעווטשענקאָן — דאָס איז די טעמע פון מ. פינקעלס אַרטיקל אינעם 5־טן נומער פונעם אוקראַיִנישן ליטעראַרישן זשורנאַל „דניפּראָ".

●

צווישן די ליטעראַרישע נײַסן, וואָס ווערן מיטגעטיילט אינעם מײַ־נומער פונעם זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא", איז פאַראַן אַן אינפאָרמאַציע וועגן דעם 90־טן געבורטסטאָג פון כאַים־נאַכמען ביאַליק.

●

אָף אַ זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פון איינעם פון די פּאָפּולערסטע סאָוועטישע זשורנאַלן „אָגאָניאָק" איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצולאָזן אין דער מאַסן־ביבליאָטעק באַם זשורנאַל אַ זאַמלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

●

אינעם וויטעבסקער ווײַסרוסישן מעלוכע־טעאַטער אָפן נאָמען פון יאַקוב קאָלאַס קומען פאָר די לעצטע רעפּעטיציעס פונעם ספּעקטאַקל „טעוויע דער מילכיקער". די פּיעסע האָבן איבערזעצט די שרײַבער וולאַדימיר קאָרבאַן און הירש רעלעס. דעקאָראַציעס האָט צוגעגרייט דער קינסטלער פ. קיפּניס, מוזיק — ל. פּולווער. די ראָל פון טעוויען שפּילט דער פאָלקס־אַרטיסט פון ווײַסרוסלאַנד אילינסקי.

●

אין מאָסקווע איז דערשינען דאָס איוריט־רוסישע ווערטערבוך, וועלכן עס האָט צונויפגעשטעלט דער באַוווסטער לינגוויסט פּראָפ. שאַפּיראָ.

דאָס ווערטערבוך (48 דרוקבויגן) שפּיגלט אָפּ די לעקסיק פון דער הײַנטצײַטיקער העברעיִשער שפּראַך. עס שליסט זיך מיט פּראָפ. בענציִען גראַנדעס אַ גראַמאַטישער איבערזיכט פון איוריט.

---

## ערע זייער אָנדענק

נאָך אַ לאַנגער קרענק איז געשטאָרבן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיקער שלום גאָרדאָן — איינער פון די פּיאָנערן אין געביט פון אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג.

שלום גאָרדאָנס גרויסע באַשיידנקייט האָט ניט פאַרשטעלט פאַר אונדז זײַן וויכטיקן בײַטראָג אין דער אויספאָרמירונג פון דעם ערשטן דאָר ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. מע קאָן זאָגן וועגן אים, אַז ער האָט פאַרקערפּערט די אייגנשאַפטן פון יענע קריטיקער, וואָס האָבן געוואָלט זען בײַ אַ שרײַבער, כּוץ דעם טאַלאַנט, אויך אַכרײַעס־געפיל, עכטע פּרינציפּיִעלקייט און גרויסע לײַדנשאַפט. אין דער רוסישער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע איז שלום גאָרדאָן געווען אַוטאָר פון אַ גרויסער צאָל אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען און נאָטיצן וועגן דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

° ° °

בײַס די סאַראַטאָווער גאַסטראָלן פונעם דראַמאַטישן ייִדישן אַנסאַמבל איז פון אַ בלוט־שטורץ פּלוצעם געשטאָרבן די אָנגעזעענע ייִדישע אַקטריסע סאָפיאַ לעשטשינסקאַיאַ — איינע פון די וועטעראַנען פון דער ייִדישער בינע.

ס. לעשטשינסקאַיאַ איז באַקאַנט געוואָרן ניט בלויז אַלס באַגאַבטע שױשפּילערן, נאָר אויך אַלס אַ טאַלאַנטפולער אָרגאַניזאַטאָר פונעם טעאַטראַלן וועזן.




# שרײַבער און ווערק

◆ דעם 15 יול 1853 איז אין זשיטאָמיר געבוירן געוואָרן דער גרויסער רוסישער שרײַבער, הומאניסט און פאָלקס־דעמאָקראט וולאדימיר גאלאקטיאָנאָוויטש קאָראָלענקאָ (1853—1921). זײַן גאנצע קינסטלערישע און



פובליציסטישע טעטיקײַט איז געווען געווענדט קעגן סאָציאַלן אומרעכט און נאציאָנאַלער אונטערדריקונג.

אין די ווערק „מאקארס כאָלעם", „דער בלינדער מוזיקאנט", „די וואונדערבארע" אא. שילדערט וו. קאָראָלענקאָ פאָלקסמענטשן, וועמען די שווערע לעבנס־באדינגונגען זײַנען ניט בעקויעך געווען צו פארדארבן. א וויכטיקע קינסטלערישע באדײַטונג און דערקענטעניש־ווערט האָט זײַן פירבענדיק אווטאָביאָגראפיש ווערק „די געשיכטע פון מײַן מיטצײַטלער" (1906—1922), וואָס דערציילט וועגן דעם אנטוויקלונגס־וועג פון דער רוסישער אינטעליגענץ סאָף XIX — אָנהייב XX יה.

וו. קאָראָלענקאָ האָט מוטיק אופגעהויבן זײַן שטים קעגן נאציאָנאלע פארפאָלגונגען אין צארישן רוסלאנד. אין 1895—1896 האָט ער פארעפנטלעכט זײַן בארימטן פאמפלעט „מולטאנער קאָרבאָנעס", ווו ער טרעט ארויס קעגן דעם פאלשן באשולדיקן די אודמורטן אין א ריטועלן מאָרד. ער האָט שארף פראָטעסטירט קעגן דעם אנטיסעמיטיזם און דער פאָגראָמען־פאָליטיק פון דער צארישער רעגירונג. אין זײַן באקאנטער דערציילונג „דאָס הויז נומ. 13" באשרײַבט ער שוידערלעכע סצענעס פונעם קעשענעווער פאָגראָם אין 1903.

דער גרויסער הומאניסט וו. קאָראָלענקאָ, וועמען לענין האָט נאָך אין 1907 כאראקטעריזירט אלס פראָגרעסיוון שרײַבער, איז איינער פון די אינטערעסאנטסטע פערזענלעכקײַטן אין דעם פאררעוואָליוציאָנערן רוסלאנד.

◆ דעם 21 יול 1898 איז געבוירן דער בארימטער אמעריקאנער שרײַבער ערנעסט העמינגוועי (1898—1961), איינער פון די אָנגעזעענסטע שרײַבער פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט. זײַן שאפן האָט געהאט א גרויסן אײַנפלוס אף דער אנטוויקלונג פון דער ליטעראטור פון אונדזער צײַט.



העמינגוועיס ווערק „די גרינע בערג פון אפריקע" (1935), „דער זאָקן און דער יאם" (1952) אא. זײַנען א הימן דער שטארקער מענטשלעכער פערזענלעכקײַט און זײַן העראָישן געראנגל מיט די סטיכייִשע נאטור־קויכעס. בארימט זײַנען זײַנע ראָמאנען קעגן מילכאָמע און פאשיזם: „א געזעגענונג מיטן וואָפן" (1929), „וועגן וועמען דער גלאָק קלינגט" (1940), „די פינפטע קאָלאָנע" (1938) אא.

ע. העמינגוועי האָט אָנטיילגענומען אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, געקעמפט אף דער זײַט פון דער רעוואָליוציאָנערער שפאניע. אין 1936, בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, האָט ער זיך געפונען אף די שלאכטפעלדער אלס אן אקטיווער קעמפער קעגן פאשיזם. די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט ער געוווינט אין קובא.

◆ 70 יאָר איז געוואָרן זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער באוווסטער יידישער שרײַבער עפראַים קאגאנאָווסקי (1893—1958). ע. קאגאנאָווסקי איז געווען א מײַסטער פון דער קורצער נאָוועלע. אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט האָט ער אין 1910 אינעם זאמלבוך „ייִדיש", וועלכן עס האָט רעדאגירט י.־ל. פערעץ. אין



זײַנע ביכער „טיר און פענצטער" (1921), „לײַב און לעבן" (1928), „פיגורן" (1937), אין דער סעריע דערציילונגען וועגן „סטאַווקע־געסל" אין ווארשע האָט ער ארויסגעפירט א גאנצע גאלעריי טיפן און געשטאלטן פון ייִדישע האָרעפאשניקעס, פורמאנעס, טרעגערס.

בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט ע. קאגאנאָווסקי זיך געראטעוועט אין סאָוועטנפארבאנד. אין זײַן ראָמאן „א שטאָט אף דער וואָלגע" באשרײַבט ער דעם פראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם און טיפן הומאניזם פון די סאָוועטישע מענטשן.

נאָך דער מילכאָמע האָט ע. קאגאנאָווסקי זיך באזעצט אין פאריזש, ווו ער האָט, צווישן אנדערס, אָנגעשריבן איינס פון זײַנע אייגנארטיקסטע ווערק: „ייִדישע שרײַבער אין דער היים", ווו ער מאָלט מײַסטעריש בילדער פון ווארשע אין דער צײַט צווישןביידע וועלט־מילכאָמעס.

◆ מיט 80 יאָר צוריק איז אין דאָרף יעלאָווקע, טשערניגאָווער גובערניע, אין דער מישפּאָכע פון אן אָרעמען ערד־ארבעטער, געבוירן געוואָרן דער אָנגעזעענער ייִדישער סאָוועטישער קולטור־טוער און פובליציסט הענעך קאזאקעוויטש.



ה. קאזאקעוויטש האָט גרויסע פארדינסטן אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער פרעסע און זשורנאליסטיק. ער איז געווען דער גרינדער און רעדאקטאָר פון א ריי טעגלעכע צײַטונגען און זשורנאלן („קאָמוניסטישע פאָן", 1919; „קאָמוניסטישער וועג", 1921; „דער שטערן", 1925; „די רויטע וועלט" אא.). אין 1918 האָט ער אין געוו. יעקאטערינאָסלאוו ארויסגעגעבן די צײַטונג „דער קעמפער", ווו עס האָט דעביוטירט מיט זײַנע ערשטע לידער פערעץ מארקיש. אין די ערשטע יאָרן נאָך

דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דעם ייִדישן אָפּטייל אין דער רוסלענדישער טעלעגראַפן־אַגענטור („ראָסטאַ"). ער האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש א ריי ביכער וועגן נאַטורוויסנשאַפט, פרידריך ענגעלסעס „אָפּשטאַם פון דער פאַמיליע" און פאַרעפנטלעכט אַן אָריגינעלע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט: „נאָמענקלאַטור פון פייגלען".

געשטאָרבן איז הענעך קאַזאַקעוויטש אין 1936 אין ביראָבידזשאַן, ווו ער האָט די לעצטע יאָרן געאַרבעט אַלס רעדאַקטאָר פון דער געגנטלעכער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן".

◆ אין 1888 איז אין זאַבלודאָווע, גראָדנער געגנט, געבוירן געוואָרן דער ליטעראַטור־פאָרשער א. ראָזנצווײַג.



א. ראָזנצווײַג געהערט צו דער פלעיאַדע ייִדישע סאָוועטישע געלערנטע, וועלכע האָבן געלייגט דעם גרונט־שטיין פון דער מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור־פאָרשונג. אין די צוואַנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן האָט ער פאַרעפנטלעכט א גרויסע צאָל אַרטיקלען אויף פעדאַגאָגישע, ליטעראַריש־קריטישע און שפּראַכלעכע טעמעס.

די וויכטיקסטע אַרבעט פון א. ראָזנצווײַג איז זײַן אויספירלעכע מאָנאָגראַפיע „דער ראַדיקאַלער פעריאָד אין פּערעצעס שאַפן" (1934). ניט געקוקט אויף אייניקע שטרײַטבאַרע אויספירן, איז עס א ווערק פון גרויסער ערודיציע, פון וויכטיקן באַטײַט.

צוזאַמען מיטן סאָוועטישן ייִדישן געלערנטן מאַקס עריק האָט ער אָנגעשריבן א בוך: „די ייִדישע ליטעראַטור אין XIX יה. (1800—1881)".

דעם 21 יאַנוואַר 1934 איז א. ראָזנצווײַג אין עלטער פון 46 יאָר טראַגיש אומגעקומען אין כאַרקאָוו פון אַן אווטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע.

◆ עס ווערט 70 יאָר זינט ס'איז געבוירן דער אַמעריקאַנער ייִדישער היסטאָריקער און ליטעראַטור־פאָרשער ד"ר י. שאַצקי (1893—1956).

י. שאַצקי איז געווען טעטיק אין פאַרשיידענע זשאַנרען: געשיכטע, ליטעראַטור־פאָרשונג, פאָלקלאָר און ביבליאָגראַפיע. דאָס „גאָלדפאַדן־בוך", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין 1926, איז א וויכטיק ווערק וועגן דעם



אופקום פון מאָדערנעם ייִדישן טעאַטער. אין אים איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט שאַצקיס באַרימטע גאָלדפאַדן־ביבליאָגראַפיע, וואָס איז ביז הײַנט צו טאָג די אויספירלעכסטע אַרבעט אויף דעם געביט. אין 1937 איז דערשינען זײַן בוך „250 יאָר ייִדישע פרעסע", ווו עס זײַנען געבראַכט ווערטפולע דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער פרעסע, אָנהייבנדיק פון דער ערשטער ייִדישער צײַטונג „פרײַטאָגישע און דינסטאָגישע קוראַנטן", וואָס איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין די יאָרן 1673—1686, ביזן יאָר 1936. אין 1946 איז אַרויס זײַן בוך „די ייִדן אין פוילן פון 1772 ביז 1914" און אין א יאָר אַרום די „געשיכטע פון די ייִדן אין וואַרשע".

איינע פון שאַצקיס באַדײַטנדיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן איז זײַן אַרײַנפיר צום בוך „יון מצולה" (יאָווייווז מעצולאָ" — „דער טיפער זומפ") פון נאָסן־נאָטע האַנאָווער, ווו ער גיט אַן אויספירלעך בילד וועגן דער לאַגע פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין דער צײַט פון דעם אויפשטאַנד פון באָגדאַן כמעלניצקי אינעם זיבעצעטן יה.. י. שאַצקי איז אויך דער אווטאָר פון דער מאָנאָגראַפיע „שפּינאָזאַ און זײַן סוויווע" (1927).

◆ דעם 17־טן יול ווערט 70 יאָר זינט עס איז געבוירן דער באַקאַנטער קינסטלער מיכאיל יאַ (1893—1960).



מ. יאַ האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דעם ייִדישן קולטור־לעבן פון לעטלאַנד. די ערשטע אויסשטעלונג פון זײַנע בילדער איז פאָרגעקומען אין 1918 און איז וואַרעם אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער קריטיק. די פּאַטעטיקע לאַנדשאַפט פון לעטלאַנד, דאָס ראָמאַנטישע און מאָנומענטאַלע פון אַלט־ריגע זײַנען די גרונט־טעמעס פון זײַן שאַפן. ער איז געווען אויך אַן אייגנאַרטיקער טעאַטער־קינסטלער און זשורנאַליסט, אווטאָר פון א מאָנאָגראַפיע וועגן דעם קינסטלער יאַ. לעוויטאַן און פון א בוך „טעאַטער־פעסימיזמען".

אין די פערציקער יאָרן האָט מ. יאַ געוווינט אין מאָסקווע, ווו ער האָט פאַרן פאַרלאַג „דער עמעס" איליוסטרירט א גרויסע צאָל ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.




דאָס ערשטע וואָרט פֿון דער סאָוועטן־מאַכט

קינסטלער נ. אָסעניעוו.



סקולפטאָר — י. טשײַקאָוו.

פאַרטיי —
דאָס זײַנען
אקסל פון מיליאָנען,
איינער אין צווייטן
געקלאַמערט, געקייטלט.
מיט איר מירן
בוויונגען
אופהייבן קאָנען,
האַלטנדיק
און שטיצנדיק איינער דעם צווייטן.

(פון וול. מאַיאַקאָווסקיס פּאָעמע „וולאַדימיר לענין“.

ייִדיש — עמ. קאַזאַקעוויטש)










מיט א קורצער צײַט צוריק איז אין טעל־אוויווער קונסט־גאלעריי פון טשעמערינסקי געעפנט געוואָרן אן אויסשטעלונג פון די בילדער פון דער פּראָגרעסיווער קינסטלערן פון ייִסראָעל רוט שלאָס. די קינסטלערן שענקט אין איר שאפונג גרויס אופמערקזאמקײַט דעם פרײַנטשאפטלעכן צוזאמענלעבן צווישן די ייִדן און אראבער אין ייִסראָעל און דעם קאמף פאר שאָלעם.

מיר ברענגען דאָ דרײַ בילדער פון רוט שלאָס.



פישער אפן טײַך קינערעט.

קינסטלער עלײַאָהו סיגראַד.

כאַיִם עטער. אווטאָפּאָרטרעט.
↓





דער דיכטער אווראָם שליאָנסקי.

קינסטלער טאדזשער.



СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Двухмесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания третий

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.

Художественный и технический редактор И. Шустер.

---

Подписано к печати 6/VII 1963 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 8(11,13). Бум. л. 4+ вкладки.

Уч.-изд. л. 13,34. Цена 50 коп. Зак. 2100

---

Московская типография № 3 «Искра рево юции» Мосгорсовнархоза

Индекс
71393

Цена 50 коп.

# советиш геймланд

·СОВЕТСКАЯ РОДИНА·